הרב פנחס הירשפרונג

# פון נאַצישען יאָמערטאָל

◆

(זכרונות פון אַ פליט)

◆

כסלו, תש״ה - - - מאָנטרעאָל

Printed in Canada

FROM THE NAZI VALE OF TEARS

*(Memoirs of a Refugee)*

By RABBI PINCHOS HIRSHPRUNG



November, 1944.
Montreal, Canada

*Printed by*
THE EAGLE PUBLISHING CO. LTD.
4075 St. Lawrence Blvd.
Montreal, P.Q.

# אַ וואָרט וועגן דעם בוך

מיט געשפּאַנטען אינטערעס האָב איך דורכגעלייענט דאָס דאָזיגע בוך אין מאַנוסקריפּט. איך האָב געהאַט דאָס געפיהל, אַז איך לייען אַ מענשליכען דאָקומענט פון גאָר הויכען ווערט. וואָס מיך האָט אַמשטאַרקסטען פאַרכאַפּט אין אָט דעם גרוס „פון נאַצישען יאַמערטאַל" איז דער דורכאויס מילדער געמיט פון דעם דערציילער. ווי פון זיך אַליין איז געקומען צו מיין געדאַנק דאָס קאַפּיטעל כ"ג פון תהלים: מזמור לדוד — אַ געזאַנג פון דוד'ן. ד' רועי לא אחסר — גאָט איז מיין פּאַסטוך, מיר וועט ניט פעלען. בנאות דשא ירביצני — אויף גראָזיגע פּיטערפּלעצער מאַכט ער מיך הויערען, ער מי מנוחות ינהלני — ביי רוהיגע וואַסערען טוט ער מיך פיהרען. נפשי ישובב — ער דערקוויקט מיין זעל, ינחני במעגלי צדק למען שמו — ער פיהרט מיך אין ריכטיגע שטעגען פון זיין נאָמען וועגען. גם כי אלך בגיא צלמות — אַפילו אַז איך געה אין טאָל פון טויט-שאָטען, לא אירא רע, — האָב איך ניט מורא פאַר בייז, כי אתה עמדי, — וואָרים דו ביזט מיט מיר, — שבטך ומשענתך — דיין רוט און דיין אָנלען, המה ינחמוני — זיי טוען מיך טרייסטען.

דעם פולען זין פון אָט די וואונדערליכע תהלים ווערטער האָב איך קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען בעסער, ווי ווען איך האָב געלייענט די מערקווירדיגע מיטטיילונגען אין אָט דעם בוך פון הרב פּנחס הירשפּרונג.

מיט אַ מחיה'דיגער תמימות דערציילט אונז דער מחבר כסדר ווי אַזוי ער האָט זיך גייסטיג אַריבערגעריסען צו „גראָזיגע פּיטערפּלעצער און רוהיגע וואַסערען", ווען פּאַקטיש האָט ער זיך געפונען „אין טאָל פון טויט-שאָטען". פּונקט דאַן, ווען די יסורים און ענויים קשים זיינען צוגעקומען צום פּונקט פון „באו מים עד נפש" האָט ער געמאַכט פּליטה צו דער וועלט פון אידישער געדאַנקליכקייט, אידישער מיסטיק, אידישער תפילה, אידישען חלום. וואָלט איך ניט געקאָנט דעם חשוב'ן יונגען רב פּערזענליך וואָלט איך געמיינט, אַז דאָס איז ליטעראַרישע פאָרמאַליסטיק אָדער גאָר קלוגע פּראָפּאַגאַנדע, אָבער קענענדיג דעם מענשען, קאָן איך ניט האָבען דעם מינדסטען ספק, אַז אַפילו די ליטעראַרישע פאַרפּוצונג איז אין הסכם מיט'ן ריינעם אמת.

הרב פּנחס הירשפּרונג איז איינער פון דער גרופּע פּליכטלינגען, וואָס איז קירצליך פאַר פּויערל האַרבאָר אָנגעקומען קיין קאַנאַדע פון שאַנכאַי, וואוהין זיי האָבען זיך געהאַט דערשלאָגען נאָך אַ לאַנגען וואָגעל-וועג לוי-

פענדיג פון נאַצי־אָקופּירטען פּוילען קיין סאָוועטענלאַנד און פון דאָרט קיין יאַפּאַן. ער צייכענט זיך אויס מיט אַ פענאָמענאַלער בקיאות אין תלמוד און אין דער רבנישער און חסידישער ליטעראַטור. ער איז אַ „גייענדיגע ענציקלאָפּעדיע". אָבער זיין גרויסע לומדות איז ביי איהם אָהן גלעקלאַך. זיין האַרציגע פּשטות איז אַ טייל פון זיין כאַראַקטער. איז עס דעריבער נים קיין „ליטעראַטור" אָט דאָס וואָס ער דערציילט אונז פון זיינע איבערלע־בונגען. ס'איז דער אמת אליין. די גאָר פיינע סטיליזאַציע, וואָס דער באַ־גאַבטער משה־ליב האָט ערטערווייז אריינגעבראַכט אין דעם דאָזיגען ווערק, האָט בלויז פאַרשעהנערט די פאָרם, אָבער גאָרניט געענדערט פון דעם, וואָס דער מחבר אַליין האָט געוואָלט אַרויסברענגען.

איך לאָז עס איבער צו די קריטיקער צו אורטיילען וועגען דער ליטע־ראַרישער זייט פון דעם בוך. איך פון מיין זייט פיהל בלויז ווי צו באַגריסען די דערשיינונג פון אָט דעם ספר, ווי אַ פיינעם מענשליכען דאָקומענט.

ישראל ראַבינאָוויטש.

# אַ פּאָר ווערטער פון התנצלות

„זכור את אשר עשה לך עמלק"
(דברים, כ"ה, י"ז)

איך וויל דאָ גלייך, אויפ'ן ערשטען ארויספּאָהר, באַמערקען אַז איך האָב קיינמאָל ניט געהאַט בדעה צו פאַרנאַטירען און צו פאַרעפענטליכען די כל'ערליי גלגולים וואָס איך האָב דורכגעמאכט אונטער דער מערדערישער בייטש פון די מאָדערנע עמלקים — די נאַצים ימ"ש!

אָבער דערשטיקען אין זיך דאָס דורכגעלעבטע, איינגאַנצען עס ארונטערשלינגען און מיט קיינעם ניט טיילען די איינדרוקען פון דעם דורכגעלעבטען — דאָס האָב איך אויך ניט געקאָנט, און ביי פאַרשידענע געלעגענהייטען, האָב איך זיך „אַראָפּגערעדט פון הארצען" פאַר פריינט און באַקאַנטע וועלכע האָבען מיך דאָ אין שטאָט מקרב געווען בסבר פנים יפות.

איינער פון די דאָזיגע פריינט מיט וועמען איך האָב געטיילט מיינע איינדרוקען — מר. ה. וואָלאָפּסקי, ארויסגעבער פון „קענעדער אדלער" און אליין דער מחבר פון עטליכע ביכער — האָט מיר פאָרגעשלאָגען צו באַשרייבען די „גלגולים פון אַ פּליט".

איך האָב איהם לכתחילה אָפּגעזאָגט אונטער'ן אויסרייד, אַז מיינע שרייבערישע פעהיגקייטען זיינען צו באַגרעניצט.

אַגב, האָבען איינינע פון מיינע ידידים, לומדים און משכילים, זיך ארויסגעזאָגט קעגען אַזוינע באַשרייבונגען; זיי האָבען געהאַלטען אַז אַזוינע באַשרייבונגען זיינען אַ מין פּחיתת הכבוד פאַר אַ רב וואָס באַדאַרף זיך אָפּגעבען מיט חדושי תורה אנשטאָט מיט „פּוסטע שרייבערייען"...

איך האָב אָבער ניט צוגעשטימט צו זייער מיינונג און, אונטער דער השפּעה פון מיין פריינט ה. וואָלאָפּסקי, בין איך מיט מיינע באַשיידענע שרייבערישע כוחות, צוגעטראָטען צו דער דאָזיגער אַרבייט, למען ידעו: זאָלען אונזערע קינדער און קינדס-קינדער וויסען און געדענקען לדורידורות וואָס די מאָדערנע עמלקים — די נאַצים — האָבען געטאָן צו זייערע אבות אין די פאַרגאַנגענע דורות, ווי אין פּסוק שטייט: „זכור את אשר עשה לך עמלק!"

האָט דאָך ר' נתן-נטע האַנאָווער ע"ה — וועלכער איז אגב אויך געווען א רב — באַשריבען די גרויזאַמע שחיטות וואָס די היידאַמאַקעס האָבען, בימי כמעלניצקי ימ"ש, דורכגעפירט אין טולטשין און אין נעמיראָוו און עד

היום הזה באַנוצען זיך היסטאָריקער און שריפטשטעלער מיט זיין ווערק „יון מצולה".

אמרתי אני בלבי אַז עס איז כלל ניט קיין פחיתת הכבוד פאַר אַ בן תורה מקיים צו זיין דעם „זכור את אשר עשה לך עמלק" דורך באַשרייבען באַטש א חלק מני אלף פון דעם וואָס, אני הגבר, האָב צוגעזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען.

* * *

ביי דער געלעגענהייט וויל איך האַרציג באַדאַנקען אַלע מיינע פריינט וועלכע האָבען ברייטהאַרציג בייגעשטייערט לטובת דעם דאָזיגען ווערק.

אַ באַזונדער יישר כח דריק איך אויס צום קאָמיטעט וואָס האָט דער־מעגליכט דאָס דערשיינען פון דעם בוך.

גרויס תשואות חן צו מיינע חשוב'ע, בלב ונפש איבערגעגעבענע פריינט, דעם פּרעזידענט פון דער „פעדעראַציע פון פוילישע אידען", ר' סנדר גרינפעלד און אויך צום וויס־פּרעזידענט מר' שלמה אמסעל, וועלכע האָבען אומערמידליך געאַרבייט לטובת דער דערשיינונג פון דעם דאָזיגען ווערק. זיי זיינען די הויפּט איניציאַטאָרען פון דער זאַך און אָהן זייער פינאַנציעלער און מאָראַלישער שטיצע וואָלט דאָס דאָזיגע בוך ניט געקאָנט קומען צו דער ליכטיגער שיין.

זאָל מיר ביי אָט דער געלעגענהייט דערלויבט זיין צו אונטערשטרייכען אַז ביידע פריינט: ר' סנדר גרינפעלד, פּרעזידענט פון דער „עדת ישורון הדרת קדש" שוהל. און ר' שלמה אמסעל, איינער פון די אָנגעזעהענסטע מיטגלידער פון דער באָארד — ביידע האָבען מיך מקרב געווען און אַרויס־געוויזען אַ פּאַטערליכע באַציהונג זינט דעם ערשטען טאָג וואָס איך האָב באַטראָטען דעם באָדען פון דער דאָזיגער שטאָט, פאַרוואָס איך דריק זיי די האַנט און בענש זיי בברכות מאליפות מקרב ולב עמוק.

אַ ספּעציעלען דאַנק קום איך צו מיינע חשוב'ע פריינט ה. וואָלאַפּסקי, צום באַוואוסטען געלערענטען שמחה פּעטרושקאַ און צום רעדאַקטאָר פון „קענעדער אדלער" ישראל ראַבינאָוויטש — סיי פאַר באַוועגען מיך צו שרייבען דאָס בוך, סיי פאַר די נוצליכע אָנווייזונגען וואָס זיי האָבען מיר געגעבען.

איך דאַנק אויך דעם „בחור הזעצער" ש. פרידמאַן פאַר דער פלייסיגער אַרבייט וואָס ער האָט אַריינגעטאָן ביים זעצען דאָס בוך.

ואחרון, אחרון חביב: דעם גרעסטען דאַנק קום איך צו מיין ידיד נאמן משה־לייב, וועלכער האָט אויף זיך פּאַקטיש גענומען שיעור ניט די גאַנצע אַרבייט פון אַרויסגעבען דאָס בוך.

איך דאַנק איהם פאַר דער באמת פיינער סטיליזאַציע וואָס ער האָט ערטערווייז אַריינגעבראַכט, פאַר לייענען די קאָרעקטור־בויגענס ובכלל פאַר דער אינטימער חבר'ישער באַציהונג וואָס ער האָט מיר אַרויסגעוויזען ביד רחבה אויף אַ שטילען, בכבוד'יגען און באַשיידענעם אופן.

ד ע ר  מ ח ב ר.

# מיין שטעטעלע דוקלא

דוקלא, מיין געבורט־שטעטעל, געפינט זיך אין גאַליציע, עס ליגט אין די קאַרפּאַטען־בערג, איינגעטונקען אין ביימער, אַרומגעהילט מיט וועלדלאַך, גערטנער און סעדער.

דוקלא איז אַ שטיל שטעטעלע, אַ פרומס, אַ גאָטספאַרכטיג שטעטעלע, וואָס באַשטעהט פון 400 פאַמיליעס: דריי הונדערט אידישע און איין הונדערט קריסט־ליכע, וועלכע האָבען זיך געלעבט בשלום.

דוקלא איז ווי אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיגער וועלט, די גאַנצע אומגעבונג: דער שטילער טייך, די אַרומיגע בערג, די בוימער, די באַרג־לופט און דער אַראָמאַט פון די בלומען, דער געשמאַקער „ריח נחוח", וואָס טראָגט זיך פון די גערטנער און סעדער — ובכלל דער אַרומיגער כישוף פּראָוואָצירען צו פרומקייט, צו שטיל־קייט, צו באַשיידענקייט, צו נחת און רוה, מנוחה און שלוה.

דוקלא מאַכט דעם איינדרוק פון אַ שטאָט וואָס פּראָוועט התבודדות.

כמעט אַלע אידען פון דוקלא באַשטעהען פון סוחרים, בכבוד'יגע באַלעבאַטישע אידען; סוחרים וואָס זענען זיך מתפרנס זה מזה, אָהן ליאַרם, אָהן גערויש, אָהן קאָנקורענץ, און אָהן דער מינדסטער אַמביציע נתעשר צו ווערען . . .

דוקלער בחורים טראָגען בערד, לערנען ביז דער חתונה, דאַוונען אין גאַרטלען און פּראָוועון מקוואות.

דוקלער מיידלאַך זענען שטילע, באַלעבאַטישע טעכטער, צניעות'דיגע קינדער, וואָס זענען דערצויגען געוואָרען אין דער „בית יעקב" שולע, וואו זיי האָבען גע־לערנט חומש, אידישע דינים און מנהגים.

דוקלא איז אפילו איינדערוואַכען אַ שבת'דיגע שטאָט, אַפּשיטא שוין אום שבת. ניט געווען אין דוקלא קיין מחלל שבת בפרהסיה, אפילו קיין „שטעטעלשער אפּיקורס" איז אויך ניט געווען אין דוקלא. אפּיקורסות און בכלל איפּכא־מסתברא'דיגקייט האָט זיך ניט אריינגעפּאַסט אין דוקלער אַטמאָספערע פון האַרמאָניע.

די אידען און די קריסטען האָבען זיך געלעבט בשלום. אַנטיסעמיטיזם איז געווען פרעמד צום פרומען גייסט פון די דוקלער קריסטען; אין יאָהר 1936 האָט די דוקלער באַפעלקערונג אויסגעוויילט אַ אידישען בירגערמייסטער, אָבער מ'האָט איהם ניט באַשטעטיגט פון די „הויכע פענסטער" . . .

דוקלא האָט זיך פאַרמאָגט איהרע אייגענע אינסטיטוציעס: אַן הכנסת אורחים, אַ תלמוד תורה וכדומה . . . אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַ „השומר הצעיר" און עס זענען אויך געווען אַ פּאָר פועלי ציוניסטען, וועלכע זענען בטל בששים געוואָרען.

די דוקלער אידען האבען זיך אויך אינטערעסירט אין וועלט־פאליטיק. זיי פלעגען לייענען דעם ווארשעווער „מאמענט״, דעם „היינט״ און דעם „טאגע־בלאט״ און כמעט אלע האבען געלייענט פוילישע צייטונגען.

* * *

שוין אין יאהר 1937 האט מען געשמועסט, אז עס קאן אויסברעכען א מלחמה צווישען דייטשלאנד און פוילען.

די מורא פאר מלחמה האט באאומרואיגט די דוקלער אידען, ראשית דערפאר ווייל דוקלא איז א סטראטעגיש־וויכטיגער מלחמה־פונקט — צוליב די קארפאטען־בערג. והשנית געפינט זיך דוקלא 14 קילאמעטער פון דעם טשעכאסלאוואקישען גרעניץ, און אין פוילען איז געווען א געזעץ, אז אויף א שטח פון 200 קילאמעטער פון דער גרעניץ זאגע טאר מען קיין הויז ניט פארקויפען צו א בירגער פון דער מינדערהייט (אידען, אוקראינער וכדומה האבען זיך גערעכענט אין דער מינדערהייט) סיידען אויף א ספעציעלער דערלויבניש פון דער וואיעוואדסטווא.

און נאך א געזעץ האט געהערשט: אז די סטאראסטווע האט א רעכט — אין פאל פון מלחמה — צו עוואקואירען די בירגער פון דער מינדערהייט פון די שטעט וואס געפינען זיך אין דער גרעניץ־זאנע. האבען דוקלער אידען מורא געהאט, אז מ׳זאל זיי חלילה ניט הייסען איינפאקען זיך אין וועג אריין . . . צי עס וועט יא אדער עס וועט ניט זיין קיין מלחמה, אבער, עד לחשבון, קען מען די אידען באפוילען: „לך לך!״

אין דער פריערדיגער וועלט־מלחמה האט דוקלע — צוליב די קארפאטען — געשפילט א וויכטיגע ראלע. דער „דוקלער פאס״ האט פארנומען דעם סאמע אויבנאן אין די שלאכטען ביי די קארפאטען־בערג, די דוקלער אידען האבען דורכגעלעבט דעם גאנצען גרויל פון יענע שלאכטען, וועלכע האבען אנגעהאלטען פאר א היבשער צייט, אידיש האב און גוטס און אידישע לעבענס זענען געווען הפקר . . .

דער גרויל פון דער פריערדיגער מלחמה איז נאך די דוקלער אידען געלעגען אין טעם און די מורא פאר א פרישער מלחמה האט שטארק באאומרואיגט די דוקלער אידען.

האבען דוקלער אידען זיך געטרייסט, אז קיין מלחמה וועט ניט זיין, אז היטלער פיהרט אן א נערוועך־מלחמה, אז היטלער איז אין דער אמת׳ן ניט גרייט פאר מלחמה, אז היטלער סטראשעט בלויז, מחמת ער וויל קאנצעסיעס און קריגען וועט ער א מכה, ניט קיין קאנצעסיעס! . . .

די קלאנגען וועגען א מלחמה־אויסברוך האבען אנגעהאלטען חדשים־לאנג און ווייל דער וואונש פון די דוקלער אידען איז געווען, אז קיין מלחמה זאל ניט אויסברעכען און דער פאקט וואס סיי די אידישע און סיי די פוילישע פרעסע איז געווען פול מיט אפשאצונגען, וואס האבען שטארק מינימיזירט די דייטשע מיליטערישע כוחות — האבען דוקלער אידען פרייער אפגעאטעמט . . .

די מלחמה קלאנגען האבען זיך טאקע ווידערהאלט, אבער זיי האבען שוין ניט געהאט דעם זעלבען עפעקט וואס פריהער, און אויב עס פלעגט אמאל, מעשה שטן, ביי א אידען דורכלויפען א מחשבה׳לע: אפשר טאקע? אפשר וועט היטלער טאקע

דורכפיהרען זיינע סטראַשונקעס ? פלעגט מען אַזאַ מחשבה זרה מבטל זיין . . . און אַז מ'איז אליין ניט געווען בכח בטל צו מאַכען אַזאַ מחשבה זרה, פלעגט מען נעמען צוהילף דעם „וועלט־שפיגעל" (אַ וועכענטליכער זשורנאַל, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אונטער דער רעדאַקציע פון דעם באַוואוסטען געלערנטען ש. פעטרושקא). אין „וועלט־שפיגעל" האָט געשריבען איינער אַ פובליציסט ווייס־באַרד, דער דאָזיגער ווייסבאַרד, אויסער דעם וואָס ער איז געווען אַ באַגאַבטער פובליציסט, האָט ער זיך אויך אַרויסגעוויזען צו זיין אַ „גענייטער עקספערט" איבער מיליטערישע ענינים . . . און ער האָט געשריבען אַפטע אַרטיקלען אין וועלכע ער האָט מיט אותות ומופתים „באַוויזען" דעם נעבעכדיגען צושטאַנד פון דער דייטשער מיליטערישער מאַשין : טאַנקען געמאַכט פון האָלץ, קוילענוואַרפער — פון בלעך, באָמבעס אנגעפילט מיט קליאַטשע אנשטאָט אויפרייס־שטאָף וכדומה . . .

אַזאַ אַרטיקעל איז געווען ווי אַ קמיע און אידען פלעגען לייענען די דאָזיגע אַרטיקלען מיט גרויס חשק און כונה, מחמת אַזאַ אַרטיקעל איז געווען אַ סגולה צו „מחשבות זרות" . . .

* * *

אַרטיקלען פון דעם מין האָבען שטאַרק אַפעלירט צום עולם, מחמת זיי האָבען באַפרידיגט אַן אַלגעמיינעם וואונש, מחמת זיי האָבען „אָפּיז'ט" אַן אַלגעמיינע מורא. אָבער אין יאָהר 1939, ווען היטלער האָט אָקופּירט דעם סודעטען־געביט און דאַנציג איז אַרויף אויף דער אַרענא — דאַמאָלט האָבען די „מלחמה־עקס־פערטען" פאַרלוירען דעם כח ההשפעה און זייערע אַרטיקלען זענען אויסגעשפּילט געוואָרען.

שוין אין חודש יולי 1939 האָט די מלחמה זיך געשפּירט אין דער לופטען. דוקלער אידען האָבען מורא געהאַט, אַז מ'זאָל זיי חלילה ניט באַפוילען, אַז זיי זאָלען עוואַקואירען די שטאָט. פיל קריסטליכע „פריינט" זענען געקומען צו היימישע אידען און האָבען זיי געראַטען בתורת עצה טובה, אַז זיי זאָלען באַ־צייטענס פאַרקויפען זייערע הייזער, ווייל זיי וועלען במילא מוזען פאַרלאָזען די שטאָט . . .

דעם 5־טען יולי, 1939, איז געקומען אַ שליח פון דער סטאַראָסטווע צו דער קהלה און האָט געלאָזט וויסען, אַז היות דוקלאַ איז בלויז 14 קילאָמעטער פון דער סלאָוואַקישער גרעניץ און עס קאָן זיין, אַז די דייטשען זאָלען מאַכען די אָפענסיווע אין דער ריכטונג פון די קאַרפּאַטען, בכן האָבען די מיליטערישע אויטאָריטעטען באַשלאָסען אריינצושיקען מיליטער קיין דוקלאַ און אומגעגענט. על כן ווערט די אידישע באַפעלקערונג געבעטען אויפצונעמען די סאָלדאַטען בסבר פנים יפות, און ביז עס וועלען אויסגעבויעט ווערען קאַזאַרמעס, זאָלען דערווייל די אידען אויפנעמען סאָלדאַטען אין די הייזער.

די דאָזיגע ידיעה האָט ביי די דוקלער אידען אַרויסגערופען אי שרעק, אי צופרידענהייט : שרעק, ווייל זיי האָבען זיך איבערצייגט, אַז די מלחמה איז אומפאַרמיידליך און צופרידענהייט, ווייל די מורא פאַר עוואַקואַציע איז אַוועק, אידען ווערען ניט געבעטען צו פאַרלאָזען די היימען, נאָר אדרבא : צו בלייבען

אויף די ערטער און צייטווייליג אָפּגעבען אַ פּלאַץ אין הויז פאַר סאָלדאַטען.

דאָס מיליטער איז געקומען, אידען זענען אַרויס אויף די גאַסען, אויפגענומען דאָס מיליטער מיט בלומען. טייל סאָלדאַטען האָבען העפליך באַדאַנקט פאַר דער אויפנאַמע, בעת אַנדערע האָבען חוזק געמאַכט, זיך אויסגעלאַכט פון דעם „זשידאָווסקען פּאַטריאָטיזם" . . .

די אַרמיי האָט מיט זיך מיטגעפיהרט 6 טאַנקען. דוקלער איינוואוינער זענען געווען בייגעריג צו באַטראַכטען די טאַנקען. די טאַנקיסטען זיינען געווען גערן צו דעמאָנסטרירען די טאַנקען, אָבער אַז עס זענען צוגעקומען אַ פּאָר אידען צו די טאַנקען, האָבען די זעלנער מיט חוצפּה זיי צוריקגעשטופּט:

„טאַ ניע דליאַ וואַס!" „דאָס איז ניט פאַר אייך!"

נאַטירליך, אַז אַזאַ באַנעמונג צו אידען מצד געוויסע טיילען פון דער פּוילישער אַרמיי אין אַ צייט ווען דאָס לאַנד נויטיגט זיך אין נאַציאָנאַלער אייניגקייט האָט אַרויסגערופען מורא און פּאַרדרוס ביי אידען, אָבער אידען האָבען פאַרקוקט אַזוינע „קליינינקייטען", און סאָלדאַטען, אָפיצירען און אַנדערע מיליטערישע באַאַמטע זענען אויפגענומען געוואָרען אין אידישע הייזער מיט העפליכער ברייטהאַרציגקייט.

אין אייניגע טעג אַרום איז מיר אויסגעקומען צו פאָהרען פון קראָסנאָ קיין דוקלאַ. געפאָהרען בין איך אין אן אויטאָ. אין דעם זעלבען אויטאָ זענען אויך געפאָהרען 2 פּאָלקאָווניקעס און אַ גענעראַל. די פּאָלקאָווניקעס האָבען זיך געלאָזט וואוילגעהן אויף מיין חשבון, אָפּגע'חוזק'ט פון מיר, פון מיין האַלטונג וכדומה . . . דער גענעראַל האָט זיי דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט. די פּאָל־קאָווניקעס האָבען אויפגעגעבען זייער וואוילויונגערישקייט און פאַרפיהרט אַ גע־שפּרעך איבער די בערג און איבער דער אַלגעמיינער שעהנקייט פון דער אַרומיגער נאַטור.

— זעהסט אַט די בערג — רופט זיך אָפּ צו מיר איינער פון די פּאָלקאָווניקעס

— אַדאָלף וויל האָבען די בערג! . . . אָבער ער וועט זיי ניט האָבען! . . . ביי אַט די בערג וועט ער האָבען אַ מפּלה! . . .

רופט זיך אָפּ דער גענעראַל: „איך וועל דיר דערציילען אַן אַנעקדאָט וועגען היטלער'ן:

„היטלער איז געקומען צו אַ שניידער קיין עסטרייך און האָט זיך באַשטעלט אַן אַנצוג. האָט דער שניידער געזאָגט צו היטלער'ן:

— הייל היטלער! איך קאָן פאַר אייך קיין אַנצוג ניט מאַכען. ווייל דער שטאָף וואָס איהר האָט געבראַכט קלעקט ניט אויף אַן אַנצוג פאַר אייך.

— פאַרוואָס קלעקט ניט? — האָט היטלער געפרעגט.

— ווייל איהר, הער היטלער, זענט צו גרויס — האָט דער שניידער געענטפערט.

„איז היטלער אַוועק קיין טשעכאָסלאָוואַקיע זיך באַשטעלען אַן אַנצוג, האָט ער פון דעם טשעכאָסלאָוואַקישען שניידער געקראָגען דעם זעלבען ענטפער . . .

„איז היטלער אַוועק קיין פּוילען זיך באַשטעלען אַן אַנצוג, האָט דער פּויל־שער שניידער איהם געענטפערט:

„הער היטלער! איהר האָט געבראַכט צופיל סחורה פאַר אַן אַנצוג".

„האָט זיך היטלער געוואונדערט און האָט דערציילט דעם שניידער, אַז אין עסטרייך און אויך אין טשעכאסלאוואקיע האָבען די שניידער זיך באַקלאָגט, אַז די סחורה קלעקט ניט, מחמת ער איז צו גרויס . . .

„האָט דער פוילישער שניידער געענטפערט היטלער׳ן:

„אויב אין עסטרייך און אין טשעכאָסלאָוואַקיע זענט איהר צו גרויס, זענט איהר אָבער אין פוילען צו קליין!״ . . .

אָפגעפאַרטיגט זיך מיט׳ן אַנעקדאָט האָט דער גענעראַל געגומען ריהמען פוילען׳ס מיליטערישע מעכטיגקייט, די מאָראַל פון דער פוילישער אַרמיי און דעם פאַטריאָטיזם פון פוילישען פאָלק. דערביי האָט ער געמאַכט אַ סך־הכל פון דייטשלאַנד׳ס מיליטערישע כוחות אין פאַרגלייך מיט די פוילישע כוחות און לויט זיין סך־הכל איז אויסגעקומען, אַז היטלער שלאָגט זיך אַן מיט׳ן קאָפּ אין אַן אייזערנער וואַנט! . . .

אונטערגעצויגען דעם סך־הכל האָט זיך דער גענעראַל צופרעגט אויף דעם שטעטעל דוקלאַ. איך האָב איהם געגוי אינפאָרמירט וועגען אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט וויסען. אונזער געשפּרעך איז געווען אין אַ זעהר העפליכען טאָן און האָט אָנגעהאַלטען דעם גאַנצען וועג ביז מיר זענען אריינגעפאָהרען קיין דוקלאַ. אין דוקלאַ האָבען מיר זיך זעהר העפליך געזעגענט.

וויסענדיג, אַז דאָס רוב באַאַמטע פון דער פוילישער אַרמיי זענען אַנטי־סעמיטיש אַנגעהויכט, האָט מיך די העפליכקייט פון דעם גענעראַל שטאַרק גע׳חידוש׳ט און איך האָב דאָס איבערגערעדט פאַר די אידען פון דוקלאַ.

די דוקלער אידען, אַנגעשראָקען פון דער זעהר ניט העפליכער באַנעהמונג וואָס דאָס רוב פוילישע סאָלדאַטען האָבען אַרויסגעוויזען צו דער דאָרטיגער באַפעלקערונג, האָבען געזעהן אין דער העפליכקייט פון דעם גענעראַל אַ סימן, אַז די העכערע אַרמיי שיכטען זענען פריי פון דער אַנטיסעמיטישער מחלה און עס האָט זיי הנאה געטאָן . . .

אין דוקלאַ פלעגען די סאָלדאַטען זיך פאַרטשעפּען אין די וואָענטען מיט אידישע פאַרבייגעהער; דעם „עירוב״ האָבען זיי איבערגעריסען אונטער׳ן אויסרייד, אַז די דראָטען פאַרבינדען די דוקלער אידען מיט אויסלאַנד . . .

אין שטאָט האָט געהערשט אַ מורא׳דיגע פּאַניק און אידען האָבען געזוכט אַן אויסוועג צו דער לאַגע.

ויהי היום און עס איז אַנגעקומען אין דער קהלה אריין אַ בריוו פון דעם גענעראַל. אין דעם בריוו לאָזט דער גענעראַל וויסען, אַז היות ער האָט „אָפּגע־שטאַטעט אַ באַזוך״ צום גלח, האַלט ער פאַר אַ חוב צו באַזוכען אויך דעם רב, בכן זאָל די קהלה זיך פאַרשטענדיגען מיט׳ן רב פאַר אַן אויפנאַמע.

די קהלה פאַרשטעהער האָבען גלייך מודיע געווען דעם רב וועגען דעם באַזוך וואָס דער גענעראַל האָט בדעה צו מאַכען, און דער רב, אַ איד אַ זקן, אַ צדיק וגאון, איינער פון די גרעסטע רבנ׳ישע פערזענליכקייטען אין פוילען, האָט אין אַ באַשטימטען טאָג אויפגענומען דעם גענעראַל מיט צוויי פּאָלקאָווניקעס ביי זיך אין בית־דין שטיבעל.

הרב ר' דוד צבי זעהמאַן שליט"א (מיין זיידע) איז אַ קנאַפּער קענער פון דער פוילישער שפראַך, האָט ער מיך געלאַדען צו זיך אַלס איבערזעצער.

סיי דער גענעראַל, סיי די פּאַלקאָווניקעס האָבען מיך דערקענט. דער זיידע מיינער, דער רב, האָט ביי זיי שטאַרק אויסגענומען מיט זיין פּאַטריאַרכאַלישען אויסזעהן, מיט זיינע צוויי גרויסע טיף־פאַרטרוימטע אויגען און בכלל מיט זיין באַנעהמונג.

דער זיידע האָט אין נאָמען פון דעם דוקלער אידענטום אויסגעדריקט לאָיאַליטעט צו דער פוילישער מלוכה און צום פּרעזידענט און ער האָט מיט זיי אין אַ זעהר פריינדליכען טאָן דיסקוטירט פאַרשיידענע ענינים.

עס איז געווען צו מערקען, אַז סיי דער גענעראַל, סיי די פּאַלקאָווניקעס זענען צופרידען פון דעם באַזוך. זיי האָבען אַרויסגעוויזען גרויס דרך ארץ און יראת הכבוד צום זיידען, און דער זיידע האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט און האָט זיך באַקלאָגט אויף דער אויפפיהרונג פון דעם מיליטער, ער האָט אויפגעוויזען, אַז דער עירוב דינט פאַר רעליגיעזע צוועקען און ניט פאַר פאַרבינדונגען מיט אויסלאַנד.

דער גענעראַל איז געווען געריהרט פון דעם זיידענ'ס רייד און האָט פאַרשפּראָכען צו דערליידיגען דעם ענין אויף אַ צופרידענשטעלענדען אופן.

אַז דער זיידע האָט געזעהן דאָס דער גענעראַל לאָזט זיך רעדען, האָט ער איהם אויך דערציילט וועגען די טאַנקיסטען וואָס האָבען צוריקגעשטויסען אידען, וועלכע זענען געקומען באַטראַכטען די טאַנקען. דער גענעראַל האָט אויסגעדריקט באַדויערען אויף דעם אינצידענט און עס איז געווען צו מערקען אויפ'ן גענעראַל'ס פנים, אַז ער מיינט עס גאַנץ אויפריכטיג.

זייט דעם גענעראַל'ס באַזוך ביים זיידען האָט זיך די לאַגע געענדערט צום גוטען: די סאָלדאַטען האָבען זיך מעהר ניט פאַרטשעפּעט מיט קיין אידען און דעם עירוב האָט מען צוריק אויפגעשטעלט ווי געווען.

# פוילען ערב דער מלחמה

אין געציילטע טעג אַרום האָט קיין דוקלאַ אַריינגעשטראָמט אַ פרישע אַרמיי, אויסגעשטאַט מיט אַלע מאָדערנע מלחמה מכשירים. פאַר די איינוואוינער פון שטאָדט איז די נייע, ניט דערוואַרטעטע אַרמיי, געווען אַ סורפריז, אידען האָבען אָנגעהויבען אַרויסווייזען סמנים פון נערוועזיטעט...

און בכדי צו אונטערדריקען די דאָזיגע נערוועזיטעט האָבען זיך אידען אָנגעהויבען צו טרייסטען איינע די אַנדערע:

„ניטאָ וואָס צו נעמען אויף זיך אומזיסטע זאָרג — האָט איין איד געטרייסט דעם צווייטען — עס איז ניט מעהר ווי מאַנעווערס".

„מאַנעווערס!", האָט דער צווייטער איד פרייער אָפּגעאָטעמט...

אויפ'ן צווייטען טאָג האָט אַריינגעמאַרשירט אין שטאָדט אַריין אַ נייע אַרמיי און אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס, האָט די שטאָדט געהאַלטען אין פאַרפלייצט ווערען פון נייע, פריש אָנקומענדיגע אַרמייען, וועלכע האָבען אָנגעוואָרפען אַ פחד אויף די איינוואוינער פון שטאָדט, אָבער אידען האָבען בשום אופן ניט געוואָלט שלום מאַכען מיט'ן געדאַנק אַז עס איז ערב־מלחמה, כאָטש דער דאָזיגער געדאַנק האָט זיי געעגבערט די מוחות מיט אויגענשיינליכע סימנים.

איך געדענק ווי איינער אַ איד האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און האָט געזאָגט צו אַ גרופע אידען:

„דאָס דאָזיגע מיליטער איז ניט געקומען אַהער פאַר מאַנעווערס!"...

האָט די גרופע אידען איהם באַטראַכט ווי אַ גזלן; איינִיגע פון דער גרופע האָבען אַפּילו צוגעשטימט צו זיין השערה, אָבער זיי האָבען, פונדעסטוועגען, געהאַלטען אַז „אַזוינע ווערטער טאָר אַ איד ניט אַרויסלאָזען פון מויל..."

„אידען, לאָמיר זיך ניט נאַרען — האָט דער מוטיגער איד איינגע'טענה'ט מיט די איבעריגע אידען — עס איז ערב־מלחמה, די מלחמה הענגט אין דער לופטען!..."

„אל תפתח פה לשטן!" האָט אַ צווייטער איד איהם אָפּגעענטפערט.

„בייסט אייך אָפּ די צונג!", האָט זיך אַ דריטער אָפּגערופען.

„זיי זענען געקומען פאַר „פאַרבאַרייטונגען" — האָט זיך אַריינגעמישט אַ פערטער איד, און דער איד האָט געגעבען צו פאַרשטעהן דעם ענין „פאַרבערייטונגען":

„טשעמבערליין זאָגט, אַז ווען עס איז אַפּילו שעהן אין דרויסען מוז מען אויך האָבען מיט זיך אַ שירעם"...

די אידען האָבען פרייער אָפּגעאָטעמט אָבער באַטראַכטען די אַרמייען ווי אַ שירעם צו אַ שיינעם אינדרויסען — דאָס האָט קיינער פון זיי ניט געקאָנט... קיינער האָט דאָס ניט געקאָנט, מחמת דער אינדרויסען איז לעצטענס פאַר די אידען פון פוילען ניט געווען קיין שעהנער.

דאס פוילישע אידענטום איז געווען גייסטיג צוריסען און עקאנאמיש רואי־נירט, אידישע געשעפטען האבען געפוסטעוועט, די פוילישע באפעלקערונג האט באיקאטירט די אידישע געשעפטען, סוחרים זענען ארומגעגאנגען פוסט און פאס, במילא האבען שוין די מעקלערס און אנדערע מינים לופט־מענשען ניט געהאט וואס צו טאן און אידען זענען געווען דערשלאגען און פארצווייפעלט.

בכלל האט דאס לאנד דורכגעמאכט אן עקאנאמישען קריזיס און די רעגירונג האט אפען און באהאלטען געזוכט אפצווענדען דעם צארען פון דער פוילישער באַ־פעלקערונג אויף די מינדערהייטען בכלל און אויף אידען בפרט.

די רעגירונג האט געמאכט די אידען פאר'ן שעיר לעזאזל און חדשים לבקרים: אלע טאג האט זי ארויסגעגעבען נייע גזירות קשות קעגען אידען און אט די גזירות האבען דעמאראליזירט די אידען, סוחרים האבען אויפגעהערט צו דעקען זייערע חובות און דער קרעדיט האט זיך אפגעשטעלט.

און אידען אפטימיסטען האבען אפילו אין די גזירות רעות געזעהן סימנים לטובה: סימנים — אז עס האלט ניט ביי קיין מלחמה, ווייל ווען עס וואלט געהאלטען ביי מלחמה, וואלט דאך די רעגירונג געוויס ניט אינזינען געהאט קיין אידען... אדרבא, די רעגירונג וואלט ארויסגעוויזען א טענדענץ צו פאראייניגען ס'פאלק פאר דער פארטיידיגונג פון לאנד... אזוי האבען פארשטאנען פשוטע אידען, אבער ווי אזוי האט רעאגירט די רעגירונג אויף דער מעגליכקייט פון א מלחמה אויסברוך?

די רעגירונג האט געגרינדעט אן „אבראנא נאראדאווא" (א מין פאלקס־מי־ליץ) פאר דער פארטיידיגונג פון לאנד אין פאל פון מלחמה.

אין דער „אבראנא נאראדאווא" האבען וואלונטירט עלטערע מענשען, וועטע־ראנען וואס האבען געקעמפט אין דער פריהערדיגער וועלט־מלחמה, און די דאזיגע וואלונטירען האבען געמוזט זיין ריינע פולבלוטיגע פאליאקען.

אידען, אוקראינער, וכדומה אנדערע מינדערהייטען, וואס האבען אנטיילגע־נומען אין דעם לעצטען קריג, האבען זיך געוואלט אנשליסען אין דער „אבראנא", האט מען זיי צוריקגעוויזען זייערע אפליקאציעס.

און די „אבראנא נאראדאווא" האט „פארטיידיגט" דאס לאנד, נאך איידער דער שונא האט באטראטען דעם פוילישען באדען. דער ערשטער צו געניסען פון דער דאזיגער „פארטיידיגונג" איז געווען אן ארימער אידישער פעדלער, וועלכער האט געפעדעלט אין די דערפער.

די „אבראנא נאראדנאווא" האט איהם אנגעגעגענט לעבען גראליץ, א שטעטעל ניט ווייט פון סאנדז און האט איהם אזוי לאנג געשלאגען ביז ער איז פון זייערע קלעפ געשטארבען. דאס איז געווען דער ערשטער „זיג" וואס די ,אבראנא" האט אפגעהאלטען איבער'ן ,שונא"...

און וועגען אט דעם „זיג" פון דער „אבראנא" האט דר. זאמערשטיין געמאכט אן אינטערפעלאציע אין פוילישען סיים און די פוילישע פארלאמענטאריער האבען פארטיידיגט די עהרע פון דער „אבראנא": זיי האבען אויפגעוויזען, אז בעת די בראווע, אבראנצעס האבען דער'הרג'עט דעם פעדלער, זענען זיי געווען שכור... זייט דאן איז אויסטיילען קלעפ צו אומשולדיגע אידען געווארען אן אקט פון פאט־

ריאַטיזם: ניכטערע פּאַטריאַטען האָבען געשלאָגען זייערע קרבנות מיט „חסד״ און מיט „רחמים״ אַזוי אַז דער קרבן האָט נאָך די קלעפּ געשוועבט צווישען לעבען און טויט, בעת שכור׳ע פּאַטריאָטען האָבען אויסגעטיילט קלעפּ עד למיתה...

די פּאַטריאָטישע מצוה פון אויסטיילען קלעפּ צו אידען האָבען אויך די סטו־דענטען פון די אוניווערזיטעטען מקיים געווען. ניכטערע סטודענטען האָבען גע־געבען „ניכטערע״ קלעפּ, בעת שכור׳ע סטודענטען האָבען דערלאַנגט „שכור׳ע״ קלעפּ...

אין יאָהר 1938 האָט מען אין לעמבערגער אוניווערזיטעט דער׳הרג׳עט צוויי אידישע סטודענטען, באַדאַרף מען פאַרשטעהן אַז די דער׳הרג׳עטע סטודענטען זענען געווען קרבנות פון „שכור׳ע״ קלעפּ.

דער חשוב׳ער דר. זאַמערשטיין האָט הפנים גאַרניט געלערנט פון דעם טרוי־עריגען פאַל מיט׳ן פעדלער, פאַר וועלכען ער האָט אינטערפּעלירט אין פּוילישען היים. איך דרינג עס דערפון וואָס נאָך דעם „אינצידענט״ מיט די צוויי אידישע סטודענטען פון לעמבערגער אוניווערזיטעט, האָט דער חשוב׳ער דאָקטאָר געהאַל־טען אַ דרשה פאַר די פּוילישע פּאַרלאַמענטאַריער אין וועלכער ער האָט, צווישען אַנדערעס געזאָגט:

„...אַמאָל, אַז מ׳האָט געזעהן אַ סטודענטיש היטעל, האָט עס אַרויסגערופען דרך ארץ, ווייל מ׳האָט געוואוסט, אַז דער טרעגער פון דעם היטעל איז אַ מענש וואָס ווידמעט זיך צו וויסענשאַפט, בעת היינט־צו־טאָג אַז מ׳זעהט אַ סטודענטיש היטעל רופט עס אַרויס שרעק, ווייל מ׳ווייסט אַז דער טרעגער פון דעם היטעל איז אַ שליח פון מלאך המות!...״

דערהערט אַזוינע דבורים, האָט דער סיים־מאַרשאַלעק גערופען דעם חשוב׳ען דאָקטאָר צו אָרדנונג און האָט איהם אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ער האָט באַליידיגט די פּוילישע שטודירענדיגע יוגענט — די צוקונפטיגע פּוילישע פיהרער!...

פאַר אידישע סטודענטען איז שווער געווען צו שטודירען אין די פּוילישע או־ניווערזיטעטען. זעהר אַ קליינעם פּראָצענט אידישע סטודענטען איז געלונגען אריינצוטרעטען אין אוניווערזיטעט, און דאָס הייפעלע סטודענטען וואָס האָבן שוין געהאַט די גרויסע זכיה צו שטודירן אין אוניווערזיטעט — האָבען געהאַט גרויסע צרות אויסצושטעהן פון זייערע קריסטליכע חברים.

די קריסטליכע סטודענטען האָבען ניט געוואָלט זיצען מיט די אידישע סטודענ־טען אויף איינע און די זעלבע בענק, האָבען זיי געשאַפען אַ מין „געטאָ״ פאַר אידען: אידישע סטודענטען האָבען באַדאַרפט זיצן לינקס, האָבן זיי באַשלאָסען בעסער צו שטעהן אויף די פיס איידער זיך צו אונטערוואַרפען דעם קאַפּריז פון זייערע קריסטליכע חברים.

די „אַבראַנאַ נאַראַדאָוואַ״ פון איין זייט, די שטודירענדיגע פּוילישע יוגענט פון דער צווייטער זייט; דאָס געהעצטע „פאָלק״ פון דער דריטער זייט און די רעגי־רונג בראש פלוס דעם אַלגעמיינעם קריזיס מיט דער שרעק פאַר מלחמה אַלס צוגאָב — אָט די אַלע פאַקטאָרען האָבען ביי אַ סך אידען אַרויסגערופען אַ חשק צו עמי־גרירען, לויפען וואוהין די אויגען וועלען טראָגען!...

און אַז אידען זאָלען פאַרלאָזען דאָס לאַנד — קעגען דעם, זעהט איהר, האָט

די רעגירונג גאָרניט געהאַט אויסצוזעצן, אדרבא ואדרבא!...

זאָלען די פאַרשאָלטענע אידען זיך פאַרנעמען פון לאַנד, וועט די רעגירונג ערשטענס פּטור ווערען פון אַן אומגעווינשטען עלעמענט, והשנית וועט אַט דער אומגעווינשטער עלעמענט, פאַרלאָזענדיג דאָס לאַנד, איבערלאָזען „ירושה״... זיי וועלען לויט׳ן „דעוויזען פאַרבאָט״ ניט טאָרען אַרויספירען פון לאַנד זייער קאַפּי־טאַל...

די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי האָט דעמאָלט דערמוטיגט עמיגראַציע קיין ארץ ישראל. אין דער אַלגעמיינער אידישער צרה, האָט די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי געזעהן פאַר זיך אַ פּאָליטישע הרחבה... אַ מין „בצר הרחבת לי״.

אגב זענען אויף אַט דעם פּונקט „עמיגראַציע״ כמעט אַלע געווען איינשטימיג: די רעגירונג, די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי און אויך די עמיגראַנטען, אַזוי אַרום איז דער ענין „עמיגראַציע״ געוואָרען שטאַרק פּאָפּולער, כמעט דאָס גאַנצע פּוילישע אידענטום איז באַהערשט געוואָרען פון איין גרויסען פאַרלאַנג — עמיגרירען!

אויך איך בין אָנגעשטעקט געוואָרען מיט עמיגראַציע ספּאַזמען, איך האָב באַ־שלאָסען צו פאָרען קיין ארץ ישראל.

מיינע עלטערען און אויך מיינע מדריכים האָבען אין מיר, פון מיין פריהסטער יוגענט אָן, אַנטוויקעלט אַ סענטימענט פאַר׳ן לאַנד פון די אבות און אויב אַנדערע האָבען געוואָלט פאָרען קיין ארץ ישראל ניט אַזוי משום אהבת ארץ ישראל ווי משום שנאת פּוילען צו אידען — האָב איך געוואָלט, פאַרקערט, פאָהרען קיין ארץ ישראל מעהר משום אהבת ארץ ישראל ווי משום שנאת פּוילען.

אָבער דאָס פאָהרען קיין ארץ ישראל איז געווען פאַרבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען, ווי די חז״ל זאָגען: „ארץ ישראל נקנית על ידי יסורים״ (ברכות ה׳) ערשטענס האָט מען באַדאַרפט קריגען אַ סערטיפיקאַט און די סערטיפיקאַטען זענען אַרויסגעגעבען געוואָרען אין אַ זעהר באַגרעניצטער צאָהל, והשנית האָט מען באַ־דאַרפט דורכגעהן אַן „הכשרה״, והשלישית האָט מען באַדאַרפט „שמירען״ דעם פּאַלעסטינער אַמט ווי אין פּסוק שטעהט: „אַז מען שְמירט פאָרט מען״... און דאָס אַלץ האָט גענומען צייט און די נערוועז זענען געווען אָנגעשטרענגט און צו־רודערט, דער מוט איז געווען געבראָכען און דער גייסט — געפאַלען און ועל כלם איז די עמיגראַציע געווען אַן אומלעגאַלע... די רעוויזיאָניסטען האָבען, מיט דער אומאָפיציעלער הסכמה פון דער פּוילישער רעגירונג, אָרגאַניזירט אַן „אומלעגאַלע עליה״ קיין ארץ ישראל דהיינו: די פּוילישע רעגירונג האָט זיך פאַרשטענדיגט מיט דער רומענישער רעגירונג אַז זי זאָל אַריינלאָזען איהרע עמיגראַנטען בתנאי אַז זיי זאָלען פון קאָנסטאַנצא זיך דורכשמוגלען קיין ארץ ישראל.

איך בין אָפּגעפאָרען פון דוקלאַ קיין לעמבערג וואו איך האָב זעהר פיל פריינד רעוויזיאָניסטען, האָב זיך מיט זיי פאַרשטענדיגט וועגען דער נסיעה, האָב איינ־געצאָלט 100 זלאָטעס און האָב געקראָגען די פאַרזיכערונג אַז דער ענין וועט ווי אַמגיכסטען דערליידיגט ווערען.

מיד און אויסגעשעפּט פון אַט די אַלע השתדלות׳ן און אַלגעמיינע איבערלע־בונגען האָב איך באַשלאָסען דערוויילע אָפּצופאָרען קיין קרעניצע, אַ באַוואוסטער קוראָרט אין גאַליציע.

# קרעניצע

קרעניצע האָט זיך קונה שם געווען מיט איהר פראַכטפולער נאַטור שעהנקייט, מיט איהרע לאַנקעס און בערג, מיט דער רחבות'דיגער לאַנדשאַפט, מיט איהרע סעדער און גערטנער, מיט איהרע טייכען און בעיקר — מיט'ן וואַלד.

מידע און דערשעפּטע מענשען פלעגען פאַרען קיין קרעניצע אויף וואַקאַציע.

אין קרעניצע פלעגען זיך „פּאַשען" יעדען זומער בערך 40 טויזענט מענשען און בערך 80 פראַצענט פון די „געסט" זיינען געווען מאחינו בני ישראל.

חסידישע אידען, סתם פרומע אידען, רביים און רבנים פלעגען פאַרען קיין קרעניצע, מחמת קרעניצע איז געווען אַ אידישע מלוכה: די בענק פון דעם קרע־ניצער וואַלד זענען געווען באַזעצט פון אידען וואָס האָבען געשמועסט וועגען תורה און חסידות. אין קרעניצער וואַלד פלעגען אידען דאַווענען מנחה און מעריב בצבור; אין וואַלד האָט זיך גאָר אַנדערש געדאַווענט... דער רויש פון די בוימער און דאָס צערטלען פון די מילדע ווינטלעך האָבען מעורר געווען לתפילה ולהשתפכות הנפש; די תפילה אין וואַלד איז געווען אַ ריינע, אַן עכטע תפילה אָהן דעם צומיש פון מחשבות זרות; די תפילה אין וואַלד איז געקומען מעומק הלב און יעדער אידיש האַרץ איז געווען אַ לב נשבר פול מיט די לויטערסטע כונות. חלושי־כח האָבען, טוענדיג תפילה אין וואַלד, געקראַגען באַנייטע כוחות, וועלכע האָבען געשטאַרקט דעם בטחון אין נצח ישראל.

דעם לעצטען זומער פאַר דער מלחמה איז קרעניצע געווען איבערפילט מיט אידען אַזוי אַז עס איז פשוט שווער געווען צו קריגען אַ צימער פאַר נאַכטלעגער. איך האָב זיך אַליין געשטעלט די פראַגע: פאַרוואָס איז אין קרעניצע גראַד איצט אַזאַ שפע אויף אידישע געסט? און איך האָב גלייך געפונען דעם ענטפער צו מיין פראַגע: ערשטענס שפירען אידען אינסטינקטיוו אַז עס רוקט זיך אויף זיי אַ גרוי־סע כמאַרע, ווילען זיי „כל זמן שהנשמה בקרבי" אַריינלעבען, אַריינכאַפּען... מחמת מאָרגען קאָן שוין חלילה זיין צו שפּעט... והשנית האָבען זיך אידען פשוט גענויטיגט אין אָפּרישונג, אין צעשטרייאונג, אַלעמענס נערוון זענען געווען אָנ־געשטרענגט, אַלעמען האָט די צייט אָנגעגריפען און אַלע האָבען געזוכט אַ תרופה צו דער מכה פון צוזאַמענבררוך... דעם זומער פון 1939 איז מען קיין קרעניצע נישט געפאַרען פאַר לוקסוס, נייז, קרעניצע איז אין דעם זומער פון יאָהר 1939 פאַרפולט געווען פון אידען מיט האַרץ פעלערס, פון אידען מיט צושרויפטע נער־ווען, מיט אויסגעלאָשענע אויגען און פאַרצווייפעלטע בליקען.

מיך פערזענליך האָט קרעניצע ניט באַרוהיגט, מיך האָט קרעניצע נאָך מעהר צורודערט, ערשט אין קרעניצע האָט מיין האַרץ גענומען אויפסניי בלוטיגען אויפ'ן חורבן פון מיינע ברידער אין גלות און ניט איינמאָהל האָבען זיך פון מיינע אויגען געגאָסען די טרערען אָהן אָפּשטעל, אָהן אויפהער...

יעדער אידיש פּנים וואָס איך האָב באַגעגענט אין קרעניצע האָט אויף מיר

אנגעוואָרפען אַ פחד, יעדער אידיש פנים האָט אין מיר געוועקט עצבות און מרה שחורה.

און איך בין ניט געווען דער איינציגער מרה שחורה׳ניק אין קרעניצע, געווען אַ סך אַזוינע ווי איך, אָבער דער חילוק פון מיר און די אַנדערע מרה שחורה׳ניגעס איז באַשטאַנען אין דעם וואָס איך האָב זיך אָפּגעזאָגט פון זעלבסטנאַרעריי: איך האָב זיך ניט געוואָלט איינרעדען, אַז: „עס וועט ניט זיין קיין מלחמה״, און אַז: „פוילען איז שטאַרק און דייטשלאַנד איז שוואַך״ . . . בעת אַנ־דערע האָבען זיך פשוט איבערגעגעבען צו אַט דעם געפיהל פון זעלבסטנאַרעריי און ניט זייענדיג אַבסאָלוט זיכער אין זייער זעלבסטנאַרעריי, זענען די פאַרצווייפעלטע אידען געגאַנגען צו רבנים, צו רביים און צו סתם פאָליטישע אפּשפּרעכער מכל המינים, און יענע האָבען זיי „פאַרזיכערט״ אַז „אַלעס וועט זיך איה״ש אויס־לאָזען לטובה, ונאמר אמן!״.

מיט איינעם אַזאַ „אָפּשפּרעכער״ איז מיר אויסגעקומען צו רעדען, האָב איך איהם געזאָגט אַז לויט די ראַדיאָ באַריכטען און אויך לויט די צייטונגס באַריכטען קוקט עס אויס אַז די מלחמה איז אַ פאַקט, אַז עס איז אַ פראַגע פון וואָכען און אפשר טעג ביז צום אויסברוך, האָט דער „אָפּשפּרעכער״ מיר געענטפערט:

„ווער הייסט אייך לייענען צייטונגען?!... ווער הייסט אייך זיך צוהערען צו ראַדיאָ־באַריכטען?!״

און עס זענען פאַרט געווען סמנים געגען מלחמה, למשל:

בעת די פרעסע און די ראַדיאָ האָבען געשמועסט וועגען מלחמה און עס האָט אויסגעקוקט אַז דאָס לאַנד איז ערב אַ גרויסער קאַטאַסטראָפע פון וועלכער די רעגי־רונג דאַרף, על פי שכל הישר, זיין אַלאַרמירט, זענען די רעגירונגס לייט געזעסען אין סיים און זיך געעקבערט די מוחות וועגען נייע גזירות רעות אויף אידען.

די לעצטע „היסטאָרישע״ זיצונג פון פוילישען סיים איז גענצליך געווען גע־ווידמעט צו דער פראַגע פון „שחיטה לויט׳ן אידישען דין״; פונקט דעמאָלט ווען די מלחמה וואָלקענס האָבען זיך געהאַלטען אין אויסשפּרייטען איבער דעם פוילישען הימעל, האָט די רעגירונג געשטודירט אַ פּראָיעקט וואָס די צאַרטע פרוי פון דעם סענאַט מאַרשאַלעק, מאַדאַם פּריסטאָר, האָט אין יאָהר 1936 אַריינגעטראָגען אין סיים — אַ פּראָיעקט, אַז די רעגירונג זאָל פאַרבאָטען שחיטה לויט׳ן אידישען דין, ווייל אַזאַ שחיטה איז ניט „הומאַניטאַר״.

נו, קאָן זיך פּאַטופען אין מוח פון אַ נאָרמאַלען מענשען, אַז אַ רעגירונג זאָל ערב מלחמה זיך באַשעפטיגען מיט׳ן פּראָבלעם פון „שחיטה לויט׳ן אידישען דין״?! האָבען טאַקע אידען מיט שכל הישר געזעהן אין דער האַנדלונג פון דער רעגירונג אַ סימן מובהק אַז קיין מלחמה וועט ניט זיין...! אי די ראַדיאָ, די פרעסע? איז דער תירוץ: „ראַדיאָ־שמאַדיאָ! פרעסע־שמעסע!״

# דער פינפטער קאָלום ביי דער אַרבייט

קרעניצע האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ מין „קראַנקען צענטער" פון איבערגעשראָקענע, פיזישע און פסיכיש־דערשעפטע מענשען וואָס זענען זיך צו־זאַמענגעלאָפען אויף איין פונקט, בכדי מיט געמיינזאַמע כוחות זיך צו שטאַרקען... עס האָט אויסגעזעהן ווי די אומגליקליכע מענשען זענען געקומען אָפּשרייען עפּעס אַן אומפאַרמיידליכע גזירה; ווי די הילפלאָזע מענשען וואָלטען מורא געהאָט צו בלייבען מיט זיך אַליין...

מיר איז געוואָרען שטאַרק אומהיימליך אין קרעניצע. איך האָב געפיהלט אַז איך דאַרף זיך ראַטעווען, אַנטלויפען פון קרעניצע, אַלא ניט וועל איך חלילה אומ־קומען ניט אַזוי פון מרה שחורה, נאָר פון צער אויף די אַנגעלאָפענע קרבנות וואָס זוכען טרייסט און קיין טרייסט איז ניטאָ...

איך האָב באַשלאָסען צוריקצופאָרען אַהיים — קיין דוקלאַ.

איך בין אַוועק אויף דער אכסניא איינפּאַקען די זאַכען. ווי איך שטעה אַזוי און פּאַקעווע מיין ביסעל אָרימקייט, דערטראָגט זיך צו מיינע אויערען אַ „בשורה טובה" פון דער ראַדיאָ:

„סאָוועט רוסלאַנד האָט געשלאָסען אַ ניט־אַנגריף פּאַקט מיט דייטשלאַנד; פאַר אַ משך פון 10 יאָהר צייט גילט דער דאָזיגער ניט־אַנגריף אָפּמאַך וועלכער איז היינט ראַטיפיצירט געוואָרען אין מאָסקווע.

„דער פּאַקט איז אונטערגעשריבען געוואָרען פון מאָלאָטאָוו׳ן מצד רוסלאַנד און פון ריבענטראָפּ׳ן מצד דייטשלאַנד".

דער דאָזיגער ראַדיאָ באַריכט האָט ביי מיר אָפּגענומען הענט און פיס. עס האָט מיר גענומען שווינדלען אין די אויגען, די ווענט פון צימער האָבען זיך ווי אַנגע־הויבען דרעהען, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט האַסטיג און שווער. אָבער איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט. מיט אַלע כוחות האָב איך זיך באַהערשט און בין אַרויס אין גאַס.

אין גאַס האָב איך זיך איבערצייגט אַז דער „פּאַקט" האָט אויך אַ „צד לטובה" — מענשען האָבען אויפגעהערט צו ספּעקולירען; יאָ מלחמה, ניט מלחמה? אַלע זענען שוין געווען איבערצייגט אַז דער פּאַקט איז געמאַכט געוואָרען אויפ׳ן חשבון פון מערב אייראָפּע און אַז פוילען וועט זיין די ערשטע אויפ׳ן פייער...

די קרעניצער קרבנות האָבען אויפגעהערט צו זוכען טרייסט איינס ביים צווייטען; אַנשטאַט צו זוכען טרייסט זענען זיי צוגעטראָטען צו ממשות׳דיגע מעשים: זיי האָבען זיך אָנגעהויבען צו פּאַקען אין וועג אַריין, יעדער צו זיין היים.

אַנשטאַט צו לויפען צו רביים, צו גוטע אידען און צו סתם „פּאָליטישע אָפּ־שפּרעכער" האָבען טייל מענשען זיך אַוועקגעלאָזט צו די סימפּאַטיקער און אויך צו די געשוואוירענע אָנהענגער פון סאָוועט־רוסלאַנד. מענשען זענען געווען ביי־

געריג צו הערען וואס זיי האבען צו זאגען וועגן א פאקט צווישן אן ארבייטער־מלוכה מיט א מלוכה פון ,דריטען רייך״.

די קאמוניסטישע סימפאטיקער האבען געצויגען מיט די פלייצעס, ניט גע־וואוסט וואס צו ענטפערען, טייל פון זיי זענען אבער ארויס מיט לשון:

„סטאלין איז א רעאל פאליטיקער... די אביעקטיווע פאקטארען זענען ניט גינסטיג פאר וועלט־רעוואלוציע. סטאלינ׳ס אריענטאציע איז איצט א נאציאנאל־טעריטאריעלע...״

און זיי האבען זיך געזידעלט און געשאלטען אויף סטאלינ׳ס אדרעס... עס איז געווען צו מערקען אויף זייערע פנימער אז זיי זענען דערשלאגען סיי פון דער שרעקליכער ידיעה, סיי פון אנטוישונג...

איינער פון זיי האט צו מיר איראניש א זאג געטאן:

„עס קומט אויס אז סטאלין איז צוגעשטאנען צום אנטי־קאמינטערן פאקט״.

אויפ׳ן צווייטען טאג בין איך שוין געווען אין דוקלא. אין דוקלא האט גע־הערשט א מורא׳דיגע פאניק, מענשען האבען אנגעהויבען ארויסצופירען זייער פאר־מעגען אין מעהר „זיכערע ערטער״, אין שטעדט וואס זענען ווייט פון דער גרעניץ: קיין קראקע, קיין לעמבערג און לובלין (אגב, פון אלע עקען פוילן איז מען געלאפען קיין לובלין).

און דא זענען די צייטונגען ארויס מיט א באפעל פון דער רעגירונג אז קיינער זאל זיך ניט וואגען צו רירען פון ארט, אז אלע זאלען בלייבען אויף די ערטער, ווייל מיט׳ן רירען זיך פון ארט פארשפרייט מען אן אומבארעכטיגטען פאניק...

אבער דער דאזיגער באפעהל האט קיין שום ווירקונג ניט געהאט. ווי האט די באפעלקערונג געקאנט זיין גלייכגילטיג צו דער סיטואציע, אז די רעגירונגס בא־אמטע, די סטאראסטווא, די פאליציי און דער מאגיסטראט עוואקואירען זיך טיפער אין לאנד?...

האט אונזער פאמיליע באשלאסען אז מיין שוועסטער זאל דערווייל אליין אפ־פארען קיין קראקע און אגב מיטנעמען מיט זיך אביסעל צירונג און אנדערע קאסט־בארע חפצים. און כך הוה: די שוועסטער מיינע איז מיט דער באהן אפגעפארען קיין קראקע.

איך פלעג מיין מערסטע צייט ווידמען צו דער ראדיא, קיין נחת האט די ראדיא ניט פארשאפט, ערשטענס האט זי פארשפרייט פאלשע קלאנגען, קלאנגען וואס הא־בען געהאט א פארפירערישע טענדענץ, קלאנגען וואס האבען באצוועקט צו בא־רוהיגען די באפעלקערונג, אזוי למשל האט די ראדיא געבראכט א באריכט:

„פוילען האט געוואונען דעם נערוועז קריג!״

אזא באריכט האט באצוועקט צו שאפען דעם איינדרוק אז עס האלט ניט ביי קיין אמת׳ען קריג, נאר בלויז ביי א „נערוועז קריג״ און דער נערוועז קריג איז שוין א געוואונענער...

צווייטענס האט זי טאקע געבראכט אמת׳ע באריכטען פון וועלכע די האר פון קאפ האבען זיך געשפאלטען, נעהמט למשל אזא באריכט:

„אין טארנאוו האט א פאסאזשיר איבערגעלאזט א וואליזע אין דעם באגאזש־צימער פון דער באן־סטאנציע. אין געצעהלטע שטונדען ארום האט די וואליזע

עקספּלאָדירט, העכער אַ העלפט פון וואַגזאַל איז אויפגעריסען געוואָרען, איבער 100 פּערזאָן זענען דער׳הרג׳עט געוואָרען. עס ווייזט זיך אַרויס אַז אין וואַליזע איז געלעגען אַ זייגער־באָמבע. עס איז קיין ספק ניט אַז דאָס איז די אַרבייט פון פינפטען קאָלום״.

טאַרנאָוו איז אַ טראַנספּעריר־פּונקט: אַז מ׳פאָרט פון דוקלאַ קיין קראָקע שטייגט מען אין טאַרנאָוו אויס פון דער באַהן און מ׳נעמט אַ צווייטע באַהן וואָס פירט קיין קראָקע. די באָמבע האָט אויפגעריסען פּונקט דעמאָלט ווען די פּאַסאַזשירען זענען געווען אין וואַגזאַל. מיין שוועסטער איז איינע פון די פּאַסאַזשירען... בין איך גלייך געלאָפען צו דער פּאָסט טעלעגראַפירען אָדער טעלעפאָנירען קיין טאַרנאָוו צי דער נאָמען פון מיין שוועסטער איז חלילה ניט פאַראַן צווישען די אומגעקומענע.

לעבען דער פּאָסט האָב איך געטראָפען עטליכע מנינים מענשען וועמעס אייגענע זענען געווען צווישען די רייזענדע און זיי האָבען, מיט טרערען אין די אויגען, זיך פאַר מיר באַקלאָגט אַז די פּאָסט נעמט ניט אויף קיין טעלעגראַמעס און זי דערלאָזט אויך ניט צו קיין טעלעפאָנישען געשפּרעך, ווייל סיי דער טעלעפאָן, סיי דער טעלעגראַף זענען פאַרנומען מיט ענינים פון מיליטערישען כאַראַקטער...

אַ שטאַרק דערשיטערטער בין איך אַהיימגעקומען. מיינע עלטערען, מיין אייגענע שוועסטער און איך זענען די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען, אַנשטאָט צו שלאָפען זענען מיר געשטאַנען ביי דער ראַדיאָ ערוואַרטענדיג אַז די ראַדיאָ וועט אפשר אויסגערעכענט די נעמען פון די דערמאָרדעטע און פאַרוואונדעטע אין טאַרנאָוו.

די ראַדיאָ האָט ניט גערוהט, זי האָט אַלעמאָל געבראַכט נייע ידיעות, פיינליכע ידיעות, און כמעט יעדער ידיעה האָט געהאַט אַ שייכות צום פינפטען קלום...

יעדע ידיעה איז געווען באַגלייט מיט אַ וואָרנונג אַז מ׳זאָל זיך היטען פון „פינפטע קאָלומניקעס״, ווייל זיי זענען אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנצער ברייט און לענג פון לאַנד...

און אָט ברענגט די ראַדיאָ אַ פרייליכע ידיעה: „דער מאַן וואָס האָט אין טאַרנאָווער וואַגזאַל איבערגעלאָזט די וואַליזע מיט דער זייגער־באָמבע איז געכאַפּט געוואָרען, ער איז אַ דייטש פון סאַנדז (אַ דייטשע קאָלאָניע לעבען ניי־סאַנדז).

שטעהענדיג ביי דער ראַדיאָ איז מיר שווער געווען צו רעאַגירען אויף די נייעס מחמת מיין באַוואוסטזיין איז דורכאויס געווען קאָנצענטרירט אויף דעם גורל פון מיין שוועסטער וואָס געפינט זיך איצט אין טאַרנאָוו. איז זי צווישען די געראַטעוועטע, אָדער חלילה ניט?

יעדע מינוט פון יענער נאַכט איז געווען אַן אייביגקייט, ערשט דעמאָלט האָב איך אויף אַן אמת באַגריפען אַז דער באַגריף פון „צייט״ און „אָרט״ איז אַ רעלאַטיווער... מיר האָבען די גאַנצע נאַכט געטראַכט: „מי יתן בוקר!״ און נאָך אַ פיינליכער נאַכט פון „בערב תאמר: מי יתן בוקר!״ האָבען מיר קוים־קוים דערצויגען צום ליכטיגען פריהמאָרגען, וועלכער האָט אונז געבראַכט די שוועסטער פון טאַרנאָוו.

און מיין שוועסטער האָט אונז בסוד אויסגערעכענט אַ צעטעל נעמען פון דוק־

לער פּרויעז, וואָס זענען אומגעקומען אין דער טאַרנאָווער קאַטאַסטראָפע, זי האָט אונז אויך איבערגעגעבען איינצעלהייטען פון דער קאַטאַסטראָפע, זי האָט אונז גע־שילדערט דעם גאַנצען גרויל פון יענער טראַגעדיע, די גסיסה־געשרייען פון די אומ־געקומענע.

זי האָט בייגעוואוינט ווי אַזוי מ׳האָט פון די רואינען אַרויסגעשלעפּט טויטע און שווער פאַרוואונדעטע, וואָס האָבען שרייענדיג ,,שמע ישראל״ אויסגעהויכט דעם לעצטען אָטעם.

אָט דער פאַל מיט דער באָמבע אין טאַרנאָוו און עהנליכע פאַלען האָבען פאַ־סירט מיט געצעהלטע טעג פריהער איידער די מלחמה האָט זיך פאַקטיש אָנגע־הויבען. נאָך איידער די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבען האָבען די דייטשען דער־קלערט מלחמה דער ציווילער באַפעלקערונג פון פוילען, ווייל דעמאָראַליזירען די ציווילע באַפעלקערונג איז אַ באַשטאַנד־טייל פון דער נאַציסטישער מלחמה־טאַקטיק.

די אַרבייט פון פינפטען קאָלום האָט געבראַכט דערפאָלג: די אַרמיי און די באַפעלקערונג האָבען זעהר שנעל פאַרלוירען די מאָראַל. דער ,,פינפטער קאָלום״ האָט פאַרשפּרייט קלאַנגען וואָס האָבען געהאָלפען דעמאָראַליזירען סיי דאָס פאָלק, סיי די אַרמיי און אויסער קלאַנגען, אויסער פּראָפּאַגאַנדע, האָבען זיי, די פינפטע קאָ־לומניקעס, טאַקע געטאָן ממשות׳דיגע אַרבייט:

אין קראָסנע איז געווען די גרעסטע פאַבריק פון עראָפּלאַנען. אין יענער פאַבריק האָבען געאַרבייט עטליכע טויזענט אַרבייטער צווישען וועלכע עס האָט זיך אָפילו קיין איין איד ניט געפונען... און ווייסט איהר ווער דער הויפּט־פאַרוואַל־טער פון יענער פאַבריק איז געווען? אַ ,,פאַרטרויענסוועטער״ מענש, אַ דייטש!... און מיט טעג פריהער איידער עס זענען פאַרגעקומען די ערשטע שלאַכטען צווישען דער דייטשער און דער פוילישער אַרמיי האָט מען גענומען לאָזען די עראָפּלאַנען אין גאַנג, האָט קיין איינער פון זיי זיך ניט געקאָנט אויפהויבען אין דער לופטען!

אַ מיליטערישער טריבונאַל האָט גע׳משפט דעם דייטשען פאַרוואַלטער און מ׳האָט איהם הינגעריכטעט.

דעם 23־טען אויגוסט, מיט 8 טעג פריהער איידער די מלחמה האָט אויסגע־בראָכען, האָט די רעגירונג דערקלערט אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע פאַר מענער פון 18 ביז 45 יאָהר.

די באַנען זענען באַפוילען געוואָרען ניט אויפצונעמען קיין ציווילע רייזענ־דע; בלויז סאָלדאַטען און רעקרוטען האָבען זיך געמעגט באַנוצען מיט דער באַהן, און מיט דריי טעג שפּעטער, דעם 26־טען אויגוסט, זענען גרויסע טיילען פון די מאָביליזירטע אַהיימגעקומען. אויף דער פראַגע פאַרוואָס זיי האָבען זיך צוריק־געקערט האָבען זיי געענטפערט, אַז זיי האָבען זיך ניט געהאָט צו ווּעמען צו ווענ־דען, אַז עס הערשט אַ צומישונג אין דער אַרמיי, אַז איין אַרמיי אָפּטיילונג ווייס ניט פון דער צווייטער... און באין ברירה, האָבען זיי זיך געמוזט צוריקקערען אַהיים...

און גלייך האָט דער ,פינפטער קאָלום״ רעאַגירט אויף דעם כאָאָס אין דער אַרמיי: ער האָט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז עס איז אַ דעמאָביליזאַציע און פוילען האָט געוואונען דעם נערוועז־קריג!...

און בשכינות מיט אַט די פאַלשע פאַרפיהרערישע קלאַנגען איז געקומען אַ מעלדונג דורך דער ראַדיאָ:

— „רידז־שמיגלי זאָגט: „מיר וועלען אפילו אויף קיין קנעפּעל ניט מותר זיין!״.

און די ציווילע באַפעלקערונג איז ווידעראַמאָהל געבליבען אונטער׳ן איינדרוק, אַז עס איז אַ נערוועז קריג און דייטשלאנד וועט אַפילו ניט אַפפייערען קיין שאָס, ווייל זי איז ניט אויסען קיין מלחמה...

אין טעג אַרום זענען אויפסניי אַהיימגעקומען רעקרוטען. זיי האָבען דער־צעהלט, אַז זיי האָבען זיך אַרומגעדרעהט אין די קאַזאַרמעס אָהן אַ שטאָך אַרבייט, קיין געווער האָט מען זיי ניט געגעבען, געווען אַ מאַנגעל אין געווער, אַ מאַנגעל אין מיליטערישע מלבושים...

דער צווייטער טראַנספּאָרט צוריקגעקומענע סאָלדאַטען און רעקרוטען האָט אויפסניי אַריינגעבראַכט אַ צומישעניש און מענשען האָבען זיך ניט געקאָנט אָריענ־טירען:

איז עס דעמאָביליזאַציע אָדער סתם שלעכטע אָרגאַניזאַציע?

פיל מענשען האָבען געהאַלטען, אַז עס איז דעמאָביליזאַציע, בעת אַנדערע האָבען געהאַלטען, אַז היטלער וועט זיין אַ משוגענער אויב ער וועט ניט באַפאַלען פוילען...

פּלוצים איז געקומען אַ ראַדיאָ־מעלדונג:

„הענדערסאָן, דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר אין פוילען, פליהט קיין דייטשלאַנד ווירקען אויף היטלער׳ן״.

האָבען ווידעראַמאָהל מענשען זיך ניט געקענט אָריענטירען: טייל האָבען געזאָגט, אַז אויב הענדערסאָן פליהט צו היטלער׳ן איז עס אַ סימן, אַז היטלער לאָזט זיך רעדען... וועט קיין מלחמה ניט זיין, דערפאַר טאַקע די „דעמאָבילי־זאַציע״, בעת אַנדערע האָבען געדרונגען פאַרקערט: אַז הענדערסאָן פליהט שוין צו „איהם״ . . . האַלט עס שמאָל, מיינט עס מלחמה. און דאָס ניט וויסען וואו מ׳איז אין דער וועלט, דאָס בלאַנדזשען צווישען יאָ און ניין, צווישען יאָ מלחמה אָדער ניט מלחמה? אַט דאָס האָט פּשוט געוואָרפען פון די פיס דעם המון־עם, דאָס האָט דעמאָראַליזירט די באַפעלקערונג און האָט דערפירט דאָס לאַנד צו אַ שווידערליכען קאָשמאַר.

* * *

פרייטאָג פאַרטאָג, דעם היסטאָרישען ערשטען סעפּטעמבער, הער איך עפּעס אַ מאָדנעם קנאַלען. כ׳האָב לכתחילה געדענקט, אַז דאָס איז אַ מין דונערען, אָבער דער שעהנער זונענאויפגאַנג איז געווען אַ סתירה צום דונער־געקנאַל און קיין בליץ האָט זיך אויך ניט באַוויזען אויפ׳ן הימעל, בין איך אַרויס אין גאַס.

די גאַס איז געווען פול מיט רעדלאָך אידען, וועלכע האָבען צווישען זיך גע־שמועסט וועגען אַן אָפיציעלער מעלדונג, אַז עס זענען שוין פאַרגעקומען שלאַכטען. כ׳הייסט ניט קיין שלאַכטען, נאָר קליינע צוזאַמענשטויסען... גרעניץ־אינצידענ־טען... וואָס קאָנען אַריינגעהן אין דער קאַטעגאָריע פון „נערוועזן קריג״...

און אַנדערע אידען דערצעהלען וועגען אַ געשפּרעך מיט פּוירים פון שטאָדט

וואס זיי האבען ערשט נעכטען אוועגט געהאט:

די פויערים האבען דערצעהלט, אז היטלער האט געלאזט וויסען צו אלע אידען אין דייטשלאנד, אז אויב זיי וועלען איהם העלפען באזיגען פוילען וועט ער זיי געבען גלייכע רעכט און וועט זיי אומקערען דעם קאנפיסקירטען פארמעגען...

די אידען זענען געווען אלארמירט פון די דאזיגע קלאנגען און זיי האבען מיר פארגעשלאגען, אז איך זאל צוזאמענשטעלען א דעלעגאציע, וואס זאל זיך ווענדען צו די מיליטערישע אויטאריטעטען מיט א בקשה אויפצוקלערען דער קריסטליכער באפעלקערונג די לעכערליכקייט פון אזוינע קלאנגען.

איך האב צוגעשטימט צו זייער פארשלאג און ווי מיר שטעהען אזוי און שמו־עסען האבען די סירענעס ארויסגעלאזט אן אלארמירענדיגען פייפען וואס האט אויף אלעמען אנגעווארפען א פחד און אידען מיט קריסטען זענען געלאפען אין די קע־לערס אריין.

יעדער פון אונז האט געהאט א גאז־מאסקע. דער מאגיסטראט האט מיט טעג פריהער באזארגט די באפעלקערונג מיט גאז־מאסקעס און האט אויך געגעבען אינסטרוקציעס ווי אזוי צו באשיצען זיך פון גאז אטאקעס.

אין קעלער איז איינער א פרוי עפעס ניט גוט געווארען, איהר אונטערבא־וואוסטזיין האט געארבייט אויף... גאז, האט איהר די פאנטאזיע פארגעשטעלט, אז עס שטיקט איהר. האבען מיר אויף איהר אנגעווענדעט אלע מעטאדען וואס די אינסטרוקציעס שרייבען פאר. די פרוי האט אויף אונז אלעמען אנגעווארפען א מורא, האבען אידען געזאגט ווידוי, געשריגען „שמע ישראל" און קריסטען האבען זיך געצלם׳ט און תפילה געטאן אויף זייער שטייגער.

ארום 2 בייטאג איז געקומען א סיגנאל, אז די געפאר פון א לופט־אטאקע איז אריבער, זענען מיר ארויס פון די קעלערס און אין געצעהלטע מינוטען ארום האָ־בען די סירענעס אויפסניי אלארמירט... אזוי האט עס אנגעהאלטען דעם גאנ־צען מעת־לעת, מיר זענען אומאויפהערליך אריין און ארויס פון קעלער.

די דייטשע עראפלאנען האבען ניט באמבארדירט די שטאט, זיי האבען בלויז עטליכע מאהל אין טאג באזוכט די שטאדט, בכדי די באפעלקערונג זאל עטליכע מאהל אריין און ארויס פון קעלער. אויך דאס איז א באשטאנד־טייל פון זייער מלחמה־טאקטיק, די טאקטיק פון דענערווירען די ציווילע באפעלקערונג.

פארנאכט האבען די סירענס סיגנאליזירט, אז די געפאר פון א לופט־אטאקע איז אריבער.

די באפעלקערונג איז פון די מיליטערישע אויטאריטעטען אויפגעפאדערט גע־ווארען ניט אנצוצינדען קיין ליכט אין די הייזער. דוקלא איז זעהר א פרומע שטאט און אידען זענען געלאפען צו די מיליטערישע אויטאריטעטען בעטען א דערלויבניש צו בענשען ליכט לכבוד שבת.

דער ענטפער איז געווען: „אויב דאס איז א רעליגיעז געבאט, זאלען אידען בענשען ליכט אונטער פארהאנגענע פענסטער און אין דעם זכות זאל אונז אלעמען ג—ט אויסלייזען פון דעם שונא׳ס מערדערישער האנט".

מיר האבען געדאנקט די מיליטערישע אויטאריטעטען און זענען צופרידענע אוועק אהיים בענשען ליכט.

# צומישעניש

„כי שם בלל ד׳ שפת כל הארץ״ (בראשית, נח, ט׳)

פונקט פאַר ליכט צינדען ווערען מיר געלאַדען אין מאַגיסטראַט אַריין. מיר האָבען געהאַט אַ חשד אַז דער מאַגיסטראַט וויל צוריקציהען די דערלויבעניש אויף ליכט־צינדען, אָבער אַרויסגעוויזען האָט זיך, אַז מ׳האָט אונז גערופען אין... חדר אַריין...

דער מאַגיסטראַט איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ חדר און די באַפעלקערונג אין חדר־אינגלאַך מיט וועלכע מ׳האָט — על רגל אחת — געקנעלט „הלכות ראשית הגז״: די כללים ווי אַזוי זיך צו ווערען קעגען גאַז־אַטאַקעס.

דער שטעטעלשער דאָקטאָר סטריכאַרסקי האָט אונז געגעבען אַ לעקציע מיט אינסטרוקציעס ווי אַזוי צו באַהאַנדלען קרבנות פון גאַז־אַטאַקעס און נאָך דער לעקציע האָט ער אונז פייערליך דערקלערט, אַז מהיום והלאה איז דאַנציג שוין ניט מעהר קיין פריישטאַט, „ווייל דאַנציג בלייבט אין אונזערע הענט!״.

דער פרייטאַגדיגער טאָג איז אַוועק מיט לויפעניש: די דייטשע עראָפּלאַ־נען האָבען באַזוכט די שטאָט עטליכע מאָהל אין טאָג און די באַפעלקערונג האָט געהאַט אַן אַרבייט — צו לויפען אין קעלער און פון קעלער.

דאָס לויפען אין קעלער, דאָס פייפען פון די סירענעס און דער געזשום פון די דייטשע עראָפּלאַנען האָט פאַרטויבט דאָס רעווען פון דער ראַדיא און דער עולם האָט נעבאַך געלעכצט נאָך חדשות, הייגט אַז דער דאָקטאָר סטריכאַרסקי האָט צו־געשטעלט אַזאַ איבעראַשענדע נייעס, אַז דאַנציג איז ניט מעהר קיין „פריישטאַט״ און מהיום והלאה בלייבט עס אין פוילישע הענט, איז דער עולם געוואָרען מלא שמחה און האָט, פאַר גרויס נחת, ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך.

דער איינדרוק איז געווען, אַז דייטשלאַנד האָט אַנגעפירט אַ נערווען־קריג, מיינענדיג, אַז פוילען וועט נאָכגעבען, אָבער פוילען האָט — אַנשטאָט נאָכצוגע־בען — אַרויסגעשטעלט איהר באַוואָפענטע מאַכט פאַר וועלכער די דייטשען האָבען זיך אָפּגעשראָקען און דער רעזולטאַט פון דעם נערוון־קריג איז, אַז „דאַנציג בלייבט אין אונזערע הענט!״.

און נאָך איידער דער עולם האָט פאַספּייעט זיך רעכט צו פאַסמאַקעווען מיט דער בשורה טובה וועגען דאַנציג, האָט דער ליבער דאָקטאָר סטריכאַרסקי פאַר־געלייענט אַ מעסעדזש פון דעם פּרעזידענט מאָשטשיצקי, אַז:

> „אונזער אייביגער שונא האָט איבערגעפאַלען אונזער לאַנד, דער גורל פון לאַנד איז אין סכנה און די בירגער ווערען אויפגעפאָדערט זיך מקריב צו זיין פאַר דער פאַרטיידיגונג פון לאַנד״.

דעם פּרעזידענט׳ס מעסעדזש מיט׳ן דאָקטאָר׳ס מעלדונג וועגען דאַנציג האָבען זיך סותר געווען און דער עולם איז אַ פריטשמעליעטער אַוועק אין שוהל אַריין צו קבלת שבת.

ר׳ יוסף זאַלץ, אַ איד אַ זקן, אַ למדן מופלג, אַ בעל צדקה און דערצו אַ זעהר האַרציגער בעל תפילה האָט יענעם פרייטאָג פאַרנאַכט „אָוועקגעלעגט״ אַ מנחה, וואָס וועט מיר בלייבען לזכרון על כל ימי חיי.

ער האָט געדאַווענט מיט גרויס התלהבות, מיט אמת׳ער מסירת־נפש, בבחינת „כל עצמותי תאמרנה״, ער האָט פשוט מרעיש עולמות געווען און אַזוי ווי דער כביכול איז מקבל תענוג פון אידישע תפילות, און אידישע תפילות זענען גורם שעשועים אין דער פמליה של מעלה און אַזוי ווי תפילה איז בכח משנה צו זיין די טבע און איז ממתיק דינים — האָט יענע תפילה, בלי שום ספק, געמאַכט אַ רושם אין די עולמות העליונים!

אויף אונז מתפללים האָט יענע תפילה שטאַרק משפיע געווען. ערשט יענעם פרייטאָג פאַרנאַכט האָב איך אָפגעשאַצט דעם כח פון תפילה בכונה. יענעם פריי־טאָג פאַרנאַכט האָב איך געזעהן וואָס עס מיינט התפשטות הגשמיות... אין דעם משונה׳דיגען פלאַנטער פון ווידערשפּרעכענדע ידיעות וואָס זענען געקומען פון איין און דעם זעלבען קוואַל, ידיעות וואָס האָבען פשוט געפירט צו טרוף הדעת און בלבול המוח — איז די הויכע שמונה עשרה פון ר׳ יוסף זאַלץ געווען פשוט אַ נחמה, זיין „ולעולם לא נבוש כי בך בטחנו״ האָט אונז געגעבען כוח און מוט ווייטער אָנצו־האַלטען... צו זיין „מצפים לישועה״...

און אָפּגעפרישטע, אויסגעלייטערטע פון השתפכות הנפש איז דער עולם אויפ־געלעגט געוואָרען און האָט מיט שטילער שמחה געזאָגט „לכו נרננה״, „שירו לד׳ שיר חדש״ וכו׳... און ווי זיס, ווי באַ׳טעמ׳ט עס האָבען זיך אָפּגעזעצט אויפ׳ן געמיט די צאַרטע טענער וואָס האָבען זיך געטראָגען איבער דער שוהל, טענער פון אַזוינע פסוקים ווי:

„חילו מפניו כל הארץ!״
„ידין עמים במישרים״
„ישפוט תבל בצדק!״
„לבני ד׳ כי בא לשפוט הארץ!״
„שומר נפשות חסידיו, מיד רשעים יצילם״.

די דאָזיגע — צו דער צייט צוגעפּאַסטע — פסוקים האָבען פאַרזיסט דעם ביטערען טרויער און די קדושה פון שבת האָט אונז אויסגעלייזט פון אונזער געּ־פאַלענקייט... מיט געהויבענע געמיטער זענען מיר נאָכ׳ן דאַווענען אַהיימגע־גאַנגען.

געקומען אַהיים האָב איך מיט גרויס ישוב הדעת גענומען זאָגען „שלום עליכם״. איך האָב געזאָגט לאַנגזאַם, מיט כונה און מיט נחת. די קדושה פון שבת און די שבת־ליכט, וואָס האָבען געלויכטען מיט אַ ספּעציעלער הסכמה פון מיליטערישען שטאַב, האָבען מעורר געווען אַ מין התחדשות המוחין און עס איז מיר עפּעס מאָדנע גוט געוואָרען; איך האָב דערשפּירט אַ גרויס התקרבות צום „רבון כל העולמים״, יעדער וואָרט פון תפילה האָט מיך געצערטעלט, איך בין פשוט גע־ווען איינגעהילט אין אַן אוצר פון רחמים און חסדים און עס האָט זיך דעמאָלט געדאַוועט פון זיך...

איך האָב, געדענק איך, זיך פאַרטראַכט ביי די ווערטער: „וזכני לקבל שבתות מתוך רוב שמחה ומתוך עושר וכבוד" און פלוצים — אַן אַליארם!... אַן אַלאַרם האָט זיך אכזריות'דיג אַריינגעריסען אין דעם דינינקען צאַרטען געוועב פון מיינע האַרציגע תפילה-טענער...

מיר זענען אַלע גלייך אַריין אין פינסטערען קעלער. אין קעלער האָבען מיר פאַרבראַכט אַן ערך 15 מינוט ביז אַ צווייטער סיגנאַל האָט מודיע געווען, אַז די געפאַר איז פאַראיבער. מיר זענען אַוועק אין די הייזער, געגעסען די שבת'דיגע סעודה אין איילעניש און אין שרעק.

מיר האָבען זיך געלעגט שלאָפען אין די מלבושים. מיר זענען געשלאָפען מיט האַלב-געשלאָסענע אויגען; זכרונות פון דער לעצטער וועלט-מלחמה האָבען זיך אָפּגעפרישט און שרעקעדיגע רעיונות האָבען אכזריות'דיג גערויבט דעם שלאָף און די שבת'דיגע מנוחה.

מיר האָבען באַשלאָסען, אַז איינער פון אונז זאָל אויפזיין, בכדי אין פאַל פון אַן אַלאַרם זאָל ער אונז אויפוועקען און אַזוי האָבען מיר אונטער דער השגחה פון אַ „מעורר ישנים" פאַרבראַכט די ערשטע נאַכט פון דער צווייטער וועלט-מלחמה.

* * *

דעם 2-טען סעפטעמבער, שבת אינדערפריה, זענען מיר ווי געוויינליך, געגאַנגען אין שוהל אַריין.

ווי געוויינליך האָט מען פאַר'ן דאַווענען געשמועסט „חדשות" און קהל האָט זיך געטיילט אין צוויי לאַגערען: איין לאַגער האָט געהאַלטען, אַז עס איז אַן אמת'ע מלחמה, בעת דער צווייטער לאַגער האָט געהאַלטען, אַז ס'איז נ ע ר וו ע ן"...

לויט דער לאַגישער אַרגומענטאַציע זענען ביידע לאַגערען געווען גערעכט:

— אויב עס איז טאַקע אַ מלחמה בפועל ממש — האָט איינער אַ איד געטענה'ט — טאָ פאַרוואָס קומען זיי צופליהען און באָמבאַרדירען ניט?

— מוז מען קומען צו דער מסקנה — האָט אַ צווייטער איד געדרעהט מיט'ן גראָבען פינגער — אַז אויב עס קומט צופליהען אַ דייטשער „פויגעל" און לעגט ניט קיין „איי", קומט ער סתם אַזוי שרעקען די גענז!...

— אויב ס'איז „נערוועז" — האָט אַ דריטער איד געפרעגט אַ קשיא — טאָ פאַרוואָס קומען פאַר שלאַכטען?

— מוז מען דרינגען, אַז ס'איז טאַקע אַ מלחמה מיט אַלע קליפּערלאַך! — האָט אַ פערטער איד אַריינגעזאָגט.

און אַזוי זענען געפלויגען אַרגומענטען פון ביידע צדדים, אַרגומענטען פאַר און קעגען און פון די אַרגומענטען האָט זיך באַקומען אַ מיש-מאַש, אַ פּלאָנטער:

— ס'איז יאָ

— ס'איז ניט!

— ס'איז יאָ און ס'איז ניט!

ווער ווייס ווי לאַנג די אַרגומענטאַציע וואָלט אָנגעהאַלטען, ווען ניט דער שמש וואָס האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש מ'זאָל זאָגען ברכות.

אינמיטען קריאת התורה האָט זיך דערהערט אַן אַלאַרם. דער וועג אַהיים

איז אַ ווייטער, דער צד וואָס האָט געהאַלטען אַז „יעקב גנב פּראַוועט נערוועז" האָט באַשלאָסען מסיים צו זיין דאָס לייענען און אויך דאַווענען מוסף, זענען מיר געבליבען אויף די ערטער און אָנגעגאַנגען מיט'ן לייענען.

נאָך איידער מ'האָט פאַרענדיגט מוסף האָבען די סירענעס געלאָזט וויסען, אַז דער שונא איז „אַנטלאָפען" . . .

געהענדיג אַהיים פון דאַווענען האָבען מיר אויף די ווענט און אויך אויף די טעלעגראַף סלופּעס געטראָפען פּלאַקאַטען, אין וועלכע מ'האָט אונז געלאָזט וויסען, אַז עס זענען פרייטאָג פאַרנאַכט פאָרגעקומען שלאַכטען ביי דער סלאָוואַקישער גרעניץ און דער אָפיצער פון דער גרעניץ־וואַך איז דער'הרג'עט געוואָרען און אַז מאָרגען, זונטאָג פאַרנאַכט, וועט פאָרקומען די לויה פון דעם דערמאָרדעטען אָפיצער און אַלע בירגער: פּאָליאַקען, אידען, אוקראַאינער וכדומה ווערען געבעטען אַנטיילצונעהמען אין דער לויה.

דער ערשטער פּרואוו צו פאַראייניגען די פּאָליאַקען מיט די מינדערהייטען . . .

מיט אַ שעה שפּעטער האָט מען אויפסנייַ אַרויסגעהאַנגען פּלאַקאַטען, אַז די באַפעלקערונג זאָל זיך פרייוויליג מעלדען צום מיליטערישען שטאָב פאַר אַרבייט — צו גראָבען שוץ־גריבער און אַרומצוימען די בערג מיט שטעכיגע דראָטען.

דער זיידע ב"י האָט געהאַלטען, אַז די דראָטען וועלען ניט העלפען . . . אַזוי אַז קיין פקוח נפש איז דערביי ניט שייך און ער האָט קיין היתר ניט געוואָלט געבען אויף חלול שבת, אָבער אַ סך אידען האָבען ניט געפרעגט קיין שאלות, און זענען אַוועק צו דער אַרבייט.

דערווייל איז געוואָרען אַ רעש אין גאַס: אַ סך קריסטליכע פרויען האָבען באַקומען טעלעגראַמעס, אַז זייערע קינדער זענען געפאַלען אין שלאַכט. די פרויען זענען מיט פאַרוויינטע אויגען, האַלטענדיג די טעלעגראַמעס אין די הענט אַרומגע־גאַנגען איבער די גאַסען און אַ נייגעריגער עולם מיט זיי.

דער שטראָם פון אַזוינע טעלעגראַמעס האָט זיך געהאַלטען אין פאַרמעהרען מיט יעדער שטונדע, אַזוי אַז כמעט אַלע איינוואוינער פון שטעטעל זענען געווען אויף דער גאַס . . .

פּלוצים האָט זיך דערהערט אַן אַלאַרם און די מענשען־מאַסע האָט זיך, אין גרויס איילעניש, אָפּגעטראָגען אין די שוץ קעלערס אַריין.

מיר האָבען געדאַווענט מנחה, געפּראַוועט שלוש־סעודות אין קעלער, פרויען האָבען גע'חלש'ט, מ'האָט זיי אָפּגעמונטערט און זיי האָבען פאַרזיכערט אַז אַ גאַז באָמבע איז געפאַלען און עס שטיקט זיי. מיר האָבען זיי ווידער געמונטערט, כאָטש קיין באָמבע איז ניט געפאַלען . . . און געשטיקט האָט זיי אפשר יאָ, אָבער ניט פון קיין באָמבע איז דאָס שטיקעניש געקומען, גיכער איז דאָס שטיקעניש גע־ווען אַ רעזולטאַט פון שרעק . . . און אַנגעשראָקען זענען אַלע געווען, ניט נאָר די פרויען . . .

ביי מיר אין געדאַנק איז דורכגעלאָפען אַ מחשבה'לע: אפשר איז דאָס דער לעצטער שלוש־סעודות? און דער זעלבער געדאַנק, פאַרשטעה איך, האָט אַלעמען באַאומרוהיגט, מחמת דער עולם האָט געפּראַוועט יענעם שלוש־סעודות מיט גרויס כונה.

שטעלט אייך פאַר אַ פינסטערער קעלער איז אָנגעפילט מיט איבערגעשראָ־קענע מענשען און איבער דער פינסטערניש פון קעלער וויגט זיך שטיל אַ טרויעריג־זיסע תפילה:

„יה זכות אבות יגן עלינו;
נצח ישראל! מצרותינו גאלינו
ומבור גלות דלנו והעלנו..."

„רבוש"ע! זכות אבות זאָל אויף אונז מגין זיין;
אייביגער פון ישראל! פון אונזערע צרות לייז אונז אויס
און פון דער געזונקענקייט פון גלות, ציִ אונז אַרויס און דערהויב אונז".

איך האָב דעמאָלט געטראַכט: אין בטחון, אין אמונה ליגט דער אידישער כוח! אידען ליגען אין קעלער אונטער'ן שאָטען פון טויט און... פּראַווען שלוש־סעודות, בענשען, דאַווענען מעריב און מאַכען הבדלה!... אשרי המאמין! וואויל צו אונז אידען, מאמינים בני מאמינים, רחמנים בני רחמנים!...

און עס האָט זיך פון מיר אָפּגעטאָן יעדע מורא, איך בין אַבסאָלוט באַפרייט געוואָרען פון שרעק און איך גלויב אַז איך בין ניט געווען דער אייִנציגער צווישען דעם עולם אין קעלער וואָס די שרעק האָט זיך אין זיי אויפגעלייזט.

און אָט איז געקומען אַ סיגנאַל, אַז דער שונא איז אַוועק.

מיר פאַרלאָזען דעם קעלער, מיר געהען אין הויז אַריין נייגעריגע נאָך ראַדיאָ־נייעס (צוליב שבת איז די ראַדיא דעם גאַנצען מעת־לעת געווען געשלאָסען). מיר עפענען דעם ראַדיא־קראַן און עס גיסט זיך נייעס:

„נעכטען, פרייטאָג, האָט דער שונא באָמבאַרדירט 45 פּונקטען. דער שונא האָט כמעט אָפּגעבאָמבאַרדירט אַלע לופט־באַזעס איבער'ן לאַנד, אַלע אַמוניציע פאַבריקען זיינען באָמבאַרדירט געוואָרען!"

אין געצעהלטע מינוטען אַרום אַנאָנסירט די ראַדיא אַ וויכטיגע מעלדונג:

„אַזוי ווי צו אַ סך עלטערען האָבען זיך באַקומען טעלעגראַמעס, אַז זייערע קינדער זענען געפאַלען אין שלאַכט, לאָזט די רעגירונג וויסען, אַז די טעלעגראַמעס זענען געשיקט געוואָרען פון פינפטע קאָלומניקעס".

די דאָזיגע ידיעה רופט אַרויס טרויער און פרייד: פרייד פאַר די מוטערס און טרויער אויף דעם פאַקט וואָס דער „פינפטער קאָלום" אַרבייט אַזוי טיכטיג און סיסטעמאַטיש אויף דער דעמאָראַליזאַציע פון דער ציווילער באַפעלקערונג...

און נאָך דער דאָזיגער מעלדונג קומט נאָך אַ מעלדונג:

„אין פיל ערטער האָבען די דייטשע עראָפּלאַנען אַרונטערגעוואָרפען צוקער־קעס, שאָקאָלאַדען, קינדערלאַד האָבען זיך צו זיי צוגעכאַפּט, געגעסען און פאַרגיפ־טעט געוואָרען. די באַפעלקערונג ווערט געוואָרענט ניט צו באַרירען דעם דאָזיגען מין מטעמים".

און נאָך איידער איהר פאַספּייעט איינצוזאַפּען איין נייעס ברענגט די ראַדיא אַ צווייטע, אַ דריטע און אַ פערטע און אַזוי אָהן אַ צאָהל נייעס:

„קאַטאָוויץ און טשענסטאָכאָוו זענען געפאַלען!"

טשענסטאָכאָוו איז פאַרעכענט פאַר אַ הייליגער שטאָדט און בכדי אידען זאָלען

חלילה ניט מטמא זיין די קדושה פון טשענסטאכאוו, האבען פוילישע אַנטיסעמיטען פאַרלאַנגט פון דער רעגירונג, אַז זי זאָל פאַרבאַטען דעם אַריינקום פון אידען קיין טשענסטאָכאוו.

און אַט מעלדעט די ראַדיא, אַז „יאסנא־גורא" איז באַמבאַרדירט געוואָרען. פון גאַנץ פוילען פלעגען טויזענטער פּילגרימען עולה רגל זיין קיין טשענסטאָכאוו צו דער יאסנא־גורא.קריסטליכע שכנים וואס הערען זיך צו צו דער ראַדיא, צלמ'ן זיך איבער און מורמלען: „אויב, יאסנא־גורא איז שוין געפאלען איז די מלחמה אַ פאַרלוירענע, דער פאַר־באַג האַט זיך פון אונז אַפּגעקערט! ..."

און אַט הערט זיך געבעלס'עס שטימע אויף דער ראַדיא: ער בעט מחילה פאַר דער מילדער באַמבאַרדע וואָס ער האָט באין ברירה נעבאַך, געמוזט מאַכען אויף דער יאסנא גורא... און ווידער לאַזט די ראַדיא וויסען — הפנים אַן ענט־פער אויף געבעלס'עס אַפּעלאַציע — אַז דייטשע עראָפּלאַנען האבען אומברחמנות'־דיג צובאַמבאַרדירט אַלע גרויסע קירכען, מוזעאומס און שפּיטאַלען.

און אַזוי איז די גאַנצע נאַכט אַוועק מיט ראַדיא געגרילץ וועגען שוידער, אומקום, טויט און פאַרניכטונג און פאַרטאָג ווען די ראַדיא האָט זיך איינגעשטילט האבען מיר צוהערער זיך געוואונדערט און געפרעגט איינער ביים צווייטען:

— וואו איז פוילענס מעכטיגקייט? וואו איז דער פוילישער ווידערשטאַנד?!

וואו איז אַהינגעקומען פוילענ'ס לופט־פלאָט? איך האָב נישט איינמאָהל בייגע־וואוינט די יום־טוב'דיגע דעמאָנסטראַציעס לכבוד דעם דריטען מאַי, דער טאָג פון דער פוילישער קאָנסטיטוציע.

איך האָב בייגעוואוינט די דעמאָנסטראַציעס פון דער אַרמיי. איך האָב צוגע־זעהן אַט דעם גאַנצען צערעמאָניאל מיט דער דעפּיליאַדע (הויפּט־באַגריסונג) וואס רידז־שמיגלי האָט אַזוי באַריהמעריש דורכגעפירט. וואו איז — האָב איך געטראַכט — אַהינגעקומען די אַרמיי? פאַרוואָס הערט מען ניט פון די הויפּט־אַנפיהרער פון אַט דער מעכטיגער אַרמיי פון דער זעקסטער מלוכה אין אייראָפּע?...

* * *

זונטאַג פריה, דער דריטער סעפּטעמבער.

איך און מיינע חברים, אויסגעהאַלטענע שומרי שבת, באַשליסען צו געהן אויף אַרבייט. נעכטען האָבען מיר צוליב'ן שבת, איגנאָרירט די בקשה פון דעם אַרמיי־שטאַב און היינט פיהלען מיר צו דינען דעם לאַנד.

אַן ערך קאַרגע פיר מנינים מענשען לאָזען מיר זיך צו די מיליטערישע קאַ־זאַרמעס. מיט'ן וועג ווערט אונזער מהנה פאַרגרעסערט, נייע מענשען שליסען זיך אַן אין אונזערע רייען.

די מיליטערישע מאַכט נעמט אונז אויף זעהר פריינדליך. יעדער איינער פון אונז קריגט אַ האַק מיט אַ קנויל דראַט.

מיר קריגען אַ באַפעהל אַרומצוצוימען מיט דראַט אייניגע בערג.

מיר לאָזען זיך, אין דער באַגלייטונג פון מיליטערישע אינסטרוקטאָרס. אין דער ריכטונג פון די בערג. מיר געהען און מיר זינגען דעם פוילישען נאַציאָנאַלען הימן, כמעט די גאַנצע קריסטליכע באַפעלקערונג פון שטעטעל שליסט זיך אַן אין

אונזערע רייען און דער גאנג אויף אַרבייט נעמט אָן דעם כאראקטער פון אַ נאַציאָ־נאַלער פּראָצעסיע.

ענדליך זענען מיר שוין ביי די בערג. מיר אַרבייטען מיט אַ באַזונדערען פלייס און איינער פון די אַפּיצערען דערקלערט אונז די וויכטיגקייט פון אונזער אַרבייט, לויט זיין דערקלערונג קומט אויס אַז צו פאַרדאַנקען אונזערע דראַטען וועלען די דייטשען ניט זיין ביכולת צו באַהערשען די בערג.

ער שטעלט זיך פאַר אונז פאַר, ער באַרימט זיך מיט זיין געניאַליטעט אין תכסיסי מלחמה, ער ווייזט אונז ווי אַזוי די דייטשען וועלען זיך פאַרטשעפּען אין די דראָטען, ווי אַזוי זיי וועלען גלייך באַשאָסען ווערען פון דער פּוילישער אַרטי־לעריע און ווי אַזוי זיי וועלען — ווי די סנאָפּעס אין פעלד — פאַלען אין די טוי־זענטער... און אין סאַמע מיטען פון דער שילדערונג האָבען מיר דערהערט דאָס רוישען פון די דייטשע לופט־מאַשינען. מיר האָבען זיך דערשראָקען, אַוועקגעלעגט אין אַ זייט די העק מיט'ן דראָט און זיך באַהאַלטען אונטער די בוימער...

אין געציילטע מינוטען אַרום זענען מיר שוין צוריק געווען ביי דער אַרבייט. מיר אַרבייטען און דער אַפּיצער שמועסט מיט אונז זעהר היימיש, גאַנץ געמיטליך און חבריש, זאָג איך אַזוי צום אָפּיצער:

פאַרוואָס האָט מען ניט באַשאָסען דעם שונא'ס עראָפּלאַנען?

דער אָפּיצער האָט טרויעריג געשמייכעלט, געצויגען מיט די פּלייצעס, און... געשוויגען.

זאָג איך: פאַרוואָס הערען מיר אַז קאַטאָוויץ און טשענסטאָכאָוו זענען גע־פאַלען?

ער האָט ווידעראַמאָל געשמייכעלט, געקוקט אויף מיר מיט זיינע אומשולדיגע נאַאיווע אויגען, געצויגען מיט די פּלייצעס און — געשוויגען.

איך האָב איהם שוין מעהר קיין פראַגעס ניט געשטעלט. מיר האָבען פאַר־ענדיגט די אַרבייט און זיך געלאָזט אַהיים.

אויפ'ן וועג אַהיים האָט איינער פון אונז, אַ איד אַ מנגן, פאַרצויגען דעם פּוי־לישען הימן, מיר האָבען מיטגעהאלטען און עס איז געווען ווי מ'זאָגט „ליהודים!"...

ווי מיר געהען אַזוי דערזעה איך דעם גלח טיפּראָוועץ, מיינער אַ פּערזענליכער פריינד, און מיט איהם געהען: דער דאָקטאָר סטריכאַרסקי, און אויך דער פאַר־זיצער פון מאַגיסטראַט, זיי געהען מיט שיינענדיגע פּנים'ער, מיט שמייכלענדיגע אויגען און זיי שרייען אויס צו אונז:

„אַנגליאַ אי פראַנציאַ ז'נאַמי!"

„ענגלאנד און פראנקרייך זענען מיט אונז!"

נאָכדעם באַגריסען זיי אונז און צו אונזער אַלעמענס שמחה איז ניטאָ קיין שיעור און קיין ערך!...

דער גלח און די איבעריגע בשורה־אָנזאָגער האָבען זיך געוואָרפען אויף אונ־זערע העלזער, מיר האָבען זיך געהאַלזט און געקושט און טרערען פון שמחה האָבען זיך געלאָזט פון אונזערע אויגען.

מיר האָבען זיך אַנטשולדיגט פאַר אונזערע מבשרים וואָס האָבען אונז מחיה געווען מיט דער בשורה טובה און מיר האָבען זיך אין מיטען וועג געשטעלט דאַווענען

מנחה, בכדי מיר זאָלען נאָך מנחה קאָנען אַנטיילנעמען אין דער לויה פון דעם דער־מאָרדעטען אַפּיצער וואָס איז געפאַלען אין דעם ערשטען איבערפאַל לעבען דער סלאָוואַקישער גרעניץ.

ביי דער לויה האָט מען אונז צוגעטיילט אַ ספּעציעלען כבוד, מיר האָבען גע־האָט דעם כבוד צו זיין אין דער פאָדערשטער רייע פון די באַגלייטער.

כמעט די באַפעלקערונג פון דער גאַנצער שטאָדט און אויך פון די אַרומיגע דערפער האָבען זיך באַטייליגט אין דער פאַראַדנער לויה וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרען מיט מיליטערישען פּאָמפּ.

קינד און קייט, יונג און אַלט זענען געקומען צו דער לויה.

אַלע האָבען זיך געפיהלט דערהויבען און מ׳האָט געשמועסט וועגען „פּרוסע וויסכאַדניע״, אַ געגענט וואָס באַשטעהט פון אַ ריי שטעדט אויף וועלכע פּוילען האָט געהאַט תביעות — האָט מען געשמועסט, אַז איצט וועט „פּרוסע וויסכאַדניע״, בלי ספק, איבערגעהן צו פּוילען. אין סאַמע בּרען פון דער שמחה זענען אָנגעפלוי־גען פינף דייטשע עראָפּלאַנען. האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט איבער די קעפּ פון דער ריזיגער מענשען־מאַסע. האָבען צוטריבען דעם עולם און זענען זיך צוריקגעפלויגען.

דער ארון איז געבליבען מיט אַ פּאָר געציילטע מענשען, וועלכע האָבען איהם שוין באַגלייט אָהן איבעריגען רעש צום בית הקברות, וואו דער געפאַלענער העלד איז אָהן רעש׳יגען צערעמאָניאַל באַערדיגט געוואָרען.

אויפ׳ן וועג אַהיים פון דער לויה האָב איך געקויפט אַ צייטונג. די צייטונג האָט דערצעהלט וועגען גרויסע נצחונות וואָס די פראַנצויזישע אַרמייען האָבען אָפּ־געהאַלטען אין רהיין־געביט; אַז ענגלישע און פּוילישע עראָפּלאַנען האָבען באָמבאַר־דירט בערלין וכדומה . . .

די דאָזיגע ידיעות האָבען אונז איבערצייגט אַז אין אַ משך פון טעג, העכסטענס וואָכען וועלען ענגלאַנד און פראַנקרייך ליקווידירען דעם היטלעריזם.

מיר זענען אַוועק אַהיים צופרידענע. און נאָך צוויי שלאָפלאָזע נעכט, זענען מיר די זונטאָגדיגע נאַכט געשמאַק געשלאָפען, איך בין איינגעשלאָפען טראַכטענדיג ווי אַזוי די אַליאירטע אַרמייען שטראָמען קיין דייטשלאַנד, ווי אַזוי דייטשלאַנד ווערט דעמאָקראַטיש. ווי אַזוי פּוילען נעמט איבער „פּרוסע וויסכאַדניע״ און ווי אַזוי פראַנקרייך און ענגלאַנד לערנען מיט פּוילען הלכות דעמאָקראַטיע, ווי אַזוי אידען אין פּוילען ווערען אויפגעריכט, און אַז . . . מאַי דעבד רחמנא לטב עבד!

מיט אַזעלכע געדאַנקען בין איך איינגעשלאָפען. די דאָזיגע זיסע רעיונות האָ־בען מיך פאַרשלעפערט און עס איז מיר זונטאָג ביינאַכט, דעם דריטען טאָג פון אָנפאַנג פון דער גרעסטער וועלט־שחיטה, געוועזן גוט און וואויל און אָנגענעם.

# די אַרמיי ווערט אַנטוישט אין דער פיִרערשאַפט

מאָנטאָג פאַרטאָג, דעם 4־טען סעפּטעמבער בין איך אויפגעשטאַנען פון שלאָף אַ מונטערער, פול מיט בטחון און הרחבת הדעת.

די מלחמה דערקלערונגען פון ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבען אין אַלעמען און אויך אין מיר געוועקט גרויסע האָפנונגען.

די טיר האָט זיך געעפענט און עטליכע סאָלדאַטען זענען אַריינגעקומען. זיי האָבען זיך העפליך באַגריסט. מיר האָבען זיי אויפגענומען זייער פריינדליך און איך האָב ערוואַרטעט צו הערען פון זיי חדשות לטובה.

אָבער זייערע פּנימער האָבען אויסגעדריקט אַנטוישונג, אַנטמוטיגונג. ערשט נעכטען זענען די סאָלדאַטען געווען אויפגעלעגט, מונטער און פריילאַך און היינט — מיט איין טאָג שפּעטער — זענען זיי אין גרויס מרה שחורה.

„מיר זענען געקומען הערען נייעס פון דער ראַדיאָ״ — האָט זיך אָפּגערופען צו מיר איינער פון זיי.

„מיט פאַרגעניגען״ — האָב איך געענטפערט און בין צו צו דער ראַדיאָ, אַ דריי געטאָן ס׳קנעפּעל און געלאָזט אין גאַנג די נייעס.

„ריזיגע קאָלאָנען פון דייטשע פּאַנצער דיוויזיעס, געשטיצט פון כוואַליעס עראָ־פּלאַנען דערנעהענטערען זיך צו קראָקע״ — האָט די ראַדיאָ געמאָלדען.

די דאָזיגע נייעס האָט מיך צובראָכען. אַן אַנטוישטער האָב איך אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ בכדי מיין בליק זאָל זיך ניט באַגעגענען מיט די בליקען פון די אַנטוישטע זעלנער. איך בין אַזוי געשטאַנען אַ פּאָר מינוט אַ פאַרזונקענער אין דראַאינערונ־גען וועגען דער שטאָדט קראָקע און בכדי צו הויבען דעם געמיט פון אונזערע מוט־לאָזע געסט, האָב איך צו זיי אַ זאָג געטאָן:

„נשקשה! . . . ניט געפערליך! . . . מאַרשאַל רידז־שמיגלי האָט פאַרזיכערט אַז „מיר וועלען אַפילו אויף קיין קנעפּעל ניט נאָכגעבען!״.

„אויף קיין קנעפּעל ניט נאָכגעבען!״ — האָט איינער פון די סאָלדאַטען מיר איראָניש איבערגעקרומט.

— וואו איז ער ערגעץ רידז־שמיגלי? ! — האָט זיך אַ צווייטער זעלנער אָפּ־גערופען — זיי וועלען נאָכגעבען! נאָכגעבען וועלען זיי! . . . און ניט אויף אַ קנעפּעל נאָר — אויפ׳ן גאַנצען מאַנטעל! . . .

— האָסט אפשר אַ שטיקעל ברויט פאַר אונז? — האָט זיך אָפּגערופען אַ דריטער זעלנער.

די סאָלדאַטען האָבען זיך געזעצט צום טיש. מיר האָבען זיי דערלאַנגט ברויט און צום ברויט, זיי האָבען געגעסען ווי זיי וואָלטען געקומען פון הונגער־לאַנד. גע־געסען און געשוויגען, זייער שווייגען האָט אויסגעדריקט פּראָטעסט, וועהטאָג, פאַר־דרוס און אַנטוישונג . . . זיי האָבען געגעסען ווי אבלים, ווי זיי וואָלטען זיך עפּעס

געשעמהט פאַר זיך אַליין... יעדער איינער פון זיי האָט אויסגעמיטען דעם צווייטענס בליק.

איך האָב געפיהלט ווי צו טרייסטען די פאַר־מרה־שחורה׳טע זעלנער, האָב איך זיך צו זיי געווענדעט אין אַ זעהר צאַרטען טאָן:

— ברידער! — האָב איך צו זיי אַפּעלירט — פאַרלירט אייך נישט!... ענגלאַנד און פראַנקרייך זענען מיט אונז!... קראָקע וועט געבען אַ ווידערשטאַנד... אין דער לעצטער וועלט־מלחמה איז קראָקע געווען אַרומגערינגעלט פון די רוסען און די רוסען זענען געשטאַנען אַרום דער שטאָדט העכער אַ יאָהר צייט ביז זיי האָבען געבראָכען דעם ווידערשטאַנד פון די עסטרייכער... קראָקע איז דאָך באַשיצט פון דער ווייסלע...

אָבער די סאָלדאַטען האָבען זיך ניט געלאָזט טרייסטען, זיי האָבען גערעדט מיט פאַרדרוס וועגען דער אַנאַרכיע וואָס הערשט אין דער אַרמיי; וועגען דער אוּמפאַראַנטוואָרטליכקייט פון די אַרמיי פיהרער וכדומה...

— אָבער עסען קריגט איהר צו זאָט!... — האָב איך אַזוי, כלאחר יד, אַ זאָג געטאָן.

די סאָלדאַטען האָבען דערצעהלט אַז פאַר די לעצטע טעג האָבען זיי קיין עסען ניט געקראָגען און דערפאַר האָבען פיל סאָלדאַטען פשוט דעזערטירט פון דער אַרמיי און קיינער האָט זיי אין דעם ניט געשטערט...

איך האָב זיי פונדעסטוועגען פאַרזיכערט אַז קראָקע וועט ניט פאַלען, אַז קראָקע, פוילען׳ס שטאָלץ, די שטאָדט וואו אַלע פוילישע מלכים האָבען געוואוינט און זענען באַערדיגט געוואָרען, אָט די שטאָדט — האָב איך זיי געטרייסט — וועט ניט פאַלען!

און ווי איך האָלט זיי אַזוי אין טרייסטען, לאָזט דער ראַדיא אַנאָנסער וויסען אַז קראָקע איז געפאַלען, אָהן דעם מינדסטען ווידערשטאַנד; אַז די אַרמיי וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו באַשיצען די שטאָדט האָט קאַפּיטולירט צו די דייטשען!

מיך האָט פאַרקלעמט ביים האַרצען הערענדיג דעם דאָזיגען אַנאָנס צוערשט אין אַ געבראָכענעם פויליש מיט אַ דייטשען אַקצענט און נאָכדעם אין דער דייטשישער שפּראַך.

איינער פון די סאָלדאַטען האָט צוזאַמענגעבראָכען, טרערען האָבען זיך אוּמאויפהערליך געגאָסען פון זיינע אויגען. ער האָט פאַרלוירען דעם קאָנטראָל און האָט יאָמערליך געקלאָגט, גערעוועט ווי אַ בהמה נאָך דער שחיטה. אויף איהם קוקענדיג האָבען די איבעריגע חברים זיינע אויסגעבראָכען אין אַ געוויין און אונזערע בני בית האָבען מיטגעוויינט מיט זיי.

— ניט ווירדיג! ניט ווירדיג! — האָט איינער פון די סאָלדאַטען געדונערט.

— אַ בזיון! צו שאַנד און צו שפּאָט האָבען זיי אויסגעשטעלט דעם נאָמען פון אונזער אַרמיי! — האָט אַ צווייטער זעלנער געליאַרעמט מיט צער און צאָרן אין קול.

מיר איז געוואָרען שטאַרק אוּמהיימליך מיט די זעלנער און איך האָב זיי פאַרגעשלאָגען אַז מיר זאָלען אַרויסגעהן אויף דער גאַס.

מיר זענען אַרויס אין גאַס. די זעלנער זענען זיך אָוועק זייער וועג און איך בין מיר צוריקגעגאנגען אַהיים.

דאָס פאַלען פון קראָקע האָט אויף מיר געמאַכט אַ שוידערליכען איינדרוק. מחמת פון מיין פריהסטער יוגענט אָן בין איך געווען פארבונדען מיט דער דאָזיגער שטאָדט צו וועלכער מיינע פוילישע לעהרער האָבען אין מיר אַנטוויקעלט אַ סענטימענט פון ליבע און פאַטריאָטיזם.

קראָקע האָט מיך דעראינערט אין דער צייט ווען איך בין געווען אַ נייך־יאָהריגער בחור'ל, ווען איך האָב זיך אויסגעצייכענט אין מיינע למודים אין דער „שקאָלאַ פאָווסעכנאַ" (פאָלקס שולע) און איך בין באַלוינט געוואָרען מיט אַ פרייער רייזע קיין קראָקע.

איך מיט נאָך עטליכע קריסטליכע שילער, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט אין לערנען, זענען אויפ'ן חשבון פון דער שולע, אין דער באַגלייטונג פון אַ לעהרער, געפאָרען קיין קראָקע.

דער לעהרער האָט אונז געוויזען אַלע היסטאָרישע פלעצער פון שטאָדט: דעם קבר פון דעם דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש, דעם „וואַוועל באַרג" אויף וועלכען עס געפינט זיך דער קעניגליכער שלאָס; די קירכע מיט אַן אמת'דיגען גאָלדענעם דאַך, די „אידען־שטאָדט" וואָס הויבט זיך אָן ביי די פוסטריט פונ'ם „וואַוועל־באַרג"; דעם „וואַוועל פאַלאַץ" וואו עס געפינען זיך די קברים פון די פוילישע מלכים (אגב: אויך פילסודסקי איז, לויט זיין וואונש, באַערדיגט געוואָרען אין קראָקע אין „וואַוועל פאַלאַץ"), די „סוקאַניצע": אַ ריי געמויערטע געביידעס וואו מען פאַרקויפט פאַרשידענע סאָרטען געוואַנט און עס געפינען זיך אויך פאַרשידענע אַלטערטימליכע קונסט־אַרטיקלען וואָס האָבען אַ שייכות צו דער געשיכטע פון פוילען. די לעגענדע לויטעט אַז די „סוקאַניצע" איז געבויט געוואָרען פון „קאַזימיערזש דעם גרויסען" וועלכער האָט געלעבט אין 13־טן יאָרהונדערט.

אָט די אַלע איינצעלהייטען זענען מיר געקומען אויפ'ן זכרון געהענדיג אַהיים. מיט די זכרונות פון מיין קינדהייט אין שייכות צו דער שטאָדט קראָקע. בין איך אַהיימגעקומען און ערשט אינדערהיים. האָט דער זכרון מיינער ווייטער גענומען שפינען זכרונות וועגען קראָקע:

די לעגענדע לויטעט אַז ביז קאַזימיערזש דעם גרויסען איז קראָקע געווען אַ „הילצערנע שטאָדט" און מיט קאַזימיערזש'ן הויבט זיך אָן „די מויערען עפּאָכע". קאַזימיערזש איז געווען דער ערשטער וואָס האָט איינגעפירט געמויערטע געביידעס. די לעגענדע לויטעט אויך, אַז קאַזימירזש האָט איבערגעבויט פוילען פאַר אידיש גאָלד. אַז אידען האָבען געוואָלט איינוואַנדערען קיין פוילען און דער „ברייטהאַרציגער" רעפאָרמאַטאָר קאַזימיערזש דער גרויסער האָט פאַר אָט דער פּריווילעגיע זיך געלאָזט „אָפּגילטען". דהיינו: אידען האָבען איהם אָנגעשאָטען אַ באַרג מיט גאָלד און נאָך דער איינוואַנדערונג זענען זיי געוואָרען זיינע לייב־אייגענטימער.

מיין זכרון פרישט אָפּ אָט די אַלע זכרונות און איך דערמאָן זיך ווי מיין קינדעריש האַרץ האָט זיך דעמאָלט געצאַפּעלט אויס מיטגעפיל צו די דעמאָלטיגע אידען וואָס האָבען נעבאָך פאַר דער פּריווילעגיע פון איינוואַנדערען אָוועקגעגעבען

דעם „נפש'' מיט'ן „רכוש'', ניט ווי אין פסוק שטעהט: „תן לנו את הנפש והרכוש קח לך''... און איך געדענק זעהר גוט, פונקט ווי עס וואלט ערשט נעכטען גע־שעהן, ווי טרערען האבען זיך געלאזט פון מיינע אויגען און איך האב פארבונדען דאס אידישע גאלד מיט'ן „חטא העגל'' און די איינוואנדערונג מיט'ן „תוקף הגליות'' און די שטאדט קראקע ווערט מיר איינגעבאקען אין הארצען, זי אנטהאלט לויט מיין אידישען באגריף א אידישען תוך מיט א פוילישער דעקאראציע, דהיינו: דאס חיצוניות איז פארבונדען מיט פוילען און דער תוך, דאס פנימיות איז — א י ד י ש...

איך געדענק זעהר גוט ווי איך האב זיך טרוימעריש פארטראכט שפינענדיג אט דעם געדאנק, און מיין פוילישען לעהרער איז געפעלען געווארען אט די פאר־טראכטקייט פון דעם אידישען אינגעל. כאטש ער האט ניט געוואוסט וואס אונטער אט דער פארטראכטקייט שטעקט...

איך דערמאן זיך דאס אלעס און איך טראכט: אונזערע עלטער־עלטער זיי־דעס האבען באצאהלט מיט גאלד פאר איינוואנדערונג און פון זייערע אור־אור־איי־ניקלאך וועט מען איצט אין קראקע צונעמען ס'גאלד און באלוינען מיט אויסוואנ־דערונג... און ווידער טראכט איך: קראקע איז דאס הארץ פון פוילען, קראקע איז פון אלע פאליאקען פארהייליגט, די יוגענטליכע אין די שולען ווערען געלערענט אז קראקע איז די היסטארישסטע שטאט פון פוילען און גרויס ליבע ווערט ביי זיי איינגעפלאנצט צו דער דאזיגער שטאט, טא פארוואס־זשע הא טמען די היסטא־רישסטע שטאדט אויפגעגעבען אהן דעם מינדסטען ווידערשטאנד?

איך זעה דערינען פארראט! אויך אין דעם זעה איך די האנט פון פינפטען קאלום!

איך קאן ניט בלייבען אין הויז. מיינע טרויעריגע מחשבות פארפאלגען מיך ביז משוגעת. איך באשליס ארויסצוגעהן אין גאס צווישען מענשען.

אין גאס זענען די וועגט באקלעפט מיט פלאקאטען, אז יונגע מענשען זאלען זיך מעלדען אין דער מיליטערישער ביורא פאר ארבייט: פאר גראבען שוץ־גרי־בער און פאר באוואכען די בריקען און די וועגען.

איך בין גלייך אוועק אין ביורא אריין און האב זיך געמאלדען. מ'האט מיך באשטימט פאר א וועכטער ביי א בריק. איך האב געהאט די אויפגאבע אכטונג צו געבען אז מ'זאל ניט אונטערלעגען קיין באמבע אונטער'ן בריק.

אויפ'ן וועג צום בריק זעה איך א געטומעל, מענשען לויפען איבערראשט היך־און־צוריק, איך האב אפגעשטעלט א פאר מענשען און איך בין געוואויר געווארען, אז א דייטשער עראפלאן האט ארונטערגעלאזט א פאראשוטיסט און דאס מיליטער און די באפעלקערונג האבען אויסגעשפרייט א נעץ אויף צו כאפען דעם „פויגעל'' און נאכדעם ווי מ'האט אפגעשטעלט הונדערטער מענשען. האט מען דעם פארא־שוטיסט ענדליך געכאפט. דיסקוטירען די מענשען צי דער פאראשוטיסט וועט יא אדער ניט היינגעריכטעט ווערען און זיי דערקלערען:

דייטשלאנד האלט, אז א פאראשוטיסט איז א זעלנער און אלס אזעלכער בא־דארף ער באהאנדעלט ווערען ווי א געפאנגענער. פוילען ווידער באטראכט דעם פאראשוטיסט ווי א שפיאן, א שפיאן דערפאר ווייל ער רעדט פויליש און טראגט

אויך אַ פוילישען מיליטערישען מונדיר, אַנשטאַט אַ דייטשען...

די מענשען זענען נקמה־דורשטיק און זיי זענען שטאַרק בייגעריג צו וויסען וועגען דעם גורל פון דעם פאַראַשוטיסט, אַמפּערען זיי זיך, טייל זאָגען אַז מ׳וועט איהם יאָ הינריכטען, טייל זאָגען — ניט הינריכטען, דערווייל זעה איך אַ שטראַם פון הונדערטער מענשען דערנעהענטערען זיך צו אונזער גאַס און די שמחה זייערע איז אין לשער.

דער געכאַפּטער פאַראַשוטיסט ווערט אַפּגעפירט אין מיליטערישען שטאַב אַריין. פירט מען איהם דעמאַנסטראַטיוו און מיר ווערען געוואויר אַז מ׳האָט ביי איהם געפונען עטליכע בריוו אַדרעסירט צו אַנגעזעהענע פוילישע פערזענליכקייטען אינטעלעקטואַלען און אויך מיליטער לייט... צווישען די בריוו איז אויך געווען אַ בריוו אַדרעסירט צום דערשאָסענעם פאַרוואַלטער פון דער עראָפּלאַנען פאַבריק אין קראַסנא...

די בריוו און אויך דער פאַקט וואָס זיי זענען געווען אַדרעסירט צו מענשען וואָס האָבען גרויס אַנזעהן אין מיליטערישע און רעגירונגס קרייזען האָבען שטאַרק אַנטוישט די אַרמייער. די סאָלדאַטען האָבען פאַרלוירען דעם צוטרוי אין דער פּי־רערשאַפט.

מיט שטונדען שפּעטער איז דער פאַראַשוטיסט הינגעריכטעט געוואָרען.

# איך פאַרלאָז מיין היים

איך בין דערווייל אַוועק צו דער באַשטימטער בריק, בין אָפּגעשטאַנען דעם טאָג, האָב קיינעם ניט דורכגעלאָזט, סיידען דער דורכגעהער אָדער דער דורכרייזענדער האָט זיך לעגיטימירט. איך האָב אין יעדען איינעם געזעהן אַ „פינפטען קאַלומניק״... אַלעמען חושד געווען...

פאַרנאַכט בין איך אומגעביטען געוואָרען פון אַ צווייטען וועכטער און בין אַהיים געגאַנגען...

געקומען אַהיים, האָב איך, ווי דער שטייגער איז, געעפענט די ראַדיאָ. די ראַדיאָ האָט דערצעהלט וועגען דייטשע נצחונות, איין נצחון גרעסער פאַר דעם צווייטען...

מיד פון שטעהן אויף די פיס אַ גאַנצען טאָג בין איך געווען. די דייטשע נצחונות האָבען זיך געלעגט שווער אויף מיין געמיט, האָב איך געשלאָסען די ראַדיאָ און זיך געלעגט שלאָפען.

דינסטאָג אין דער פריה, דעם 5־טען סעפּטעמבער:

פון דער ראַדיאָ שטראָמט אַ שפע פון דייטשע נצחונות — נצחונות פאַנטאַסטישע וואָס קלינגען באַריהמעריש!...

איך פאַרלאָז די הויז, לאָז מיך אין גאַס אַריין.

אין גאַס איז לעבעדיג: די מלוכה־אַפּאַראַטען גיבען אויף זייערע פונקציעס. די פּאָסט, די פּאָליציי, די געריכטען און דער מאַגיסטראַט פּאַקען זייערע אַרכיוועןאין וועג אַריין... אידען דרעהען זיך אַרום פאַרשמאַיעטע, איבערגעשראָקענע, סוד׳ען זיך, ווייסען ניט וואָס צו טאָן...

„אין מנוס לי!״... ניטאָ וואוהין צו לויפען — באַקלאָגט זיך אַ איד פאַר אַ גרופּע צושראָקענע אידען וואָס האָבען איהם אַרומגערינגעלט. איך נויג צו מיין אויער און הער זיך צו צו די רייד פון דעם אידען.

דער איד רעדט שטיל, האַרציג און זאַכליך:

„דוקלאַ איז 14 קילאָמעטער פון דער גרעניץ. צו בלייבען אין דוקלא איז ניט קיין פּלאַן... קראַקע איז געפאַלען... נאָך קראַקע קומט טאַרנאָוו... אויב זיי האָבען ניט געגעבען קיין ווידערשטאַנד לעבען קראַקע, פאַרוואָס זאָלען זיי ביי טאַרנאָוו יאָ געבען אַ ווידערשטאַנד?!... אַ טייל פּוילען איז אָפיציעל שוין אָקופּירט און די צווייטע טייל איז אומאָפיציעל אָקופּירט פון דעם . . . פינפטען קאָלום...״

„איכ׳ל אייך פרעגען אַ פראַגע — האָט זיך אָפּגערופען אַן עלטערער איד — נאָר איך בעט אייך אַז איהר זאָלט פון מיר ניט לאַכען:

„איך הער די גאַנצע צייט מענשען רעדען: „אַ פינפטער קאָלומניק״. וואָס הייסט אַ פינפטער קאָלומניק? ווער איז ער און וואָס וויל ער? איז ער אַן אונזעריגער אָדער אַ „יעקע״?

„ניט אַנדערש איהר זענט נאַר וואָס פון הימעל אַרונטערגעפאַלען", האָט זיך אָפּגערופען איינער פון דער גרופּע, „איהר קומט פון יענער וועלט ?"

און דער איד גיט זיין דעפיניציע:

„אַ פינפטער קאָלומניק איז אַ „רואה ואינו נראה", ער זעהט אַלעס און לאָזט וויעגען דעם וויסען ,יעקע'ן".

איך בין אַוועק פון דעם רעדעל אידען און בין אַריבער צו אַ צווייטען רעדעל: דאָ ביים צווייטען רעדעל בין איך געוואויר געוואָרען אַז די מיליטערישע אויטאָריטעטען זענען שטאַרק צוגעלאָזען, לאָזען זיך רעדען, און אַז אייניגע אידען זענען געווען אין די מיליטערישע „הויכע פענסטער", גערעדט מיט די „קאַרפּען קעפּ" פון דער אַרמיי, זיך שואל עצה געווען מיט זיי וועגען דעם, צי עס איז ראטזאַם, אַז זיי זאָלען פאַרלאָזען די שטאָדט. און די „קעפּ" האָבען געענטפערט אַז זיי וועלען מסתמא געבען אַ ווידערשטאַנד . . . עס איז אָפּהענגיק פון די אַנטוויקלונגען אויפ'ן פראָנט . . .

און אַז אידען האָבען געזעהן אַז דער „אדון" לאָזט זיך רעדען, האָבען זיי זיך אָנגענומען מיט מוט און האָבען אַ פרעג געטאָן הלמאי מ'האָט ביי „קרוקע" ניט געגעבען קיין ווידערשטאַנד. האָט דער „אדון" געענטפערט, אַז עס האָט זיך בעסער געלוינט אויפצוגעבען די שטאָדט אָהן אַ קאַמף איידער זי זאָל חלילה חרוב ווערען פון דעם שונא'ס באָמבעס און אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך וועלען אין טעג אַרום איבערפאַלען דייטשלאַנד, וועט זיך „יעקע" במילא מוזען צוריקציהען פון פוילען, וועט פוילען בלייבען אַ גאַנצע, ניט קיין חרוב'ע.

און זיי האָבען פאַרזיכערט אַז ביי טאַרנאָוו וועט מען געוויס געבען אַ ווידערשטאַנד.

איך בין אַזוי אַרומגעגאַנגען פון רעדעל צו רעדעל און פון די אַלע גערעדערייען בין איך געקומען צום שלוס אַז די מערסטע איינוואוינער פון שטאָדט זענען גענייגט צו לויפען קיין פשעמישל.

דערווייל איז מען דורך דער ראַדיאָ געוואויר געוואָרען, אַז די אַרומיגע דערפער זענען שטאַרק באָמבאַרדירט געוואָרען פון דייטשע עראָפּלאַנען און אַז דאָס דאָרף רזיג איז אָמשטאַרקסטען באָמבאַרדירט געוואָרען, הפנים צוליב די אויל־ריי־פיינעריס וואָס געפינען זיך דאָרטען.

און נאָך איידער מיר האָבען פאַספּייעט זיך צו באַפרייען פון דעם ערשטען איינדרוק וואָס די ידיעה וועגען דער באָמבאַרדע אויף די דערפער אַרום דוקלאַ האָט אויף אונז געמאַכט, האָט די ראַדיאָ געבראַכט אַ פרישע איבעראַשונג:

„טאַרנאָוו איז געפאַלען !"

פון דער דאָזיגער ידיעה זענען מיר גאָר מבולבל געוואָרען. טאַרנאָוו געפינט זיך אויף אַ שטח פון 176 קילאָמעטער פון דוקלאַ, די דייטשען האָבען אין זייער מאַרש קיין פוילען געהאַט „קפיצת הדרך" און מענשען האָבען מורא געהאַט אַז די דייטשען וועלען אַריין קיין דוקלאַ אי פון טאַרנאָוו אי פון דער סלאָוואַקישער זייט...

איך האָב באַשלאָסען גלייך צו פאַרלאָזען דוקלאַ, כאָטש ביי מיר אין געדאַנק האָט זיך נאָך ניט אויסגעפאָרמירט קיין פּלאַן ווי אַזוי איך זאָל אַנטלויפען און — וואוהין.

אין דעם האָט די מיליטערישע מאַכט געלאָזט וויסען אַז מאָרגען, דאָנערשטאָג, דעם 7־טען סעפטעמבער כאור הבוקר וועט זיך די אַרמיי עוואַקואירן און זי שלאָגט פאָר, אַז די יוגנטליכע זאָלען מיטגעהן, מחמת די דייטשען מאָביליזירען די יוגענט פאַר צוואַנג־אַרבייט אין דער אַרמיי. קלאַנגען האָבען זיך אויך פאַרשפּרייט, אַז די דייטשען שלאַכטען אויס די יוגענטליכע...

טייל יוגענטליכע זענען מיטגעגאַנגען מיט דער אַרמיי, די אַרמיי האָט זיי ניט אַרויסגעגעבען קיין מיליטערישע מונדירען און אויך ניט קיין געוועהר. טייל מענ־שען האָבען געהאַלטען אַז מיטגעהן מיט'ן מיליטער, מיינט געהן אויף אַ זיכערען טויט און זיי האָבען באַשלאָסען צו לויפען קיין פּשעמישל, שפּעטער האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזען אַז די אַלע וואָס זענען מיטגעגאַנגען מיט דער אַרמיי זענען אויס־געשלאַכטעט געוואָרען. מענשען וואָס זענען געלאָפען פון שטאָדט מיט פערד און וואָגען און אויך צופוס האָבען אויפ'ן וואָגעל־וועג אויף זייערען אַנגעטראָפען אויף די טויטע קערפּערס פון די קרבנות וואָס זענען אַוועק מיט דער אַרמיי...

די פּוילישע אַרמיי איז ניט געווען מאָטאָריזירט, האָט זי זיך געשלעפּט מיט פערד און וואָגען, בעת די דייטשע אַרמיי מיט איהרע מאָטאָרציקלעטען, טאַנקען און געפּאַנצערטע אויטאָס האָט געמאַכט ריזען שריט פאָראויס אַזוי אַז די עוואַקואירטע אַרמיי איז פּשוט געגאַנגען צום שונא אין די הענט אַריין, במילא זענען שוין די ציווילע מיטגעהער אויך אַריינגעפאַלען צום שונא.

אַרום און אַרום האָט עס אויסגעזעהן ווי דער פערד וואָלט זיך פאַרמאַסטען אין אַ געיעג מיט דעם אויטאָ... עס איז געווען אַ קאַמף פון פלייש אוןביין געגען שטאָל און אייזען.

אַ סך יוגענטליכע און איך אויך בתוכם האָבען באַשלאָסען צו לויפען קיין פּשעמישל. פּשעמישל געפינט זיך אַן ערך 100 קילאָמעטער פון דוקלאַ. געהן צופוס אַזאַ שטרעקע, ווען די מינוט שפּילט אַ ראָלע, איז ניט קיין פּלאַן, האָבען מיר באַשלאָסען צו לויפען מיט פערד און וואָגען.

די פערד מיט די וועגענער זענען אייגעשטאַנען אין גוי'אישע הענט, גוים האָבען ניט באַגריפען די סיטואַציע, האָבען זיי באַשלאָסען צו שלאָגען קאַפּיטאַל פון דעם מאַנגעל אין פערד און זיי האָבען „געשונדען אַ הויט": 200 זלאָטעס פאַר אַ פערד און וואָגען קיין פּשעמישל, אין מינוטען אַרום האָט זיך דער פּרייז געהויבען פון 200 צו 400, צו זעקס, צו אַכט הונדערט, טויזענט זלאָטעס און העכער.

אין אַנגעזיכט פון טויט האָט קיין געלט, פאַרשטענדליך, ניט געשפּילט קיין ראָלע, האָבען אידען געצאָהלט וויפיל נאָר דער פויער האָט פאַרלאַנגט און מען האָט מאַסענווייז געמאַכט אַ „ויברח"...

איך בין געווען אין הויז פון מיינעם אַ פריינט. ער איז געווען פון די „גליק־ליכע", ער האָט איינגעהאַנדעלט „אַ מציאה" אַ פערד און וואָגען פאַר 800 זלאָ־טעס (אַן ערך פון 160 דאָלער אויף היגען געלט) און דער ,קורס' האָט שוין גע־האַלטען ביי 1,200 זלאָטעס... און דער גוי, אַ פיינער קריסט, וואָס האָט ניט געוואָלט ברעכען ס'וואָרט, האָט טאַקע ניט געוואָלט מעהרער פון 800 זלאָטעס, ער האָט אָבער ניט געקענט עומד־בנסיון זיין, האָט ער געבעטען אַז מען זאָל איהם מוסיף זיין צו די 800 זלאָטעס דעם שטוב־זייגער מיט אַביסעל מעבעל וכדומה,

דערבײַ האָט ער באַטאָנט: „אַ וואָרט איז אַ וואָרט!... 800 זלאָטעס איז 800 זלאָטעס!... איך דרעה ניט מיין וואָרט!...” און דער „ערליכער” ערל, דער וואָרטסמאַן, האָט אַלעס באַקומען לויט זיין פּאַרלאַנג...

איך האָב שוין קיין פערד און וואָגען ניט געקענט באַקומען, האָב איך באַשלאָסען „עולה רגל” צו זיין קיין פּשעמישל.

מיין פעדער איז ניט בכח צו שילדערען דעם מאַסען-געלויף פון דער יוגענט, דער כאַאָס, דאָס אַנטלויפען פון טויט דורך לויפען דעם טויט אַנטקעגען, דאָס ניט וויסען אויף וואָס פאַר אַ וועלט מ׳איז... די האַרצרייסענדע געשרייען און געוויינען פון די עלטערען וואָס האָבען זיך געזעגענט מיט די קינדער, וכדומה...

איך האָב ניט געהאַט דעם מוט צו פאַרלאָזען דוקלאַ אָהן דער הסכמה פון מיינע עלטערען און עס האָט מיר אויך געפעהלט קוראַזש זיך צו געזעגענען מיט זיי, מחמת איך האָב געפיהלט אַז זיי וועלען חלילה ניט קאָנען בייקומען דעם גרויסען צער... פונדעסטוועגען בין איך אַוועק צו מיין מוטער און האָב איהר געזאָגט אַז מיינע חברים פון ניי-סאַנדז, וועלכע זענען צופעליג פאַרבליבען אין דוקלאַ, האָבען באַשלאָסען זיך צו לאָזען צופוס קיין פּשעמישל און איך וויל מיט זיי מיטגעהן; זי האָט גלייך אָנגעהויבען וויינען, זי האָט געוויינט אָהן היסטעריע, שטיל און ליבליך האָט זי געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אויף ניין און פון איהרע מילדע לאַשטשענדיגע אויגען האָבען געשטראָמט די טרערען, האַרציגע מאַמעדיגע טרערען, טרערען פון רחמים און מוטערליכער ליבע...

„קשה עלי פרידתך!”, האָב איך געטראַכט און האָב מיטגעוויינט, אָבער מאַמע טייערע, האָב איך צו איהר וויינענדיג געזאָגט: קאָנסטו פועל׳ן ביי זיך אַז איך זאָל בלייבען אין שטאָדט און אַריינפאַלען אין די מערדערישע הענט פון דער דייטשער געסטאַפּאָ? נעהמסטו אויף זיך אַזאַ אחריות?!...

און מיין חנ׳עוודיגע מאַמע האָט פאַרביסען די ליפּען, שטיל און ווירדיג האָט זי שלום געמאַכט מיט מיין באַשלוס.

מיין איניגערע שוועסטער האָט מיר תיכף געמאַכט אַ רוק-זעקעל, אַריינגעלעגט אַ ברויט מיט אַ פאַר העמדער, די תפילין מיט׳ן סדור׳ל.

איך האָב זיך אַפילו רעכט ניט געזעגענט מיט מיינע עלטערען, זיי נישט געוואָלט מצער זיין, ספּעציעל דעם זיידען ב״י, איך בין צוגעגאַנגען צום ספרים-שראַנק — און האָב זיך אויסגעוויינט ס׳האַרץ, ג—ט געבעטען אַז ער זאָל מיך צוריקברענגען צו די ספרים, אַז איך זאָל נאָך זוכה זיין אַמאָהל צו לערנען אין די דאָזיגע ספרים, טאַקע אין דער דאָזיגער הויז!...

איך בין צו צו דער מזוזה, און נאָך איידער מיין האַנט האָט דערגרייכט די מזוזה איז מיר געקומען אויפ׳ן געדאַנק אַ מאמר:

דער ירושלמי אין עבודה זרה ברענגט: אַנטונינוס, דער רוימישער קעניג, פלעגט שיקען אָפּטע מתנות צום רבי׳ן: גאָלד און אַנדערע קאָסטבאַרע חפצים. איינמאָהל האָט איהם רבי צוגעשיקט אַ מתנה — אַ מזוזה׳לע, האָט איהם אַנטונינוס געפרעגט: „פאַרוואָס שיקסטו מיר אַזאַ קליינע מתנה?” דערויף האָט איהם רבי געענטפערט:

,דו שיקסט מיר טייערע מתנות וואס איך באַדאַרף זיי היטען און איך טו פאַרקערט: איך שיק דיר אַ זאַך וואס וועט דיך היטען״.

איך האב אַ קוש געטאן די מזוזה, בין צו צום ספרים שראנק, האב אַרויסגע־כאַפּט אַ קליין גמרה׳לע און האב זיך מיט מיינע חברים פון ניי־סאנדז געלאזט אין וועג אַריין.

# דוקלאַ דערוואַרט דעם אריינמאַרש פון דער דייטשער אַרמיי

די יוגענט וואָס איז אין גרויס איילעניש אַוועק פון דוקלאַ איז באַשטאַנען פון אַן ערך 70 מענשען. אויסער רוק־זעק מיט „צדה לדרך" האָט קיינער פון אונז גאָרנישט מיטגענומען. מיר זענען געגאַנגען בחפזון גדול און איבער אונזערע קעפּ האָבען זיך, אין לאַנגזאַמער באַוועגונג, געטראָגען דעם שונא'ס שטאָלענע אָדלערס.

— וואוהין איילען מיר זיך? — פרעגט מיך איינער פון מיינע חברים — צי זענען מיר אַנטלאָפען פון טויט, אָדער מיר געהען דעם טויט אַנטקעגען?... איז דאָ אַ זין אין אונזער לויפען קיין פּשעמישל? וועלען מיר דען גרייכען פּשמישל נאָך איידער די נאַציס וועלען אַהין אַריין?...

— אם ירצה השם!... מיט ג—ט'ס הילף! — האָב איך געענטפערט.

מיין ענטפער האָט איהם ניט צופרידענגעשטעלט און ער האָט פאָרטגעזעצט:

„אין סומכין על הנס!"... מ'טאָר זיך ניט פאַרלאָזען אויף נסים!... גלויבסטו טאַקע אַז מיר, מיט אונזערע מידע פיס, וועלען גרייכען פּשעמישל שנע־לער פאַר די דייטשע פאַנצער דיוויזיעס?... און אַז מיר וועלען שוין גרייכען פּשעמישל — איז וואָס?... זענען אונזערע לעבענס אין פּשעמישל מעהר געזי־כערט ווי אין דוקלאַ? וועלען דען די נאַציס ניט אַריין קיין פּשעמישל... ווער וועט זיי אָפּהאַלטען?!...

איך האָב געשוויגען, קיין וואָרט ניט געענטפערט...

אַנשטאָט צו ענטפערען האָב איך פאַרשנעלערט דעם גאַנג, געמאַכט האַסטי־גערע טריט פאָראויס בכדי איך זאָל ניט אָפּשטעהן פון דעם וואַנדערענדיגען המון.

דער וועג האָט זיך געצויגען דורך גרינע פעלדער, דער טאָג איז געווען אַ הייסער, די זון האָט געברענט און געבראָטען, דער שטויב פון אונטער אונזערע פיס האָט אָפּגעשטויבט אונזערע פאַרשוויצטע פּנימער, אונזער פון שווייס דורכ־גענעצטע הלבשה. מיר האָבען איינגעאָטעמט דעם שטויב דורכ'ן מויל, דורך די נאָזלעכער און ס'האָט אונז געשטיקט אין האַלז.

די כוחות האָבען זיך גענומען עקען, די ענערגיע — אויסלאָזען און מיר האָבען אָנגעהויבען צו פאַרלאַנגזאַמען אונזערע טריט, לאַנגזאַם און אומזיכער האָבען מיר זיך געשלענגעלט איבער דעם ברייטען סטעפּ, פעלד־איין, פעלד־אויס, ציללאָז, צוועק־לאָז, הכנעה'דיג, מיד און דערשלאָגען.

— דער טויט לויערט אויף אונז פון אַלע זייטען!... — האָט זיך אויפסניי אָפּגערופען איינער פון מיינע חברים פון נייי־סאַנדז.

— מיר געהען אַליין צו דער עקדה! — האָט נערוועז אויסגעשריען אויפ'ן קול אַ צווייטער פון דער מחנה וואַגלער.

קיינער פון אונז האט זיי ניט געענטפערט, מיר האבען פארטגעזעצט דעם גאנג פאראויס אין א נאך לאנגזאמערער טעמפא: שא, שטיל, פארטראכט, פונקט ווי יעדער פון אונז וואלט געווען אן אויסגעשלאסענע וועלט פאר זיך.

מיר שלעפען זיך לאנגזאם און איבער אונזערע קעפ טראגען זיך אין מוסטער־האפטער ארדנונג דעם שונא׳ס פליה־מאשינען.

זיי טראגען זיך טשאטעסוויז, לאנזאם און זיכער, ווי זיי וואלטען ספעציעל געשיקט געווארען צו אבזערווירען... מיר ווייסען אז זיי אבזערווירען אונז און דאס באאומרוהיגט אונז.

מיין חבר פון ניי־סאנדז רייסט ווידעראמאהל איבער די שטילקייט, ער וויל ניט דן זיין לכף זכות די אומגליקליכע וואגלער, ווארענט ער אונז:

„מיר וועלען זיך נאך באגעגענען פנים אל פנים מיט די דייטשן!...״ און זיין קול איז פול מיט פארביטערונג, מיט אומבאהאלפענקייט און חרטה... פון זיין משונה׳דיגען קול ווערען אלע גערירט, מיר קוקען זיך איבער מיט שטומע בלי־קען און מיר בלייבען שטעהן ווי צוגעשמידטע צו דער ערד.

מיר שטעהען און אטעמען אפ... און פלוצים — דעם שונא׳ס לופט־מחבלים זענען הארט איבער אונזערע קעפ!... מיר צעלויפען זיך אין אלע זייטען, מיר באהאלטען זיך אונטער די בוימער.

דעם שונא׳ס עראפלאנען זענען צוריקגעפלויגען, מיר זענען זיך אויפסניי צו־נויפגעקומען, אויפסניי זיך געלאזט אין וועג אריין און פארנאכט צו זענען מיר אנ־געקומען קיין זבויסק, א דערפעל עטליכע קילאמעטער פון דוקלא.

* * *

די פויערים פון זבויסק האבען אונז זעהר פריינדליך אויפגענומען, זיי האבען אונז מקרב געווען, ארויסגעוויזען גרויס מיטגעפיהל, מכבר געווען מיט עסן און טרינקען און אייניגע אפילו מיט טרייסט־ווערטער.

אין זבויסק האב איך געטראפען א שליח פון מיין מוטער, איינע א שרה פינ־קער, וועלכע איז ספעציעל געקומען קיין זבויסק מיט א שליחות פון מיין מוטער, אז איך זאל למען השם, בלי שום תירוץ, זיך גלייך אומקערען אהיים, אלא ניט וועט עס מיין מוטער חלילה ניט אויסהאלטען.

די פרוי האט מיר דערצעהלט אז מיין מוטער האט עטליכע מאהל גע׳חלש׳ט און אז אויס מיטגעפיהל צו מיין מוטער, איז זי, מיט גרויס מסירת נפש, געקומען קיין זבויסק משפיע זיין אויף מיר אז איך זאל מקיים זיין „כבוד אם״ און אהיימ־קומען.

די פרוי האט מיר אויך דערצעהלט, אז דוקלא איז געבליבען אהן א דאקטאר, מחמת דער שטעטלשער דאקטאר האט פארלאזט די שטאדט און אז מיינע שוועסטער מוזען השגחה געבען אויף דער מאמען און דערפאר האט קיין איינע פון זיי ניט געקענט פאהרען קיין זבויסק מיך באוועגען אהיימצוקומען.

די דאזיגע ידיעה האט מיך שטארק דערשיטערט און איך האב באשלאסען: יעבור עלי מה! איך וועל מיך צוריקקערען אהיים און וואס עס וועט פאסירען מיט

„כלל ישראל״ וועט פאַסירען מיט „רעב ישראל״, איך וויל ניט זיין קיין יוצא מן הכלל...

איך האָב פאַרגעשלאָגען מיינע חברים פון ביי־סאַנדז, די דריי ברידער זילבער, אַז זיי זאָלען מיט מיר מיטפאָהרען קיין דוקלא, און מערקווירדיג, כאָטש זיי האָבען דעם גאַנצען וועג אונטערשרטאָכען דעם אומזין פון „געהן דעם טויט אַנטקעגען״ און די מורא „צו קומען פנים אל פנים מיט די דייטשען״, האָבען זיי, פונדעסטוועגען, זיך אַנטזאָגט אומצוקערען קיין דוקלא און ווי מיר זענען שפּעטער געוואויר געוואָרען, זענען זיי אַלע דריי אומגעקומען אין דער דונאָווער שחיטה וואו די נאַציס האָבען אומגעבראַכט איבער 200 אידען.

איך בין אויפ׳ן צווייטען טאָג שוין געווען אין דוקלאָ. מיין מאַמע האָט מיך פאַרזיכערט, אַז אין דעם זכות פון „כבוד אם״ וועל איך זוכה זיין צו „למען יאריכון ימיך״ און עס וועט מיר חלילה קיין בייז ניט געשעהן.

אין שטאָדט האָט נאָך אַנגעהאַלטען די עוואַקואַציע. די לעצטע אַרמיי־רעשט־לאַך האָבען געהאַלטען אין פאַרלאָזען די שטאָדט און נאָך זיי איז אויך אַוועק די פּאָליציי. איידער די פּאָליציי האָט פאַרלאָזט די שטאָדט האָט זי צוזאַמענגערופען די אידישע באַפעלקערונג און האָט זיי געזאָגט:

„היות ווי איהר וועט דאָ אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבען דעם שונא, ראָטען מיר אייך אַז איהר זאָלט הכנעה׳דיג אויספאָלגען זיינע פאָדערונגען, ווייל אין פאַל איהר וועט ניט נאָכקומען זיינע געזעצען, וועלען זיי פון אייך נקמה נעהמען אַלס געגנער און סאַבאָטאַזשניקעס, בעת פאַר אייך איז גלייכער צו ליידען אַלס אידען...

„בלייבט אידען און היט אויף דעם גייסט פון פּוילישען פּאַטריאָטיזם אין איי־ערע נשמות!״

אַנגעכמורעט אויפ׳ן הארצען איז געווען. קיין וועג אויסצומיידען דעם שונא איז ניט געווען, די ווערטער פון דער פּאָליציי זענען פון דעם עולם אויפגענומען געוואָרען ווי אַ טויט־אורטייל, האָט דער עולם אויסגעבראָכען אין אַ מורא׳דיגען געוויין, אין אַ שרעקליכער יללה!...

די פּאָליציי האָט מיטגעווײנט און געטרייסט דעם עולם מיט דער פאַרזיכערונג, אַז סוף כל סוף וועט פּוילען זיגען.

* * *

דער עולם איז זיך צוגענאַגען. איך בין אַוועק אַהיים, אויפגעעפענט די ראַדיא — אַנגעשטעלט דעם אויער, און די ראַדיא האָט געמאָלדען:

„דער וועטער איז זעהר גינסטיג פאַר דער באַוועגונג פון טאַנקען; דעם שונא׳ס טאַנקען שניידען דורך גרויסע שטרעקעס פון אונזער לאַנד.

„די באַפעלקערונג ווערט אויפגעפאָדערט תפילה צו טאָן אין די קירכען אויף רעגען, דער רעגען וועט פאַראורזאַכען בלאָטעס און דעם שונא׳ס טאַנקען וועלען זיך ניט קאָנען באַוועגען״.

איך האָב געשלאָסען די ראַדיא אויס מורא פאַר ווייטערע נייעס...

דורך די פענסטער פון אונזער הויז האָט מען געזעהן פלאַמען פון די פייערען וואָס די דייטשע באָמבעס האָבען פאַראורזאַכט אין די דערפער אַרום דוקלאָ. מיר האָבען דערוואַרטעט אַז די דייטשע אַרמיי זאָל היינט מאָרגען אַריינקומען.

די דאָזיגע דערוואַרטונג האָט קיינעם קיין רוה ניט געגעבען און די שטאָדט איז געווען אויף דער וואַך, קיינער האָט זיך ניט געלעגט שלאָפען, אַלע האָבען אויסגע־קוקט די אויגען אויפ׳ן שונא...

אָבער דער שונא האָט בטבע פיינט נאָכצוקומען די דערוואַרטונגען פון זיינע קרבנות. דער שונא האָט, אדרבא, אַ ספּעציעלע הנאה פון איבעראַשען זיינע קרבנות מיט פאַרשיידענע סורפּריזען, דאָס איז דעם שונא׳ס אַ באַשטאַנד־טייל פון זיין מלחמה־טאַקטיק — האָט דער שונא אַלעמען „אַנטוישט". ער איז אין דער נאַכט פון דעם 6־טען סעפּטעמבער ניט אַריינגעקומען.

דאָנערשטאָג פאַרטאָג, דער 7־טער סעפּטעמבער.

די דייטשע ראַדיאָ מעלדעט:

„די פּוילישע רעגירונג איז אַנטלאָפען פון וואַרשע!"

און דער ראַדיאָ קאָמענטאַטאָר לאָזט זיך אוועק אין אַן אַטאַקע אויף רידז־שמיגלי למאי ער האָט פאַראַטען די אַרמיי, און אגב־אורחא מאַכט ער שוין אַן אַפּיל צו די רעשטלאַך פון דער פּוילישער אַרמיי, אַז זיי זאָלען אויפ־געבען דעם קאַמף, להכעיס דער פּוילישער רעגירונג מיט רידז־שמיגלי, וועלכע האָ־בען אין מאָמענטען פון אַ נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע פאַראַטען דאָס לאַנד...

איך האָב לכתחילה געצווייפעלט אין דעם אמת פון אָט דער ידיעה אַז די רעגי־רונג איז אַנטלאָפען, פשוט דערפאַר, ווייל די נייעס איז געקומען פון דער דייטשער ראַדיאָ, אָבער אין צוויי שעה אַרום האָט די פּוילישע ראַדיאָ געמאָלדען דאָס זעלבע.

דער פינפטער קאָלום איז אויך געווען פאַרטראַטען אין דער רעגירונג, און די נאַציס האָבען, מיט שטונדען פריהער, געוואוסט אַז די פּוילישע רעגירונג אַנט־לויפט, ווען, מיט וואָס פאַר אַ צוג און וואוהין זי לויפט.

דער פאַקט איז אַז דער צוג אין וועלכען די פּוילישע רעגירונג האָט בסוד פאַר־לאָזט דאָס לאַנד, איז פון דער „לופטוואפע" באָמבאַרדירט געוואָרען.

דער פאַרשטאָרבענער פּאָליטאָלאָגיסט איטשעלע יאַושזאָן פון וואַרשע האָט מיר דערצעהלט, אַז איידער די רעגירונג האָט פאַרלאָזען דאָס לאַנד, האָט זי באַשלאָסען מיט׳ן זעלבען באַן מיטצונעהמען די אָפיציעלע מיטגלידער פון דעם אַנטי־נאַצי קאָ־מיטעט וואָס האָט זיך געגרינדעט אין וואַרשע אין יאָהר 1933.

אין דעם קאָמיטעט זענען אַריין אַ סך כלל־טוער, קינסטלער, שרייבער, זשור־נאַליסטען וכדומה, די רעגירונג — האָט מיר איטשעלע דערצעהלט — האָט אַפילו געוואָלט מיטנעהמען דעם גערער רבי׳ן, אָבער דער רבי האָט זיך אַנטזאָגט צו פאָהרען, מחמת פאַר איהם איז געווען אַ פּלאַץ אין באַהן, בעת פאַר זיין פאַמיליע איז שוין קיין פּלאַץ ניט געווען.

איטשעלע האָט געשריבען זעהר פיל אַנטי־היטלעריסטישע אַרטיקלען און דער

פינפטער קאַלום האָט איהם געהאַט אויף דער „שוואַרצער ליסטע‟ — האָט ער דער־פאַר געהאַט די זכיה מיטצופאַהרען מיט דער „עוואַקואירטער באַהן‟, אָבער איטשעלע האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגען די באָמבאַרדע, איז ער אַרונטער פון דער באַהן און איז געלאָפען צופוס.

איטשעלע האָט מיר אויך דערצעהלט אַז מאַדאַם בעק, די פרוי פון פוילישען מיניסטער בעק, האָט מיט זיך מיטגעפירט איהר צוויי־יאָהריג קינד און ניט קאָ־נענדיג פאַרטראָגען די שרעקליכע באָמבאַרדע האָט זי דאָס קינד אַרויסגעוואָרפען דורכ׳ן פענסטער. שפּעטער האָט זי דערפאַרען, אַז איהר קינד איז אומגעקומען, האָט זי צוזאַמענגעבראָכען און האָט געוואָלט באַגעהן זעלבסטמאָרד.

# דער אריינמאַרש פון דער דייטשער אַרמיי קיין דוקלא

די רעשטלאַך פון דער אַרמיי האָבן פאַרלאָזט די שטאָדט, אויך די פּאָליצייַ איז אַוועק. די שטאָדט איז געבליבען הפקר, זי האָט ניט געהערט צו פּוילען און אויך ניט צום דריטען רייך און אידען זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ אויס מורא פאַר ראַיאָטען מצד דער אוקראַינישער באַפעלקערונג, וועלכע איז געווען פאַרביטערט אויף דער פּוילישער רעגירונג פאַר שלעכטער באהאנדלונג און אויף אידען — פאַר חנ׳דלען זיך צו דער פּוילישער רעגירונג.

דערווייל האָט אַ קאָמיטעט געשאַפען אַ שטאָדטישע מיליץ, וועלכע איז באַ־שטאַנען פון אידען און פּאָליאַקען (די אוקראַינער האָבן זיך אַנטזאָגט אַריינצו־טרעטען אין דער מיליץ).

פרייטאָג פריה האָט די ראַדיאָ געמאָלדען אַז די דייטשען זענען אַריין קיין קראָסנאָ. קראָסנאָ געפינט זיך 18 קילאָמעטער פון דוקלאַ, האָבען מיר זיך משער געווען אַז מיר וועלען נאָך צו קבלת שבת האָבען די „געסט״ אין שטאָדט.

עס איז שווער איבערצוגעבען אין ווערטער דאָס דאָזיגע געפיהל פון „דער־וואַרטונג״. עס איז זעהר אַ פיינליך געפיהל, אַ שפל־ונבזה׳דיג געפיהל וואָס פירט צו פאַרלוירענקייט און זעלבסט־פאַרלייקענונג און עס וועקט אַ חשק צו... זעלבסט־מאָרד, רחמנא לצלן!...

ביי מיר איז געווען אַ שפּאָר ביסעל אַנטי־נאַצי ליטעראַטור וואָס איך פלעג רעגולאַר באַקומען פון דעם אַנטי־נאַצי קאָמיטעט. האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט רייסען און ברענען די טרפה׳נע ליטעראַטור, צייטונגען, בראָשורען, בילדער, מאַנו־סקריפּטען וכדומה.

עס האָט מיר גענומען אַן ערך 6 שעה ביז איך האָב מבער געווען דעם גאַנצען „חמץ״.

נאָך „ביעור חמץ״ בין איך אַרויס אויף דער גאַס. די גאַס איז געווען פּוסט, אידען זענען געזעסען אין די הייזער און בכליון עינים, אַרויסגעקוקט אויף די „נאַצי געסט״.

צו קבלת שבת זענען די מקומות קדושים געווען געשלאָסען, יעדער איינער האָט מקבל שבת געווען אינדערהיים ביחידות, בקולות וברקים האָט מען יענעם שבת מקבל געווען.

דאָס מיליטער וואָס האָט עוואַקואירט דוקלא איז געקומען אין צוזאַמענשטויס מיט׳ן דייטשען מיליטער ניט ווייט פון דוקלאַ און עס איז אָנגעגאַנגען אַ שרעק־ליכע קאַנאָנאַדע, וועלכע האָט אָנגעהאַלטען פון 7 פאַרנאַכט ביז 12 פאַרטאָג.

די קאַנאָנאַדע פון איין זייט און די דערוואַרטונג פון די „געסט״ פון דער

צווייטער זייט, האָבען מיך פשוט געוואָרפען פון די פיס, איך האָב זיך אָוועקגעלעגט אויף דער סאָפע, פאַרגעסען אין שבת, אין קידוש וכדומה...

אַז דאָס קנאַלען פון די קאַנאָנען האָט זיך איינגעשטילט האָב איך פאַרשטאַנען אַז דער קאַמף איז געענדיגט און עס וועט שוין לאַנג ניט נעמען ביז די „זיגער" וועלען אַריין קיין דוקלאַ.

איך בין אַראָפּ פון דער סאָפע און זיך אָוועקגעשטעלט ביים פענסטער אַרויסקוקען אויפ'ן שונא. די קאַנאָנאַדע האָט מיך אָביסעל פאַרהאַרטעוועט און איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט, בין געדולדיג געשטאַנען און געוואַרט...

אַרום 4 אַזייגער פאַרטאָג האָב איך דערהערט אַ פּאָר לייכטע רעוואָלווער שאָסען, נאָכדעם האָט זיך דערהערט דאָס רוישען פון מאָטאָרציקלעטען. אַן ערך 30 מאָטאָרציקלעטען האָבען זיך, מיט גרויס אימפעט, אַריינגעלאָזט אין שטאָדט אַריין. די סאָלדאַטען וואָס זענען געזעסען אויף די מאָטאָרציקלעטען האָבען געטראָגען שטאָלענע העלמעטס און האָבען געהאַלטען רעוואָלווערען אין זייערע אויסגעשטרעקטע הענט.

אין געציילטע מינוטען אַרום האָבען נאָכגעפאָלגט טאַנקען, געפאַנצערטע אויטאָס, לייכטערע טאַנקען, געפאַנצערטע טראָקס און לייכטע שנעל־באַוועגליכע מאָטאָרציקלעטען.

אַרום צעהן אַזייגער אינדערפריה האָט מען שוין געקאָנט באַמערקען אויף די גאַסען קריסטען: פּאָליאַקען און זעהר פיל דייטשען און די דייטשע סאָלדאַטען זענען געווען אין די טויזענטער. אַרום 12 אַזייגער בייטאָג זענען אייניגע אידען אַרויס אין גאַס און אויף זיי קוקענדיג האָבען נאָך אידען „איינגעשטעלט" און זענען אַרויס אויף דער גאַס.

איך בין אויך אַרויס אין גאַס אַריין, האָב באַטראַכט די דייטשע סאָלדאַטען: טעמפּע פּנימער, קאַלטבלוטיגע „על חרבך תחיה"־באַשעפענישען, חיות רעות בצורת אדם, שטייפע פּנימער וואָס דריקען אויס האָפערדיגקייט און רשעות און כאָטש דער וואונדער פון דער נאַטור באַשטעהט אין דעם וואָס „לאו כל פּרצופים שוים זה בזה", ניטאָ קיין צוויי פּנימער פון איין און דעם זעלבען אויסזעהן — קאָן איך שווערען אַז אין מיינע אויגען האָבען זיי אַלע אויסגעזעהן ווי „יונים (יעוואָנים) וואָס האָבען אַלע איין פּנים".

דאָס אויטאָמאַטישע גולמ'דיגקייט, זייער מאַשיניזאַציע מיט דער שטייפער אָנגעצויגענקייט, וואָס איז געווען ווי פון שטאָל אויסגעגאָסען אויף זייערע פּנימער, האָט זיי געגעבען דעם „חן" פון אַ באַזונדערען מאָדעל מערדער, אַרויסגעלאָזט פון אַ געוויסער פאַבריק.

איך האָב זיי באַטראַכט און מיך האָט אָנגעכאַפּט אַ שוידער צוקוקענדיג אין וואָס דער מין מענש קאָן פאַרוואַנדעלט ווערען, ווען די חיה אין דעם מענשען איז גובר דאָס מענשליכע... ווען דער כוח הדעת פון דער סטרא אחרא איז זיך מתגבר איבר'ן כוח הדעת דקדושה!...

איך האָב זיך באַזונדערס פאַרטראַכט איבער די ווערטער „כח הדעת", ווייל גרויסע כוחות פון „דעת", וויסענשאַפטליכע כוחות האָבען זיך געשטעלט אין דינסט פון נאַציזם!... וויסענשאַפטליכע כוחות האָבען וויסענשאַפטליך באַגרינדעט דעם

נאַציזם, וויסענשאַפטליך באַגרינדעט מאַסען־מאָרד, רויב און פעלקער פאַרשקלאַ־פונג! . . .

*　　*　　*

איך האָב זיך געלאָזט אַהיים. אויפ'ן וועג האָב איך אַנגעטראָפען אויף פּלאַ־קאַטען וואָס די דייטשע אָקופּאַנטען האָבען אַרויסגעהאַנגען. די פּלאַקאַטען זענען געווען געשריבען אויף דייטש און אויך אויף דער פּוילישער שפּראַך, און דער נוסח איז אומגעפער געווען אַזוי:

„מיר זענען אַרויף אויף אייער טעריטאָריע און מיר פאַדערען אייך אויף, אַז איהר זאָלט זיין לאָיאַל צו די זיגער און — אָרדנונג זאָל הערשען".

די דייטשע סאָלדאַטען האָבען אָפּגעשטעלט מענשען אין די גאַסען, געשמועסט, געטיילט סיגאַרעטען און ביי אַ סך מענשען האָט זיך געשאַפען דער איינדרוק אַז „דער טייוועל איז גאָרניט אַזוי שרעקליך ווי מ'מאָלט איהם . . ."

אַרום 1 אַזייגער נאָכמיטאָג האָבען פון די אַרומיגע דערפער אָנגעהויבען שטראָמען אין שטאָדט אַריין טויזענטער אוקראַינער, טייל פון זיי אין זייערע נאַ־ציאָנאַלע קליידער. זיי זענען געקומען באַגריסען די נייע הערשער, און זיי האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט זעק . . .

נאַטירליך האָבען זיי ביי די נייע הערשער שטאַרק נושא חן געווען און זיי האָבען זיי דערלויבט „אָביסעלע" צו פּלינדערען אידיש האָב און גוטס . .

די באַגריסער האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט . . . די שטאָדטישע מיליץ וואָס איז באַשטאַנען פון אידען און פּאָליאַקען האָבען זיך איינגעשטעלט און זענען אַוועק צו די מיליטערישע אויטאָריטעטען און האָבען זיי מודיע געווען אַז אוקראַי־נער פּויערים פון די שכנות'דיגע דערפער פאַרלעצען די „אָרדענונג" און היות די שטאָטישע מיליץ איז ניט בכח צו קאָנטראָלירען די פאַרלעצער פון דער „אָרדנונג" מחמת זיי צעהלען זיך אין די טויזענטער — בעט מען די מיליטערישע אויטאָרי־טעטען אַז זיי זאָלען איינשטעלען אָרדנונג.

האָט דער קאָמענדאַנט געענטפערט אַז: „מיר זענען ניט געקומען קיין פּוילען מיט דער אויפגאַבע צו באַוואַכען אידיש אייגענטום . . ."

די אוקראַינער האָבען אָנגעפילט זייערע זעק און האָבען זיך בשלום צוריק־געקערט אין די דערפער אַריין.

שפּעטער האָט מען אויף די טעלעגראַף סלופּעס געטראָפען נייע פּלאַקאַטען:

„כפי אַזוי ווי מ'האָט פאַרלעצט די „אָרדנונג", זאָל מען וויסען אַז די „דויטשע וועהרמאַכט" וועט עס אין דער צוקונפט ניט דולדען און אויב אַ דייטשער סאָלדאַט וועט דערמאָרדעט ווערען, וועט די מיליטערישע מאַכט פאַר דעם דערמאָרדעטען דייטש דערשיסען 100 ציווילע בירגער: 50 פּאָליאַקען און 50 אידען".

די דאָזיגע מעלדונג האָט אַנגעוואָרפען אַ שרעק סיי אויף די אידען, סיי אויף די פּאָליאַקען. זיי האָבען איינפאַך מורא געהאַט פאַר אַ בלבול . . . און אידישע פרויען האָבען פון זיך אַרונטערגענומען די שבת'דיגע מלבושים און דעמאָנסטראַ־טיוו אָנגעטאָן שוואַרצע קליידער.

די פּאָליאַקען האָבען געזאָגט אַז עס קוקט אויס אַז אידען שפּירען טיפער דעם

חורבן פוילען פאַר די פּאַליאַקען... און זיי זענען געווען צופרידען מיט דער אי־דישער טרויער דעמאָנסטראַציע.

מיט די פּאַליאַקען זענען זיך די דייטשען באַגאַנגען זעהר העפליך.

פאַר אַ טרונק וואסער האָבען זיי געצאָהלט מיט סיגאַרעטען און שעכטלאך סאַרדינען, בעת ביי אידען האָבען זיי קודם געהייסען דעם אידען טרינקען די וואַ־סער און ערשט נאָכדעם ווי דער איד האָט געטרונקען, האָט דער דייטשער סאָל־דאַט אויך געטרונקען. דער אויסרייד איז געווען, אַז אידען ווילען זיי פאַר׳סמ׳ען...

און אַז איינער פון זיי האָט אין גאַס אָפּגעשטעלט אַ אידען, האָט ער פאַר איהם קיין אַנדער ,,עפּיטעט׳׳ ניט געהאַט ווי ,,דרעקישער יודע!׳׳.

און דאָך האָבען אידען געדענקט אַז, מיט דער צייט, וועט מען זיך ,,מיט זיי׳׳ איינלעבען, און אידען זענען געגאַנגען אין די גאַסען, געגאַנגען פאַרטאָג צו די ערשטע סליחות.

דוקלער אידען האָבען נאָך קיינמאָהל ביי קיין סליחות ניט פאַרגאָסען אַזוי פיל טרערען ווי ביי די סליחות פון יאָהר תרצ״ט (1939) און אידען זענען געווען צו־פרידען וואָס מ׳לאָזט זיי זאָגען סליחות פריי און אומגעשטערט, אַ זאך אויף וועל־כער זיי האָבען זיך ניט געריכט.

אָבער ווי אַנטוישט זענען די זעלבע אידען געווען ווען זיי האָבען געהאַלטען ביים פאַרענדיגען די סליחות זאָגענדיג:

הבט משמים וראה כי היינו ללעג ולקלס בגוים,
נחשבנו כצאן לטבח יובל, להרוג ולאבד, למכה ולחרפה
ובכל זאת שמך לא שכחנו, נא — אל תשכחינו!׳׳.

און פיל פרויען זענען, מיט טרערען אין די אויגען, געקומען אין שוהל אַריין און געוואָרענט די מענער, אַז זיי זאָלען ניט וואגען אַהיימצוגעהן ווייל מ׳כאַפּט אידען פון די גאַסען, מ׳פּאַקט זיי אַן אין אויטאָס און מ׳פירט זיי אַוועק — וואוהין ווייסט מען ניט...

טייל אידען זענען געבליבען אין שוהל, טייל זענען דורך הינטערוועגען אַוועק צו באַקאַנטע גויים, וועלכע האָבען זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און האָבען זיי אויסבאַהאַלטען.

# דייטשע סאָלדאַטען „קויפען" אויס די געשעפטען פון גאַנץ דוקלא

איך מיט אַ פּאָר פון מיינע חברים האָבען באַשלאָסען אהיימצוגעהן פון שוהל דורך הינטערגעסלאַך. מיר האָבען זיך, מיט גרויסע פּחדים, קוים דערשלאָגען אַהיים וואו מיר זיינען געוואויר געוואָרען, אַז די אַלע „געכאַפּטע" זיינען פון די דייטשען אַרעסטירט געוואָרען אַ פּאָר קילאָמעטער פון שטאָט, בעת אין שטאָט גופא האָבען זיי קיינעם ניט „געכאַפּט".

די אַרעסטירטע זענען שנעל באַפרייט געוואָרען. מ'האָט זיי בלויז גענומען אויף אַ שטרענגען פאַרהער, זיי האָבען זיך לעגיטימירט און מ'האָט זיי פרייגע־לאָזט.

די דאָזיגע פריידיגע ידיעה וועגען דער באַפרייאונג פון די אַרעסטירטע איז דערגאַנגען צו די אַנגעשראָקענע אידען, וואָס זענען געלעגען „אין די לעכער" און די מעהרסטע פון זיי האָבען אויסגעדריקט דעם חשד, אַז די „געכאַפּטע" זענען בכיוון באַפרייט געוואָרען . . . דהיינו: מ'האָט זיי אומיסטען באַפרייט, כּדי די וואָס באַהאַלטען זיך זאָלען אויס „אַרויס פון די לעכער" . . .

נאַטירליך, אַז דאָס האָט געהאַלטען די שטאָט אין אַ צושטאַנד פון כאַאָס, פון אומבאַשרייבליכער שרעק און אומבאַשטימטקייט, און די מורא איז מיט יעדער מינוט געוואַקסען.

דערווייל איז איינער פון די באַהאַלטענע — פון גרויס שרעק הפּנים — געשטאָרבען און אידען האָבען זיך איינגעשטעלט און זענען אַוועק צו דער מיליטערישער קאָמענדאַנטור זיך משתדל זיין פאַר אַ דערלויבניש צו פיהרען דעם בר־מנן אויפ'ן בית הקברות.

דער קאָמענדאַנט האָט זעהר העפליך און אָפיציעל אויפגענומען די אידען און האָט באַוויליגט די דערלויבניש בתנאי אַז צום בית הקברות זאָלען מיט'ן ארון מיטפאָרען אַ פּאָר זעלנער, וועלכע זאָלען פעסטשטעלען צי אין ארון ליגט טאַקע אַ מת . . .

— אפשר—האָט דער קאָמענדאַנט גע'טענה'ט—איז גאָר דער ארון אָנגעפילט מיט גאָלד, מיט זילבער אָדער גאָר מיט געווער, וואָס וועט, ביי אַ געלעגענהייט, אויסגענוצט ווערען פון די אידען קעגען די דייטשען? . . .

און כך הוה: צו די אַלע מלווים, וואָס האָבען באַגלייט דעם בר־מנן אויפ'ן בית־החיים, האָט מען אויך מצרף געווען צוויי דייטשע זעלנער.

די זעלנער האָבען הפּנים „פאַרגעסען" בודק צו זיין דעם ארון. אנשטאָט בודק צו זיין דעם ארון צי עס איז אין איהם פאַראַן גאָלד אָדער זילבער — האָבען די סאָלדאַטען באַפוילען, אַז בשכנות מיט דעם אויסגעגראָבענעם קבר, וואָס איז געווען גרייט פאַר'ן נפטר זאָל מען גלייך אויסגראָבען נאָך עטליכע קברים.

דער עולם איז מטושטש געוואָרען . . . אַלע האָבען פאַרשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט און די סאָלדאַטען האָבען גלייך גענומען אונטעראײַלען דעם עולם צו דער אַרבייט. עס האָט לאַנג ניט גענומען און עטליכע קברים זענען אויסגעגראָבען געוואָרען.

די סאָלדאַטען האָבען אויסגעקליבען צוויי אידען פון עולם און זיי האָבען באַפוילען, אַז איינער פון זיי זאָל, לעבעדיגערהייט, באַגראָבען דעם צווייטען.

דאָ האָט שוין דער צום־טויט איבערגעשראָקענער עולם פאַרלוירען דעם קאָנטראָל. עס האָט אויסגעבראָכען אַ מורא׳דיגע יללה, אומבאַשרייבליכע געשרייען, גוואַלדען און קולות האָבען זיך געטראָגען עד לב השמים. אייניגע אידען זענען געפאַלען די זעלנער צו די פיס, זיך געבעטען רחמים, אַפעלירט צו זייערע געפיהלען פון רחמנות, און נאָך פיל הפצרות, תחנונים און פיוסים האָט מען ביי זיי, קוים מיט צרות, אויסגע׳פועל׳ט, אַז זיי זאָלען ביי אַלעמען אויסליידיגען די קעשענעס, צונעמען ס׳געלט, די זייגערלאַך וכדומה . . .

די וואָס האָבען זיך מתעסק געווען מיט׳ן בר־מנן האָבען איהם קובר געווען, מ׳האָט אָפגעזאָגט צדוק־הדין, קדיש און מ׳האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, יעדער באַזונדער צו זיין היים.

אויפ׳ן וועג אַהיים האָבען מיר, אַריינקומענדיג אין שטאָט אַריין, געזעהן ווי דייטשע סאָלדאַטען האָקען אויף די שלעסער פון די געשעפטען, וועמעס אייגענטימער האָבען עוקר געווען פון שטאָט.

די סחורות פון די אויפגעהאַקטע געשעפטען האָבען זיי אָנגעלאָדען אויף טראָקס און זיי אָוועקגעפירט.

זיי האָבען געהאַט אַ צעטעל פון די אַלע סוחרים, וואָס האָבען פאַרלאָזען די שטאָט. דאָס האָט מען געקענט זעהן פון דעם פאַקט, וואָס די געשעפטען פון די יעניגע סוחרים, וואָס זענען פאַרבליבען אין שטאָט — כאָטש זיי זענען געווען געשלאָסען — האָט מען זיי, פונדעסטוועגען, ניט אויפגעהאַקט.

מיר האָבען אויך געטראָפען פּלאַקאַטען, וועלכע האָבען מודיע געווען, אַז ביז 6 פאַרנאַכט מוז יעדער איינער וואָס באַזיצט געווער, דאָס צושטעלען צו אַ געוויסען זאַמעל־פונקט און ווער עס וועט פאַרלעצען דעם דאָזיגען באַפעל וועט גלייך, אָהן שום געריכט, דערשאָסען ווערען.

זיי האָבען אויך דערקלערט באַלאַגערונגס־צושטאַנד און באַפוילען, אַז קיינער זאָל ניט וואַגען אַרויסגעהן פון הויז נאָך 6 אין אָוונט און דער וואָס וועט זיך, נאָך זעקס אין אָוונט, באַווייזען אויף דער גאַס, וועט גלייך אויפ׳ן אָרט דערשאָסען ווערען.

אויפ׳ן צווייטען טאָג האָט מען געטראָפען נייע פלאַקאַטען מיט אַ שפּאָגעל נייעם באַפעהל: אַז אַלע געשעפטען זאָלען גלייך געעפענט ווערען, אַז דייטשע מאַרקען זאָלען אָנגענומען ווערען אַלס די אָפיציעלע וואַליוטע, און אַז דער קורס פון דעם דייטשען מאַרק איז 2 זלאָטעס.

די דייטשען האָבען זיך געלאָזט וואוילגעהן, זיי האָבען געבושעוועט, געהאַלטען די באַפעלקערונג, ספּעציעל די אידען, אין שרעק און אָהן אויסזיכטען אויף אַ בעסערען מאָרגען.

די געשעפטען זענען געעפענט געווארען, די דייטשע סאלדאטען האבען אריינגעבראכט א „שפע" פון „פדיון", זיי האבען זיך א לאז געטאן איבער די געשעפטען, „געקויפט" אלץ וואס איז זיי נאר צו דער האנט געקומען און זיך ניט געדונגען אויפ'ן פרייז . . .

צו מיין פאטער איז געשעפט איז אריינגעקומען א דייטשער זעלנער, איינ־געקויפט שרייב־געצייג און עטליכע מינים גאלאנטעריי. די סחורה האט בא־טראפען 20 מארק. דער סאלדאט האט ארויסגענומען א 50־ער און געבעטען רעשט — דרייסיג מארק. מיין שוועסטער האט, אויס נייגעריגקייט, באטראכט די 50 מארק און עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז די מארקען זענען נאך פון יאהר 1914 און מיין שוועסטער האט איהם געזאגט אז: היות דאס קייזערליכע געלט איז שוין זייט צוואנציג יאהר אנולירט און קיין רעשט האט זי במילא ניט, גיט זי איהם בכן די סחורה במתנה . . .

דער סאלדאט האט זעהר גוטברודעריש געשמייכעלט און געזאגט, אז אין פרינציפ איז ער קעגען מתנות, ספעציעל ווען די מתנה איז נאך דערצו א אידישע . . . און זי מוז איהם געבען רעשט 30 מארק אדער 60 זלאטעס, וכפי קיין מארקען האט זי ניט געהאט, האט זי, באין ברירה, איהם געמוזט געבען 60 זלאטעס.

אזעלכע „קונים" פלעגען ארומגעהן אין די טויזענטער פון געשעפט צו געשעפט, „איינהאנדלען" פון כל טוב און צאלען מיט א נ ו ל י ר ט ע ר ו ו א ל י ו ט ע פון קייזער ווילהעלמ'ס צייטען.

אבער ניט אלע סאלדאטען האבען געצאלט מיט ווערטלאזער וואליוטע. געווען צווישען זיי אזוינע, וואס האבען געצאלט מיט „אנווייזונגען" צו דער קאמענדאנטור, דאס הייסט: דער סוחר האט געקראגען אן „אנווייזונג" מיט וועלכער ער האט זיך באדארפט ווענדען צו דער דייטשער קאמענדאנטור און די קאמענדאנטור האט באדארפט קאסירען די „אנווייזונג", און בכדי די קאמענ־דאנטור זאל וויסען ווער דער אייגענטימער פון דער „אנווייזונג" איז, א פאליאק אדער א איד, האט זיך אויף דער „פוילישער" אנווייזונג געשריבען:

„מיניסטער בעק איזט ווערט — א דרעק! . . ."

בעת אויף דער „אידישער" אנווייזונג האט זיך געשריבען:

„דו דרעקישער יודע!"

איז געווארען א בהלה אין שטאט. אידישע און פוילישע סוחרים האבען אפגעהאלטען אן אומאפיציעלען מיטינג און זיי האבען באשלאסען צו שיקען א געמיינזאמע דעלעגאציע צו דער קאמענדאנטור.

אין דער קאמענדאנטור האט מען קודם געשפאלטען די דעלעגאציע אויף צוויי: אידען באזונדער און פאליאקען באזונדער. די פאליאקען האט מען אויפגענומען צוערשט און דער קאמענדאנט האט זיי געזאגט מוסר: ער האט זיי דערקלערט, אז זיי זענען באזיגט, און אז די אלטע צייטען ווען פאליאקען האבען זיך געהאלטען פאר מיוחסים זענען שוין אוועק . . . און אז איצט געהער אלעס „צום זיגער" און דערמיט וואס זיי אנטזאגען זיך צו אקצעפטירען די

דייטשע „אנווייזונגען" — באַליידיגען זיי די „עהרע" פון דעם דייטשען סאָל־דאַט וואס גיט אַוועק זיין לעבען פאַר דעם פאַטערלאַנד!

די אידישע דעלעגאַטען האט מען קיין מוסר ניט געזאָגט; זיי האט מען אהן מוסר־רייד גוט אנגעבראַכען די ביינער, אַזוי אַז זיי זענען אַרויס בריסוק אברים און האבען דערנאָך געבענשט גומל . . .

ערשט נאָך די קלעפּ האט מען די אידען אויך מזכה געווען מיט אַ קליינער פּאַרציע מוסר. מ'האט זיי געמליך פאַרגעוואָרפען הלמאי זיי מאַכען צו שאַנד און צו שפּאַט דעם ערליכען נאָמען פון דעם דייטשען סאָלדאַט דורך דעם וואס זיי שטעלען איהם אַרויס ווי אַ רויבער, בעת אין דער אמת'ן צאָלט ער פאַר אַלץ וואס ער קויפט מיט דייטשער וואַליוטע אָדער „אנווייזונגען", וואס האבען דעם זעלבען ווערט . . . .

אויף אַזאַ אופן האבען די דייטשע סאָלדאַטען אויסגערויבט די געשעפטען פון שטאָט, סיי די אידישע, סיי די פּוילישע.

# דער זיידע פארלאָזט דוקלא

זונטאג, דעם 10־טען סעפטעמבער, איז צו אונז אָריינגעקומען אַן איבער־געשראָקענער איד און האָט אונז דערציילט אַז „זיי" האָבען זיך נאָכגעפרעגט ביי מענשען פון דער גאַס אויף'ן רב...

„מיר זענען געשטאַנען אַ בינטעל אידען און מיר האָבען זיך געשושקעט" — דערציילט דער צושראָקענער איד — „איז צוגעקומען אַ „יעקע" און האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף'ן „הער ראַבינער", האָב איך געענטפערט: „דער הער ראַ־בינער איזט אַוועקגעפאַרען", על כן איז כדאי אַז דער רבי זאָל עוקר זיין וואָס שנעלער..."

מיין זיידע



הרב ר' דוד צבי זעהמאַן

דער צושראָקענער איד האָט זיינס אָפּגעטאָן: מודיע געווען און אויך פאַר־געשלאָגען זיין עצה טובה און גלייך נאָכדעם האָט ער זיך, אין איין הרף עין, אָפּגעטראָגען...

און ווי נאָר דער איד איז נעלם גע־וואָרען זענען, איינציגווייז, געקומען אַנ־דערע אידען מיט דער זעלבער נאָכריכט און מיט דער זעלבער עצה.

מיר האָבען באַשלאָסען אַז דער זיידע זאָל פאַרלאָזען די שטאָט און דער זיידע האָט מיט אונז מסכים געווען, אָבער די מניעה איז געווען אין אַ פערד און וואַ־גען... וואו קריגט מען ערגעץ אַ בעל עגלה? פון געהן צופוס איז דאָך אָפּ־גערעדט — אַז דער זיידע שליט"א, קיין עין הרע, אַ זקן פון העכער פינף־און־זיבעצ־ציג יאָהר און דערצו אַ חלוש — אַז ער קאָן צופוס ניט געהן.

קיין פאַליאַק וועט ניט איינשטעלען זיין פערד און וואַגען, מחמת עס האָט שוין פּאַסירט אַז נאַצי־סאָלדאַטען האָבען אויף די וועגען אָפּגעשטעלט בעלי־עגלות און אַז עס האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז דער אייגענטימער פון דער עגלה איז געווען אַ פאַליאַק, האָבען זיי רעקווירירט דעם געשפּאַן און האָבען איהם אָפּגעלאָזט מיט'ן בייטשעל... איז באַשלאָסען געוואָרען, בהסכם כלם, צו זוכען אַ „פּריווילי־גירטען" בעל עגלה, דאָס הייסט אַן אוקראַינער גוי.

„יגעתי — מצאתי!": מיט שווערער מיה און מאַטערניש האָט מען אויס־

געזוכט אַן אוקראַאינישען פויער, וועלכער האָט זיך, פאַר אַן אַפּותיקאַ, אונטערגע־נומען אַפּצופירען דעם זיידען קיין רימאַנאוו. אַ שטעטעל וואָס געפינט זיך אַן ערך 20 קילאָמעטער פון דוקלאַ.

וכפי מיר האָבען מורא געהאַט צו לאָזען דעם זיידען אַליין אין וועג אַריין, האָבען מיר באַשלאָסען אַז איך זאָל מיט איהם מיטפאָרען, איהם דאָרטען באַ־שטאַטען ביי באַקאַנטע און זיך צוריקקערען אַהיים.

דער זיידע ב״י איז געווען שטאַרק באַליבט אין שטאָדט און גאַנץ קהל האָט געזאָרגט פאַר זיין נסיעה, אַלע האָבען געזוכט תרופות און מיטלען אַז ער זאָל זיין ביכולת צו פאַרלאָזען די שטאָט, האָבען מענשען געהאַלטען אין איין קומען צו אונז אין הויז אַריין געוואויר ווערען צי ער איז שוין אַוועק...

מאָנטאַג אינדערפריה אַן ערך צוויי שעה איידער דער זיידע האָט זיך געזעצט אויף דער עגלה איז געוואָרען אין שטאָדט אַ פרישע בהלה...

דייטשע סאָלדאַטען האָבען אַפּגעשטעלט אידען אין די גאַסען און האָבען זיי ,,געשוירען אויף האַלב״: זיי האָבען אַפּגעשוירען אַ האַלבע באָרד, אַ האַלבע וואָנסע, אַ האַלבע פאה און איין ברעם, די אַפּגעשוירענע זענען געקומען צו אונז אין הויז אַריין געוואויר ווערען צי דער זיידע איז נאָך דאָ, אָדער ער איז שוין אַוועק... טייל פון די אַפּגעשוירענע זענען געקומען מיט פאַרבונדענע פּנימער, זיי האָבען צוגעדעקט מיט שאַלכלאָך די אַפּגעשוירענע טיילען, בעת אַנדערע זענען געקומען אינגאַנצען ראַזירט און עס איז שווער געווען זיי צו דערקענען סיידען לויט דער שטים, און אַנדערע זענען געקומען האַלב געשוירען, — אָט אַזוי ווי זיי זיינען פון אונטער דער שער אַרויס...

אין דוקלאַ האָבען כמעט אַלע אידען געטראָגען באָרד און פאות. אין אַזוינע צוזורודערטע טעג איז שווער צו בלייבען אַליין אין הויז מיט׳ן טרויער; אין אַזוינע טעג טוליען זיך מענשען איינס צום צווייטען — זענען כמעט אַלע געווען אויף דער גאַס און אַלע כמעט זענען געשוירען געוואָרען ,,אויף האַלב״.

די מאָדנע פּנים׳ער פון די געשוירענע אידען האָבען אַרויסגערופען גרויל און שרעק, האַרצווייטאָג און געפילען פון נקמה...

איך האָב אַפּגעקערט מיין בליק פון די פגימה׳דיגע אַפּגעשוירענע פּנימער, אַ קוק געטאָן דורכ׳ן פענסטער אויף דער גאַס און וואָס האָב איך געזען? דייטשע סאָלדאַטען שערען אידישע בערד ,,אויף האַלב״, זיי טוען זייער אַרבייט מיט גרויס התמדה, לאַנגזאַם און סיסטעמאַטיש: איינער שטעלט אָפּ דעם קרבן, דער צווייטער שערט איהם אַרום, דער דריטער בערשטעלט איהם אָפּ און דער פערטער שטעלט צו דעם נעקסטען קרבן. אין יענעם מאָמענט בין איך געווען ,,צווישען האַמער און קאָוואַדלע״: אַפּגעקערט דעם בליק פון פענסטער האָב איך געטראָ־פען געשוירענע אידען אין הויז; אַפּגעקערט דעם בליק פון די אידען אין הויז צום פענסטער — האָב איך געזעהן ווי פרישע אידען ווערען געשוירען. און נייגעריגע קריסטען שטעהען, לאַכען און זענען מקבל נחת...

פאַר גרויס צער האָב איך צוגעשלאָסען מיינע אויגען און צו מיינע אויערען האָט זיך דערטראָגען דעם זיידענ׳ס צאַרטע און שוואַכע שטים: ,,...די חז״ל דערצעהלען אין מגילה, אַז המן הרשע איז געווען אַ שערער, די איצטיגע אור־איי־

ניקלעך פון המן און עמלק זענען אויך „שערער״... אין יעדער עובדא וואס די רשעים טוען מיט׳ן כלל ישראל איז מען דעם כלל ישראל עפעס מרמז מן השמים...

ויהי רצון אז מיר זאלען זוכה זיין צו פארשטעהן און אפלערנען דעם נויטי־גען מוסר השכל פון די אלע רמזים וואס מען איז אונז מרמז מן השמים...״

איך עפען אויף מיינע אויגען פאר א ווייל און ווידעראמאהל זעה איך: אידען אין הויז האלב געשווירען, אידען אין גאס — האלב געשווירען. מיינע אויגען קאנען דאס ניט צוזעהן, שליס איך זיי ווידעראמאהל און שפאר זיך אהן אין דער וואנט, האלטענדיג מיין רעכטע האנט אויף ביידע אויגען. און ווידער הער איך דעם זיידענ׳ס קול:

„הבט משמים וראה, כי היינו ללעג ולקלס בגוים
נחשבנו כצאן לטבח יובל, להרוג ולאבד ולמכה ולחרפה״
„מתרצה ברחמים ומתפייס בתחנונים! התרצה והתפייס לדור עני
כי אין עוזר!...״

איך הער דער זיידע׳ס כליפעט, די בני בית און די אידען וואס זענען געקומען אנקלאגען דעם רבונו של עולם צום זיידען, וויינען מיט, שטעה איך, מיט געשלא־סענע אויגען, ביי דער וואנט, און שטיק די טרערען אין זיך, אבער לאנג שטיקען זיי אין זיך קאן איך ניט, די טרערען שלאגען זיך דורך א וועג, זיי שטראמען אהן אפשטעל, אהן אויפהער...

דער עולם האט דערווייל געשטראמט צום זיידען זיך געזעגענען, אלע „געשווי־רענע אויף האלב״, אלע מיט האלב פארוויקעלטע פנימער, מענשען וואס האבען „פארלוירען ס׳פנים״ ניט נאר ביי דער וועלט, נאר אויך ביי זיך אליין!...

דער זיידע געזעגענט זיך מיט אלעמען, דער עולם איז מקבל ברכה און אלעס גייט צו שטיל, אהן רעש, באשיידען און צוריקגעהאלטען. דער זיידע בעט דעם עולם אז זיי זאלען איהם ניט באגלייטען אויף דער גאס, אז יעדער זאל זיך ביחידות אהיימגעהן.

דער עולם גרייט זיך צו פארלאזען דאס הויז און דער זיידע זאגט תורה:

„נסתרים דרכי ד׳: ווער קאן וויסען אין וואס און אויף וועלכען אופן דער כביכול איז מלביש זיינע חסדים?... ווער קאן מיט זיין מח משער זיין די בריאה, דעם תכלית פון דער בריאה בכלל און די פרטים פון יעדען מין באשאף אויף דעם עולם?

„און עס איז דאך א דבר ידוע אז יעדער זאך באזונדער האט אן אחיזה אין דעם תכלית העולם און צוליב דער אחיזה ווערט די זאך נמשך צום תכלית און פון דעם אופן ווי אזוי די זאך ווערט נמשך צום תכלית — אזוינע תקונים ווערען גע־שאפען אין דעם סדר פון דער בריאה.

„און דער תכלית האט אן אחיזה און איז אויך מלובש אין אט דעם עולם השפל, אין דעם עולם השקר... און עס איז באמת א חידוש נפלא ונורא מאד, אז אזא דבר גבוה ווי דער תכלית הבריאה — זאל ער גראד זיין תלוי בבריות העולם השפל, און אלע נשמות מוזען דורכגעהן דורך אט דעם עולם השפל בכדי זיי זאלען משיג זיין דעם תכלית, ווי די גמרא זאגט אין יבמות ס״ב, ע״א: „אין משיח בן דוד בא עד שיכלו כל הנשמות שבגוף״.

דער עולם האָט פאַרלאָזט דאָס הויז. איך בין, ווי דער מנהג איז, נאָכגעגאַנ־גען נאָכ׳ן עולם, איהם באַגלייטעט.

די דייטשע באַרבאַרען זענען נאָך אַלץ ניט געווען פאַרטיג מיט זייער פּאַט־ריאָטישער עובדא. איך האָב געזעהן ווי זיי האָבען זיך אָפּגעפּאַרטיגט מיט אַ אידען, און אַ פּאַליאַק וואָס איז דערביי געשטאַנען האָט האַרציג געלאַכט, הנאה געהאַט פון דעם עסק... ווי אַזוי מ׳האָט אַרומגעשווירען אַ „אידישען מאַשקע״, ער האָט אַזוי הילכיג געלאַכט אַז זיין געלעכטער האָט אַזש אַרויסגערופען פאַרדרוס ביי אַ דייטשען סאָלדאַט און דער סאָלדאַט האָט זיך אָפּגערופען:

— וואָס לאַכסטו פון דעם יודע? איהם האָט מען אָפּגעשווירען די באָרד, אַ פּאה, אַ ברעם, אַ וואָנסע — וועט עס איהם צוריק אָנוואַקסען... אָבער ביי דיר — האָט מען דיין לאַנד צוגענומען! דיין לאַנד וועט דיר שוין מעהר קיינ־מאָהל צוריק ניט אָנוואַקסען!...

איך בין אַוועק אַהיים, זיך פאַרבונדען מיט אַ שאַל דעם פּנים אַזוי אַז איך זאָל מאַכען דעם איינדרוק פון אַ „געשווירענעם״ און אַזוי האָט אויך דער זיידע געטאָן.

מיט פאַרבונדענע פּנימער האָבען מיר זיך אויפגעזעצט אויף דער עגלה און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

ווי נאָר מיר זענען אַרויסגעפאָרען פון יענער זייט שטאָדט, האָבען מיר גע־טראָפען הונדערטער אידען וואָס האָבען צוריק געשטראָמט אַהיים — קיין דוקלאַ, מיט זיי זענען אויך מיטגעגאַנגען מענשען פון אַנדערע שטעדט, פון אַזעלכע שטעדט וואָס דוקלער אידען זענען אַהינצו געלאָפען.

פאַר גרויס שרעק און פאַרצווייפלונג האָבען שטעדט זיך געביטען מיט די איינוואוינער: דוקלער אידען זענען געלאָפען קיין רימאַנאָוו, בעת רימאַנאָווער אידען זענען געלאָפען קיין דוקלאַ.

שפּעטער האָבען זיך די אומגליקליכע אַרומגעזעהן און עס איז פאַר־געקומען אַ „השיבינו נאָזאַד״־גלות. אין די הונדערטער זענען זיי אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, צום טויט דערשראָקענע, מיט אויסגעדאַרטע, איינגעשרומפּענע פּנים׳ער, געגאַנגען איבער די, מיט טויטע קערפּערס באַדעקטע פעלדער, און די דייטשע סאָלדאַטען זענען געשטאַנען מיט זייערע פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטען און פאָטאָגראַפירט „די פּרוכט״ פון זייערע דערגרייכונגען... לאַכענדיג דערביי מיט זייער כאַראַקטעריסטישען ברוטאַלען סאַרקאַזם.

„יודע! וואוהין געהען זי? קיין פּאַלעסטינע? קיין ירושלים?״ מיט דעם דאָזיגען אַרויסרוף האָבען די דייטשע סאָלדאַטען אָפּגעשטעלט אונזער עגלה און ניט וואַרטענדיג אויף אונזער ענטפער, האָבען זיי זיך געווענדעט צום אַנטריי־בער:

— וויפיל קריגסטו פון דעם „יודע״ פאַר׳ן וועג?

— 250 זלאָטעס — האָט געענטפערט דער בעל עגלה.

— און וואוהין פירסטו זיי?

— קיין רימאַנאָוו.

— האָבען דיר די „יודען״ שוין באַצאָהלט?

— נאָך ניט! זיי וועלען מיר אין רימאַנאָוו באַצאָהלען.

— גלייך זאָלסטו באַצאָהלען דעם אַנטרייבער די 250 זלאָטעס! — האָט איינער פון די סאָלדאַטען זיך געווענדעט צו מיר.

איך האָב אַרויסגעכאַפּט 250 זלאָטעס און דערלאַנגט דעם בעל עגלה.

— 250 זלאָטעס איז ניט גענוג! — האָט דער דייטש אויסגעשריגען — דערלאַנג אַהער נאָך 100 זלאָטעס!

איך האָב ניט אַרויסגעוויזען דעם מינדסטען פּראָטעסט, האָב גלייך אַרויס־גענומען פון קעשענע 100 זלאָטעס און זיי דערלאַנגט דעם אַנטרייבער.

דער סאָלדאַט האָט זיך געווענדעט צום אַנטרייבער ער זאָל איהם דערלאַנגען די 350 זלאָטעס, וועט ער זיי איבערצעהלען, זיכער מאַכען אַז עס פעלט ניט צו דער סומע.

דער אַנטרייבער האָט זיך אַביסעלע געוואַקלט און האָט, אָהן חשק, דער־לאַנגט דעם זעלנער די גאַנצע סומע. דער זעלנער האָט פּאַרזיכטיג אָפּגעצעהלט ס'געלט אַרונטערגענומען פאַר זיך 50 זלאָטעס און האָט זיך צו מיר געווענדעט:

„יודע! צאָהלען זי איהם צוריק די 50 זלאָטעס!"

איך האָב אָהן שום טענות ומענות דערלאַנגט דעם אַנטרייבער 50 זלאָטעס.

דער סאָלדאַט האָט אונז באַפוילען אַז מיר זאָלען אַרונטערגעהן פון וואַגען, צורוה לאָזען דעם בעל עגלה, און זיך לאָזען אין וועג אריין — צופוס...

דאָ האָב איך שוין ניט געקאָנט נאָכקומען און איך האָב זיך, מיט טרערען אין די אויגען, געווענדעט צו די אַרומיגע סאָלדאַטען: „האָט איינזעהעניש מיט אַן אַלטען קראַנקען מענשען!... האָט רחמנות! מיר פאָרען פון דוקלאַ קיין רימאַנאָוו צום דאָקטאָר, ווייל אין דוקלאַ איז קיין דאָקטאָר ניטאָ".

דער סאָלדאַט הערט אויס, שמייכעלט קאַלטבלוטיג, בּרוטאַל, ציניש און נעמט אַרויסוואַרפען אונזערע חפצים פון וואַגען.

איך אַפּעליר צו אַ צווייטען סאָלדאַט:

— מיר האָבען אָפּגעצאָלט שכר עגלה וויפיל נאָר דער אַנטרייבער האָט פון אונז פאַרלאַנגט, האָט רחמנות!... האָט דרך ארץ פאַר אַן אַלטען קראַנקען הילפלאָזען מענשען!...

— הערויס! פאַרפלוכטער יודע! הערויס! — האָט ער מיט שוים אויף די ליפּען געשיפּעט און האָט מיך אַרונטערגעטריבען פון וואַגען.

איך פיל אַז נאָך מיר וועט ער זיך נעמען צום זיידען און עס לויפט מיר דורך אַ געדאַנק אַז דער זיידע נ"י וועט עס חלילה ניט אויסהאַלטען, אָבער פּלוצים האָט זיך געיאַוועט אַ נייער זעלנער, אַ פנים חדשות, ווייזט אויס פון העכערען ראַנג, און האָט זיך געווענדעט צום אַנטרייבער:

— וואָס האָט פּאַסירט?

האָב איך געענטפערט, אַז מיר פאָרען קיין רימאַנאָוו צו אַ דאָקטאָר און אַז דער אַלטעטשקער איז קראַנק און קאָן צופוס ניט געהן, בכן בעט איך ביי די סאָלדאַטען, אַז זיי זאָלען האָבען איינזעהעניש ניט מיט מיר, נאָר מיט'ן אַלטען מאַן און איהם ניט אַראָפּטרייבען פון וואַגען.

דער סאָלדאַט פון העכערען ראַנג, האָט אויסגעהערט מיין געשיכטע, האָט

אַרויסגענומען אַ שערעל און האָט מיר ערטערוויז אַרומגעשוירען די באָרד און האָט מיר אַ זאָג געטאָן:

— זי קאָנען פאָרען! . . .

און צום אונטרייבער האָט ער געזאָגט, אַז ווען מיר וועלען, פאָרענדיג, צוקומען צו אַ בריק, זאָל ער אונז אַריינוואַרפען אין טייך אַריין.

מיר האָבען זיך געלאָזט אין וועג אַריין. מיר פאָרען און איך טראַכט: דער אוקראַינער פויער איז טויט־ערנסט, נאַאיוו, האָט מורא פאַר „געזעץ"... ווער ווייסט וואָס מיט אונז וועט פּאַסירען לעבען דער בריק, ספּעציעל ווען די בריקען זענען באַוואַכט פון די נאַציס... אין זיין גרויסער פּויערישער תמימות קאָן נאָך דער פויער — האָב איך געטראַכט — אויספאָלגען דעם באַפעל און אונז אַריינשליידערן אין וואַסער... האָב איך אָנגעהויבען צו שמועסען מיט'ן פויער וועגן רחמנות, וועגן ג־ט'ס באַשעפענישען... וועגען דין וחשבון אויפ'ן עולם האמת און איך האָב איהם גלייכצייטיג צוגעזאָגט „עולם הזה": איך האָב איהם פאַרזיכערט אַז ווי נאָר מיר וועלען בשלום איה"ש קומען קיין רימאַנאָוו, וועל איך איהם מוסיף זיין כך וכך זלאָטעס...

דער פויער האָט אויסגעהערט, צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, געמורמעלט און זיך גע'צלמ'ט ביז מיר זענען אַזוי ענדליך אַריינגעפאָרען קיין רימאַנאָוו.

מיר זענען פאַרפאָרען צו אַ באַקאַנטען אידען וועלכער האָט אונז אויפגענומען בסבר פנים יפות.

דער אויסזעהן פון דער שטאָדט רימאַנאָוו האָט אויף מיר אָנגעוואָרפען אַ פחד גדול! העכער 70 פּראָצענט פון די אידישע איינוואוינער זענען זיך צולאָפען, די טירען פון די הייזער זענען געווען צופּראַלט, אָפען... דאָס האָב און גוטס — אויסגערויבט...

איך האָב באַשטאָט דעם זיידען און האָב באַשלאָסען צו געהן אַהיים קיין דוקלא צופוס, איך האָב אַפילו ניט געוואָלט איבערנעכטיגען אין רימאַנאָוו.

איך האָב מיך גלייך געלאָזט אין וועג אַריין. דער וועג איז פול געווען מיט נאַציס, מיט טאַנקען, האַרמאַטען און אַנדערע תכסיסי מלחמה און די פעלדער זענען געווען באַדעקט מיט טויטע פוןביידע לאַגערען: דייטשען און פּאָליאַקען, גע'פּגר'טע פערד, ציווילע מענשען, צובראָכענע, צולאָמטע און צושאָסענע אויטאָס, מענשליכע הענט און פיס...

פאָרענדיג מיט'ן זיידען און זייענדיג באַזאָרגט איבער זיין גורל, האָב איך דאָס אַלעס ניט געקאָנט אַזוי גענוי באַטראַכטען, אָבער געהענדיג צוריק צופוס און אייגער אַליין, האָב איך גענויער אָבסערווירט דעם גרויסען חורבן וואָס אַ באַנדע מאַניאַקעס האָבען פאַראורזאַכט און איך האָב געדאַנקט השי"ת וואָס ער האָט מיך בשלום צוריקגעבראַכט קיין דוקלא צו מיינע עלטערען.

# איך גײ אויף אַרבייט

איך בין אַרייננעקומען קיין דוקלאַ בין השמשות, און נאָך איידער איך האָב באַשפייעט צו קומען צו זיך פון דעם מורא׳דיגען וועג וואָס איך האָב דורכגעמאַכט פון דוקלאַ קיין רימאַנאָוו און צוריק, איז זיך צוזאַמענגעקומען אַ נייגעריגער עולם צו אונז אין הויז אַריין, דער עולם איז געווען נייגעריג צו וויסען וואָס עס הערט זיך מיט׳ן יידען, ווי אַזוי די נסיעה איז דורכגעגאַנגען וכדומה.

איך האָב געטיילט מיינע איינדרוקען מיט׳ן עולם, זיך באַמיט ווי ווייט מעגליך צו מילדערען דעם רושם וואָס די רייזע קיין רימאַנאָוו האָט אויף מיר געמאַכט און אויך האָב איך מינימיזירט דאָס פּיינליכע וואָס האָט זיך אָפּגעזעצט אויף מיין גע־מיט בעת איך האָב „עולה רגל״ געווען פון רימאַנאָוו קיין דוקלאַ . . .

און אַזוי שמועסענדיג מיט׳ן עולם האָט זיך פּלוצים איינער פון עולם אָפּגע־רופען :

„פּלאַקאַטען !״

דערהערט דאָס וואָרט „פּלאַקאַטען״ האָט דער עולם פאַרלאָזט דאָס הויז אָהן אַ „זיי געזונט״, אויך איך בין אַרויס אין גאַס געוואויר ווערען וועגען די פּלאַקאַטן.

איך האָב געזעהן ווי דייטשע זעלנער קלעפּען אויס פּלאַקאַטען אויף די טעלע־גראַפישע סלופּעס. די פּלאַקאַטען זענען מודיע אַ באַפעל פון דער מיליטערישער קאָמענדאַטור אַז יעדען טאָג זאָלען 30 מענשען זיך מעלדען צו דער אַרבייט אויף דעם און דעם זאַמעלפּונקט.

דער דאָזיגער באַפעל האָט אַנגעוואָרפען אַ פּחד אויף די דוקלער אידען. אידען האָבען זיך קיין עצה ניט געקענט געבען : טייל האָבען געהאַלטען אַז מ׳דאַרף זיך יאָ מעלדען צו דער אַרבייט, בעת אַנדערע האָבען געהאַלטען אַז מ׳טאָר זיך ניט יאָווען אויף אַרבייט, מחמת די אַרבייטער וועלען אויסגעליפערט ווערען קיין טיף־דייטשלאַנד און — אידען זענען נעבאָך אַרומגעלאָפען ווי פאַר׳סמ׳טע מייז.

איך פערזענליך האָב באַשלאָסען זיך צו מעלדען צו דער אַרבייט און איך האָב אַפילו אַגיטירט מיינע חברים אַז זיי זאָלען זיך מעלדען צו דער אַרבייט, בכדי אויס־צומיידען די פאָלגען פון אומגעהאָרכזאַמקייט און אויך בכדי ניט צו פּראָוואָצירען די געסטאַפּאָ . . .

איך בין אַוועק אַהיים און אַ מידער פון וועג, אַן אַנגעשראָקענער פון דעם אַלעמען וואָס מיינע אויגען האָבען צוגעזעהן אויפ׳ן וועג, דערצו שטאַרק דערשי־טערט פון דער שפּאָגעל נייער גזירה, האָב איך זיך געלעגט שלאָפען אין די מלבושים.

גרויליגע רעיונות האָבען יענע נאַכט מיך קיין אויג ניט געלאָזט צומאַכען; דער געדאַנק אַז מאָרגען וועל איך אויפסניי באַדאַרפען שטעהן פּנים אל פּנים מיט די נאַצישע אויפזעהער — דער דאָזיגער געדאַנק האָט אויף מיר אַנגעוואָרפען אַן אימה און אַ מאָדנע אומהיימליכקייט האָט מיך באַהערשט; דעם זיידענ׳ס בילד איז מיר

געשטאַנען פאַר די אויגען, זיין מילדער שמייכעל, זיינע גוטמוטיגע אויגען האָבען מיך ווי געצערטעלט און עס איז מיר געקומען אויפ׳ן זינען דער פסוק:

„אל תירא מפחד פתאום!"

מיט אַלע כוחות האָב איך זיך באַמיט צו פאַרטרייבען די שרעק, ממתיק זיין מיט עפּעס דאָס מרירות, געפינען כאָטש אַ שטיקעלע טרייסט, עפּעס אַ האָפענונג, אַן אויסוועג, אַ מינדסטען אַנדייט אויף אַ ישועה, אויף אַן הרחבה... און גראַד האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם זיידענ׳ס אַ וואָרט אַז „אין דער צרה אַליין איז דאָ די הרחבה" („בצר — הרחבת לי") האָב איך גענומען אַרומזוכען די הרחבה, דעם תכלית פון דעם פּיין, פון די מורא׳דיגע יסורים און אַזוי זוכענדיג דעם „תכלית" איז די נאַכט אַריבער. עס האָט גענומען שאַריען אויף טאָג און איך האָב געלעגט תפילין, זיך געשטעלט דאַווענען.

אין דעם דאַווענען האָב איך געפונען אַן אָנהאַלט, כ׳האָב געדאַוועט הארציג, מיט כונה, מעומק הלב; מיינע דאגות, מיינע מחשבות זרות, מחשבות פון עצבות און אויסגאַנגלאָזיגקייט האָבען זיך ווי אָפּגעטאָן פון מיר, יעדעס וואָרט פון תפילה האָט מיך ווי געצערטעלט און פון גרויס השתפכות הנפש איז מיר מאָדנע גוט געוואָרען, איך בין באַהערשט געוואָרען פון אַזאַ הויכגעפיהל וואָס לאָזט זיך גאָרניט איבערגעבען אין ווערטער. איך האָב ממש געפיהלט, אַז איך בין איינגעהילט אין רחמים און חסדים גדולים און עס איז מיר גוט, זעהר גוט געווען.

אָפּגעדאַוועט האָב איך זיך געזעגענט מיט די בני בית און בין אַרויס אין גאַס, אין דרויסען האָבען מיך שוין אָפּגעוואַרט אייניגע פון מיינע חברים. מיר האָבען זיך געלאָזט צו דער אַרבייט; אויף אונז קוקענדיג האָבען זיך אויך אַנדערע בחורים און מיידלאַך געלאָזט צו דער אַרבייט אַזוי אַז אַנשטאָט די געפאָדערטע 30 מענשען זענען צו דער אַרבייט געקומען גאַנצע 45 מענשען.

איז דאָך דוכט זיך גוט? לאָזט זיך אויס אַ מעשה אַז די נאַצישע זעלנער האָבען זיך אַרויסגעלאָזט איבער די גאַסען אין אַ געיעג נאָך אַרבייטער; דאָס כאַפּען מענשען פון די גאַסען איז ביי די נאַציס, הפּנים, אַזאַ צייט-פאַרטרייב, אַ ספּאָרט אַזאַ וואָס זעטיקט זייער סאַדיסטישען הונגער...

די „געכאַפּטע" זענען פאַראייניגט געוואָרען מיט די פריי-געמאַלדענע אַרבייטער און, אין דער באַגלייטונג פון נאַצי-זעלנער און געסטאַפּאָ-אַגענטען, זענען מיר אָפּגעפירט געוואָרען אין דער געריכט-געביידע אויף אַרבייט.

אין דער געריכט-געביידע פלעגט זיך אויפהאַלטען די פּוילישע „אַבּראַנאַ נאַראַ-דאָוואַ" (אַ מין פאָלקס מיליץ) און איידער זיי האָבען זיך געשיידט מיט די פּרעכטי-גע זאַלען פון דער געביידע, האָבען זיי דאָרטען פאַראורזאַכט אַ גרויסען חורבן, פאַרוואַנדעלט אַלע חפצים אין אַש און שטויב, געמאַכט תכלית-חרם פון אַלץ און אַלעס.

מיר האָבען זיך געשטעלט צו דער אַרבייט אונטער דער השגחה פון צוויי סאָל-דאַטען און צוויי געסטאַפּאָ-אַגענטען, פון וועלכע איינער האָט גערעדט אַ זאַפטיגען פאָלקסטימליכען אידיש.

די געסטאַפּאָ-אַגענטען האָבען אונז באַפוילען צו טאָן די אַרבייט „טיכטיג, גע-

הארכזאם, פלינק און פינקטליך'', מחמת די געביידע דארף פארוואנדעלט ווערען אין א צענטער פאר'ן דייטשען מיליטערישען שטאב.

די סאלדאטען האבען אונז געגעבען אינסטרוקציעס וואס צו טאן און די געסטאפא־אגענטען האבען השגחה געגעבען אז די ארבייט זאל געטאן ווערען כדין וכדת: „טיכטיג, געהארכזאם, פלינק און פינקטליך!'' . . .

איך האב געטאן מיין ארבייט לויט די אנגעוויזענע אינסטרוקציעס, באטראכטענדיג בשעת מעשה דעם קאלעקטיוו ארבייטער: אידען מיט האלב־געשוירענע בערד וואס כאפען אריין א קאפיטעל תהלים אין מיטען דער ארבייט, אידען וואס ארבייטען מיט גרויס כונה און זענען „צופרידען'' מיט'ן אורטייל פון דער השגחה, ווייל „עס שטעהט בפירוש געשריבען אז יסורים באדארף מען מקבל זיין באהבה''; צארטע אידישע טעכטער מיט צניעות'דיגע פנימ'ער און יונגע בחורימ'לאך וואס זיינען נאך קיין בר מצוה ניט געווארען.

בשכנות מיט מיר האט זעהר טיכטיג געארבייט אזא יונגער בחור'ל.

— אינגעלע! ווער־מענס ביזטו? — האב איך זיך געווענדעט צום בחור'ל.

— פנחס ריטער דעם קצב'ס אינגעל בין איך.

— לעגסט שוין תפילין?

— נאך ניט, אבער איך ווער בר־מצוה איה'ש זומער.

— ווי קומסטו אהער?

— מ'האט מיך געכאפט אין גאס.

איך באטראכט דאס בחור'ל, זיין אומשולדיג נאאיוו פנימ'ל און איך טראכט: רבש''ע! ווי קאנען „מענשען'' אזוי טיף זינקען?... ווי קאן מען וואגען צו „כאפען'' אזא קינד פאר שווערער פיזישער ארבייט?! און איך ווענדע זיך צום קינד: „ארבייט אינגעלע, עס וועט שוין לאנג ניט נעמען און מיר וועלען אהיימגעהן''.

איך באמערק ווי די אויגעלאך ווערען פייכט ביים קינד, אבער ער קאנטראלירט זיך, קיין טרערען לאזט ער ניט, ער ארבייט געהארכזאם און טיכטיג.

איך רייס איבער דעם געשפרעך מיט'ן קינד און זעץ פאר די ארבייט, בעת איך ארבייט קאן מיר דאס בחור'ל פון זינען ניט ארויס און איך ווארף א בליק צו איהם; איך זעה אז דאס בחור'ל שטעהט געבויגען און באטראכט א קליין פאטאגראפיש בילדל וואס ער האט פארזיכטיג אויפגעהויבען פון די מיסטען אויפ'ן דיל, זיין פנימ'ל דריקט אויס פארזיכטיגקייט און חשק צום בילדעל...

— טשעפע ניט דאס בילד! ווארף עס אוועק!... — שושקע איך אריין צום קינד אין אויער אריין.

דאס בחור'ל דערשרעקט זיך און לאזט ארויס דאס בילדעל פון די הענט.

איך האב פרייער אפגעאטעמט און נאך איידער איך האב באוויזען צו קומען צו זיך פון איבערראשונג איז, ווי פון דער העלער הויט ארויס, מיט א מאדנער פלוצימדיגקייט, צו צו אונז איינער פון די געסטאפא־אויפזעהער. זיין פנים איז געווען מורא'דיג ווילד פון רציחה און ער האט געהאלטען אין דער האנט א רעוואלווער אנגעצילט אויף דעם 12־יעהריגען קינד.

איך האב זיך פארלוירען און, ניט וויסענדיג וואס איך טו, האב איך, פאר גרויס

שרעק, אַ כאַפּ געטאָן די מערדערליכע האַנט פון דער ווילדער געסטאַפּאַ־חיה אין מענשען־געשטאַלט און האָב זי אָפּגעווענדעט אין אַ זייט, דערביי האָב איך אַרויס־געלאָזט אַ היסטערישען געוויין פון וועלכען דער געסטאַפּאַ־אויפזעהער איז הפנים געווירט געוואָרען און ער האָט, מיט שוים אויף די ליפּען, אַ זאָג געטאָן:

— דער פאַרפלוכטער יודענקנאַבע!... ער האָט דאָך געוואָלט אַרונטער־לאָזען אַ בילד צו זיך אין טאַש אַריין!...

איך האָב געמאַכט אַ שטאַרקען אָפּיל צו איהם, איהם געבעטען אַז ער זאָל נעמען אין אַכט די מינדעריעהריגקייט פון דעם קינד, זיין נאַאיווע אומשולד וכדומה. מיין אַפּיל האָט געווירקט און דער געסטאַפּאַ־מחבל איז צוריק אַוועק צו זיין פּאָסטען.

שטאַרק איבעראַשט פון אָט דעם פאַל, פון דער מורא'דיקער איבערלעבונג, האָב איך פאַרלוירען דעם גלייכגעוויכט, עס האָט מיר אָנגעהויבען צו שווינדלען אין די אויגען; אַ שלאַפלאָזע, טרייסטלאָזע נאַכט האָב איך געהאַט. דער פייגלי־כער רושם פון דער רייזע מיט'ן זיידען איז נאָך געווען פריש — בין איך געבליבען שטעהן אַ פאַרלוירענער, אָהן כוחות אויף אָנצוגעהן מיט דער אַרבעט.

די אַרומיגע אַרבעטער האָבען דאָס צוגעזעהן און, אויס מיטגעפיל, האָבען זיי מיר אָנגעהויבען אַרויסצוהעלפען אין דער אַרבעט.

די געסטאַפּאַ־אויפזעהער האָבען דערויף רעאַגירט און איינער פון זיי איז צו מיר צוגעקומען, מיך באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און אַ זאָג געטאָן:

— פאַרוואָס קומען זיי דיר צוהילף, די קאַמעראַדען דיינע?

— ווייל ער איז אַן הער ראַבינער! — האָט זיך איינער פון די אַרויסהעלפער אָפּגערופען.

— „זיע מאַרקורירען!'' (פעלשעווען) — האָט דער געסטאַפּאַ אויפזעהער אַרויסגעדונערט, און אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזען אַ סאַרקאַסטיש געלעכטערל, ער האָט זיך וואָיליונגעריש אַוועקגעשטעלט, מיט די הענט אין די קעשענעס, ציניש געשמייכעלט און האָט מיך אויסגעפרעגט אויף מיין עלטער, מיין נאָמען, מיין אַדרעס וכדומה און נאָכדעם האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— איך זעה אַז די מאַרקורירסט און די אַרויסהעלפער דיינע מאַרקורירען אויך, וועל איך דיך דאַרום איזאָלירען: איך וועל דיר געבען אַ זעלבסטשטענדיגע אַרבעט, אום דו זאָלסט ניט זיין אָפּהענגיג פון דיינע קאַמעראַדען.

און ער האָט מיך אַריינגעפירט אין דעם פערדען־שטאָל פון דער געריכט געביידע, מיך צוגעפירט צו אַ באַרג מיסט פון וועלכען עס האָט זיך געטראָגען אַ מורא'דיגער געשטאַנק און האָט מיר באַפוילען, אַז איך זאָל אַפּרייניגען דאָס מיסט מיט די הענט.

איך האָב באַטראַכט דעם הויפען מיסט און איך האָב געזעהן אַז ער באַ־שטעהט פון אַ פאַרשיידענאַרטיגען געמיש, אַ געמיש פון פאַרשידענע מינים אָפּ־פאַל: שטרוי, טנופת פון פערד און בהמות, זאַמד וכדומה — איבערגעמישט מיט געבראָכענע שטיקלאַך גלאָזוואַרג און עס האָט מיך אַרומגענומען אַ גרויל, אָבער איך האָב זיך באַהערשט, אַוועקגעלעגט דעם שטאָלץ אין אַ זייט און האָט זיך גע־נומען צו דער „בכבוד'יקער'' אַרבעט.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און פון מיינע הענט האָט גענומען טריפען דאָס

בלוט, די געסטאפא אויפזעהער זענען געשטאנען ביי דער זייט און הנאה געהאט פון דעם עסק וואס אידישע הענט ווערען אנגעשטאכען פון גלאז און זענען „מלוכלך בצואה״ . . .

איך האב דאס אלץ צוגעזעהען, פארביסען די ליפען, געשוויגען און . . . גע־ארבעט און, ניט קאנענדיג מעהר פארטראגען די מורא׳דיגע וועהטאגען, האב איך זיך געווענדעט צו איינעם פון די געסטאפא־משגיחים נאך אביסעל יאד אדער פאראקסייד.

די משגיחים האבען זיך איבערגעקוקט, געשמייכעלט, און איינער פון זיי האט מיך געפרעגט צו וואס איך באדארף האבען דעם יאד.

— אום ניכט צו פארגיפטען דאס בלוט — האב איך געענטפערט.

— יודע ! דיין בלוט איזט אימער פארגיפטעט ! . . . — האט דער געס־טאפא־מאן געענטפערט, און האט גענומען באטראכטען מיין האנט.

באטראכטענדיג מיין האנט איז דערווייל אויך זיין האנט פארבלוטיגט גע־ווארן, ער האט אפגעלאזט מיין האנט און איז אוועק, מיט איהם זענען אויך די איבעריגע אויפזעהער אוועק (פאר מיטאג) און איך בין געבליבען ארבעטען אליין — אהן משגיחים.

ווי נאר די אויפזעהער זענען אוועק איז אריינגעקומען מיינע א באקאנטע פרייליין — שרה פינסקער און, זעהענדיג מיין לאגע, האט זי מיר פארגעשלאגען איהר הילף, דהיינו : זי וועט זיך שטעלען צו דער ארבעט און איך זאל זיין איהר משגיח : איך זאל השגחה געבען, טאמער מאכט זיך אז איינער פון די נאצישע משגיחים קומט אן, זאל איך איבערנעמען די ארבעט און זי וועט זיך אפטראגען...

און אזוי איז טאקע געווען : זי האט פאר מיר אפגעטאן א היבשען טייל ארבעט און ווען איך האב באמערקט דאס אנקומען פון די אויפזעהער, האב איך איבערגענומען די ארבעט און זי איז נעלם געווארען.

ווען איך האב פארענדיגט די ארבעט, איז געווען אן ערך דריי אזייגער ביי־טאג, אלע איבעריגע ארבעטער זענען שוין באפרייט געווארען און אויך איך האב זיך גענומען מכין זיין אהיימצוגייען, איך האב געמאכט מיינע הכנות אומגעשטערט און האב זיך געלאזט אין וועג אריין, אבער ווי נאר איך בין ארויס פון יענער זייט טיר, האט זיך צו מיינע אויערען דערטראגען אן אויסגעשריי: „יודע—צוריק!״

איך האב זיך קריקגעקערט און דער אויפזעהער האט מיר דערלאנגט א בעזים און האט מיר באפוילען צו רייניגען דעם בית־הכסא.

איך האב ניט ארויסגעוויזען קיין פראטעסט און כ׳האב אויך די דאזיגע אר־בעט אפגעטאן, אבער שוין נאכדעם ווי איך האב פארענדיגט די ארבעט האב איך, אויס צוטראגענקייט, אפגעטונקען דעם בעזים אין אן עמער ריינער וואסער פון וועלכען די נאצישע אויפזעהער פלעגען טרינקען (אין די קליינע גאליצישע שטעט־לאך איז ניטא קיין וואסערלייטונג) באטירליך אז דאס האט ארויסגערופען דעם צארען פון דעם אויפזעהער און ער האט מיך געשלאגען מכת־רצח און ערשט נאכ־דעם האט ער מיר באפוילען אז איך זאל, פאר א משך פון דרייסיג מינוט, וואשען דעם עמער און מארגען אויפסניי קומען צו דער ארבעט.

איך האָב זיך אַנגענומען מיט מוט און האָב אים געפרעגט צו מיין ארבעט געפעלט איהם. ער האָט דערויף גאָרניט געענטפערט.

האָב איך איהם געפרעגט, צי די איבעריגע אַרבייטער זיינען באַאויפטראַגט געוואָרען צו קומען מאָרגען ארבעטען, האָט ער געענטפערט אַז ניין.

— טאָ פאַרוואָס זשע מאַכסטו מיט מיר אַן אויסנאַם ? — האָב איך געוואַגט צו פרעגען.

— ווייל דו ביזט אַן הער ראַבינער ! — האָט דער נאַצי משגיח געענטפערט.

* * *

איך האָב זיך געלאָזט אין וועג אריין אַן אומצופרידענער פון דעם אויסנאַם וואָס איז מיט מיר געמאַכט געוואָרען.

אויף מיין וועג אַהיים האָב איך בלויז געזעהן דייטשע סאָלדאַטען און אוקראַינער וועמען די דייטשען האָבען באַטראַכט פאַר „פריווילעגירטע" אידען און פאָליאַקען האָבען זיך ניט געטאָרט וואַרפען אין די אויגען, זענען זיי געווען אין די הייזער . . . בלויז אַרום משה־דוד וועבער'ס שניט קראָם האָב איך געזעהן אַ סך אידען, פאָליאַקען און אוקראַינער. איך בין געווען נייגעריג צו וויסען וואָס די „שמחה" איז אַזוי גרויס אַרום משה־דוד'ן, בין איך אויך צוגעגאַנגען צום המון־עם, האָב איך געזעהן ווי משה־דוד שטייט אַן איבערגעשראָקענער און דער גלח טיפּראַוועץ, דער געוועזענער בירגערמייסטער, זאָגט איהם מוסר הלמאי ער האָט באַהאַלטען אין קעלער זיין ביסעל אָרימקייט און וויל עס ניט „פאַרקויפען" צו די אָרימע אוקראַינישע פויערים פאַר דייטשע מאַרקען פון קייזער ווילהעלמ'ס צייטען . . . וועלכע זענען, כידוע, נאָך אין יאָהר 1918 אַנולירט געוואָרען . . . דערביי האָט דער גלח געמאַכט אַן אפּיל צו די „פריווילעגירטע" אוקראַינער זיי זאָלען חלילה ניט „קאָנפיסקירען" די אין קעלער געפונענע סחורה, און ער טראָגט אַרויס אַן אורטייל אַז משה־דוד וועבער זאָל צאָלען קנס 50 זלאָטעס! . . .

איך קאָן דעם גלח טיפּראַוועץ פאַר אַ ליבעראַלען מענשען, פאַר אַן אוהב־ישראל וועלכער האָט שוין ניט איינמאָל געראַטעוועט אידען פון פּאָגראָמען אין די האָניג־חדשים פון דער פּוילישער זעלבסטשטענדיגקייט אין יאָהר 1918, ווען פּוילישע פּאַטריאָטען פלעגען אויסדריקען זייער נאַציאָנאַלע פרייד אין דער פאָרם פון ראַבירען אידישע געשעפטען און שניידען אידישע בערד — שטעל איך מיר פאָר אַז אויך איצט האָט דער גלח טיפּראַוועץ אָפּגעטאָן אַן ענליך שטיקעל ארבעט און איך צופרעג זיך ביי מיינע באַקאַנטע וואָס עס קומט דאָ פאָר.

איך ווער געוואויר אַז אַן אוקראַינער פויער איז אריינגעקומען צו משה־דוד'ן אין געשעפט אריין, האָט איינגעהאַנדעלט אַ היבש ביסל סחורה פאַר וועלכער ער האָט אָפּגעצאָלט מיט „ווילהעלמ'ס וואַליוטע", אָבער דער אַפּעטיט צום קויפען האָט זיך ביים אוקראַינער געהאַלטען אין איין שטאַרקען און משה דוד האָט נעבאָך ניט געקאָנט נאָכקומען זיינע אַפּעטיטען . . . איז דער פויער אַוועק מלא־רציחה און האָט געבראַכט צופירען אַ „יעקע". דער „יעקע" האָט געמאַכט אַ רעוויזיע אין קעלער און האָט געפונען סחורה . . האָט דער „יעקע" געזאָגט, אַז די אוקראַינער קאָנען איצט פראַנק און פריי זיך אַ לאָז טאָן איבער די אידישע געשעפטען און נעמען סחורה „פריי און אומגעשטערט" . . .

האבען די אוקראינער זיך געלאזט צו דער ארבעט, האט דער גלח טיפרא־ווען זיי קוים אפגעהאלטען און די שטאט איז געראטעוועט געווארען פון א פאג־ראם.

צווישען דעם המון־עם בין איך אויך געוואויר געווארען אז מיינע עלטערען זענען שטארק באזארגט וועגען מיר, דער פאקט אז אלע אנדערע זענען געקומען פון דער ארבעט, בעת איך איינער בין פארבליבען — דער דאזיגער פאקט באאומ־רוהיגט זיי.

איך בין דארום גלייך אוועק אהיים, דערציילט די בני בית אלץ וואס מיט מיר האט פאסירט און אז איך מוז אויך מארגען זיין ביי דער ארבעט, ווייל איך בין א יוצא מן הכלל . . .

איך האב געדאווענט מנחה און מעריב, זיך ארומגעוואשען, באנדאזשירטביידע פארוואונדיגטע הענט, אפגעגעסען און זיך געלעגט שלאפען און כאטש איך בין געווען מיד און אויסגעשעפט, בין איך אויך די נאכט ניט געשלאפען און ניט נאר א י ך בין ניט געשלאפען, נאר די גאנצע אידישע באפעלקערונג איז ניט געשלאפען, געזארגט פאר דעם האט דער מיליטערישער שטאב: ער האט נאכט־איין, נאכט אויס אבזיכטליך ארויסגעשיקט טאנקען און מאטארציקלעטען מיט געפאנצערטע אויטא׳ס וועלכע זענען ארומגעפארען איבער די גאסען מיט אן אומ־דערהערטען רויש, וואס האט געריבט דעם שלאף פון דער ציווילער באפעלקערונג.

# מיין צווייטער אַרבייטס-טאָג

מיטוואָך, דעם 13־טען סעפּטעמבער, 8 אַזייגער אינדערפריה, בין איך שוין געווען ביי דער אַרבייט. פון די נעכטיגע אַרבייטער האָב איך קיינעם ניט גע־טראָפען; איך האָב געטראָפען אַ שפּאָגעל נייעם סטעף אַרבייטער צווישען וועלכע עס האָבען זיך אויך געפונען עטליכע פּאָליאַקען.

אויך פון די נעכטיגע משגיחים האָב איך — אויסער דעם אידיש־שפּרעכענ־דיגען געסטאַפּאָ־אַגענט — קיינעם ניט געטראָפען.

דער אַגענט האָט זיך מיט מיר פונאַנדערגעשמועסט און פון זיין פליסיגען אי־דיש — אַ אידיש מיט אַלע העברעאיזמען וואָס געהען אַריין אין דעם אידישען טאָג־טעגליכען געשפּרעך — איז ביי מיר געבוירען געוואָרען אַ פאַרדאַכט אַז ער איז אפשר איינער מאחינו בני ישראל; איך האָב זיך בשום אופן ניט געקאָנט פאָרשטעי־לען אַז אַ גוי זאָל רעדען אַזאַ היימישען פאָלקסטימליכען אידיש; דער דאָזיגער חשד האָט מיך צורודערט און איך בין געבליבען שטעהן אַ פאַרגליווערטער, ניט וויסענ־דיג אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין...

פון מיין צורודערטקייט האָט ער זיך געפילט שטאַרק געשמייכעלט, עס האָט איהם, קאָנטיק, הנאה געטאָן וואָס סיי איך, סיי אַלע אַנדערע אידישע אַרבייטער באַטראַכטען איהם מיט שטוין און גאַף און קאָנען פשוט צו זיך ניט קומען פון זיין פּרעכטיגען „חתוך הדבור", פון זיין טייערען „מאַמע־לשון", — האָט ער אונז אי־זאַלירט פון די פּאָליאַקען און האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ געשפּרעך מיט אונז: ער האָט גערעדט און מיר האָבען אויסגעהערט, געשטוינט און געשוויגען...

ניט געקוקט אויף אונזער שוויגען, האָט ער פאַרגעזעצט זיין געשפּרעך, און עס איז געווען צו מערקען אַז ער האָט הנאה פון אויסהערען זיך אַליין, אין אונז האָט ער, ווי עס ווייזט אויס, געפונען אַ „פּובליקום" פאַר וועלכען ער האָט געקאָנט דעמאָנסטרירען זיין אימיטאַציע־קונסט... בלויז אידען האָבען געקאָנט ריכטיג אָפּשאַצען זיין טאַלאַנט און ער האָט איהם — דעם טאַלאַנט זיינעם — טאַקע גע־לאָזט אין פולען גאַנג...

אַלס ביישפּיל וועל איך אילוסטרירען איניגע שטעלען פון זיין געשפּרעך:

„...דער גאַנצער גאַנצער שכל, די גאַנצע חכמה שטעקט ביי אונז אידען!... איין קליינינקייט — אַ אידישער קאָפּ!... אידישער שכל הישר!... ווער דען האָט שכל? עשיו?!... איוואַן שטונק?... יעקע גנב?... איין איד קאָן, מיט אַ דריידעל, פאַרשטעקען אין גאַרטעל 10 גוי'אים!"

און בעת ער האָט עס געזאָגט, האָט איהר זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלען אַז דאָס רעדט אַ גוי, מחמת ער האָט עס געזאָגט מיט אמת אידישען טעם, מיט אַלע אידישע קניייטשען, תנועות און העויות, אַזוי אַז ניט ווילענדיג, האָט מען געמוזט אַ שמייכעל טאָן.

אונזערס אַ שמייכעל האָט איהם שטאַרק באַפרידיגט, מחמת אונזער שמייכעל

איז געווען דער אויסדרוק פון אונזער אַנערקענונג פאַר זיין קונסט, האָבען מיר, אנשטאט צו אַרבייטען, — געשמייכעלט און ער איז געווען איבערגליקליך מיט דער זעלטענער געלעגענהייט — אויסצולאַדען זיין קונסט...

צולעצט האָט ער אונז געפרעגט: ,,נו, זאָגט דעם אמת, ווי געפעלט אייך עפעס אונזער טעכניק?

,,וואָס האָט איהר געזאָגט בעת איהר האָט, צום ערשטען מאָהל, דערזעהן אונזערע טאַנקען? אונזערע עראָפּלאַנען?''

מיר האָבען איהם דערויף גאָרניט געענטפערט. ער האָט געמאַכט אַ קליינע פּויזע און האָט אויסגערופען:

,,גרויסער גאָט! אַדאָלף היטלער איז דאָך קלוגער פאַר אַ מנין אידען!''

און ער האָט זיך געווענדעט צו די פּוילישע אַרבייטער:

,,ווער פון אייך איז אַ ריינבלוטיגער פּאָליאַק?''

אַלע פּוילישע אַרבייטער האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַר עכטע, אמת'ע, ריינ־בלוטיגע פּאָליאַקען.

האָט דער ,,אידישער'' געסטאַפּאָ־אַגענט זיי אויסגעטיילט ,,כבודים'': איינעם פון זיי האָט ער מכבד געווען מיט אַרונטערנעמען פון וואַנט דאָס בילד פון דעם פּוילישען פּרעזידענט מאָשטשיצקי; אַ צווייטען האָט ער מכבד געווען מיט אַרונ־טערנעמען פון וואַנט דאָס בילד פון מאַרשאַל רידז־שמיגלי; אַ דריטען האָט ער מכבד געווען מיט ,,קריעה'': מיט צורייסען די בילדער און אַ פּערטען — מיט אַריינ־וואַרפען זיי אין מיסט־קאַסטען. פּילסודסקי'ס בילד האָט ער געלאָזט הענגען אויף דער וואַנט, דערקלערענדיג אַז פּילסודסקי איז געווען אַ רעאַל־פּאָליטיקער, אַ הער־ליכער פאָלקס־קעמפער וואָס האָט אַריענטירט זיין פּאָליטיק אויף דייטשלאַנד, בעת די אַרומיגע מלוכות האָבען בנוגע דייטשלאַנד געפירט אַן איזאָלאַציע־פּאָליטיק.

נאָכדעם האָבען אַלע נאַצי־משגיחים סאַלוטירט פּילסודסקי'ס בילד און דער ,,אידישער'' געסטאַפּאָ־אויפזעהער האָט געגעבען אַ פּירוש צום סאַלוט: אַז פּיל־סודסקי האָט זיך פאַרדינט דעם סאַליוט דערפאַר ווייל ער האָט געפירט אַ פּראָ־דייטשע פּאָליטיק; ווייל ער האָט געשלאָסען מיט דייטשלאַנד אַ צעהן־יאָהריגען ניט־אַגרעסיע פּאַקט.

צוזעהענדיג דעם ,,תכלית'' וואָס די ריינבלוטיגע פּאָליאַקען האָבען געמאַכט פון די בילדער פון זייערע נאַציאָנאַלע העלדען, איז מיר קלאָהר געוואָרען פאַרוואָס די נאַציס האָבען גראָד יענעם טאָג געבראַכט פּאָליאַקען צו דער אַרבייט, און ניט סתם פּאָליאַקען, נאָר: עכטע, אמת'ע, ריינבלוטיגע פּאָליאַקען!...

נאָך דעם דאָזיגען ,,זיג'' וואָס די נאַצי משגיחים האָבען אָפּגעהאַלטען איבער די בילדער פון פּרעזידענט מאָשטשיצקי און מאַרשאַל רידז־שמיגלי, האָט מען אונז באַפוילען, אַז מיר זאָלען זיך נעמען צו דער אַרבייט ,,טיכטיג, פלינק, געהאָרכזאַם און פּינקטליך''.

מיר האָבען געאַרבייט ביז אַן ערך איינס אַזייגער בייטאָג. די אַרבייט אין דער געריכט־געביידע איז פּאַקטיש געווען פאַרענדיגט און מ'האָט די אַרבייטער פריי געלאָזט, אָבער מיך מיט נאָך 2 אידען האָט מען פאַרהאַלטען; מ'האָט אונז גע־געבען בעזימער און מ'האָט אונז געהייסען קערען די גאַסען, און בכדי מיר זאָלען

ניט „מאַרקורירען״ — האָט מען אונז איבערגעגעבען אין די הענט פון דעם שטאָ־טישען גאַסען־קערער, אַ גוי אַ מומחה, וואָס איז געניט אין דעם פאַך פאַר די לעצטע פאַר צעהנדליג יאָהר.

נידערגעשלאָגענע זענען מיר געגאַנגען צו דער אַרבייט. דער אָפיציעלער גאַ־סען קערער — וואָס איז אַ דאַנק די נייע הערשער, דערהויבען געוואָרען צום ראַנג פון אַן אויפזעהער — איז, מיט פאַריסענער גאוה, מיטגעגאַנגען מיט אונז.

ער האָט אונז אַוועקגעפירט אויף איינער פון די הויפט־גאַסען וואו עס האָבען זיך שוין געפונען נאַצי־משגיחים און מיר האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט.

מיר האָבען געטאָן אונזער אַרבייט בשלימות און פאָליאַקען מיט אוקראַינער זענען, אין די הונדערטער, געשטאַנען פוןביידע זייטען גאַס און געשעפּט נחת פון דעם בייז וואונדער... איינער אַ פוילישער בחור האָט זיך, פאַר גרויס נחת, גע־נומען דרייבען די הענט און האָט אויסגעשריגען אויפ׳ן קול:

„אַ ראַבין — אַ גאַסענקערער!״

דערהערט „אַ ראַבין — אַ גאַסענקערער״, איז זיך מישב איינער פון מיינע מיטאַרבייטער, אַ איד אַ לץ, און רופט זיך אָפּ אין אידיש צום פוילישען שגץ:

„משה׳לע! וואָס שטעהסטו מיט פאַרלעגטע הענט? נעם אַ בעזים און שטעל זיך צו דער אַרבייט!״

דערהערט „משה׳לע!״, האָט דער געסטאַפּאָ־הויפּט־משגיח געכאַפּט אַ בעזים און האָט איהם אונטערגעטראָגען צום פוילישען „משה״לע״ אין די הענט אריין.

אָבער דער פוילישער שגץ האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם בעזים דערקלערנדיג, אַז

“YA YESTEM POLAKIEM I NIE YESTEM ZYDEM”

— „איך בין אַ פּאָליאַק און בין ניט קיין איד״.

דער נאַצי־משגיח איז געוואָרען מלא־רציחה און האָט אויסגעשריגען מיט צאָרן אין קול: „פוילער יודע! זיע מוסען זאָפאָרט די שטראַסע קערען!״

און אונזער מיטאַרבייטער, דער לץ, איז גלייך געקומען צוהילף דעם נאַצי־אַגענט אַפּרופענדיג זיך צום פוילישען „משה׳לע״:

„משה׳לע! וואַרף אַוועק דיינע אידישע שטיק, נעהם אַ בעזים און שטעל זיך צו דער אַרבייט!״

דער פוילישער שגץ האָט ניט פאַרשטאַנען אַ וואָרט פון דעם וואָס אונזער „לץ״ האָט צו איהם גערעדט; דער נאַצי האָט אַ וואָרט ניט פאַרשטאַנען פון דעם וואָס דער פוילישער שגץ האָט גערעדט און עס איז אַרויסגעקומען אַ מיש־מאַש... דער נאַצי האָט אָנגענומען אַז „משה׳לע״ מאַכט חוזק פון איהם, האָט ער זיך, ווי אַ בייזער הונט פון דער קייט, אָפּגעריסען אויף „משה׳לען״ און האָט איהם דער־לאַנגט איין „מתנת יד״ נאָכ׳ן צווייטען... און „משה׳לע״ האָט — ניט קוקענדיג אויף זיין פוילישען יחוס — זיך געמוזט שטעלען צו דער אַרבייט.

„משה׳לע״ האָט געקערט די גאַס און בשעת מעשה אַלעמאָהל אונטערגע־מורמעלט:

„יאַ יעסטעם פּאָליאַקעם אי ניע יעסטעם זשידעם״.

און נאָך יעדען מאָל וואָס „משה׳לע״ האָט אָפּגעזאָגט דעם דאָזיגען שפּרוך, האָט אונזער „לץ״ זיך צום איהם געווענדעט: „משה׳לע! וואַרף אַוועק דיינע

פוילע שטיק און אַרבייט!'' און נאָך יעדען מאָהל וואָס אונזער ,,לץ'' האָט אָפּ־געזאָגט אָט דעם ,,פּזמון'', האָט דער נאַצי־משגיח מכבד געווען ,,משה'לען'' מיט אַ מתנת־יד... און עס איז געווען ווי מ'זאָגט: ,,לעבעדיג!''...

דער זייגער האָט געשלאָגען דריי; מיר האָבען אונזער אַרבייט אָפּגעטאָן בשלימות. איך האָב געקראָגען אַ צעטעל אַז איך האָב געאַרבייט 2 טעג און כ'האָב זיך געלאָזט אין וועג אַריין מיט אַ פיל לייכטערען געמיט ווי נעכטען אין דער זעל־בער צייט.

* * *

אויף מיין וועג אַהיים האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט צו מיינעם אַ ידיד, יוסף גוזיק, אין הויז אַריין. ביי איהם אין הויז האָב איך אָנגעטראָפען אויף אַ נאַצי־סאָלדאַט, אַ מענש אין די פערציגער מיט אַ זעהר סימפּאַטישען פּנים. ער האָט מיט מיר פאַרפיהרט אַ פריינדליכען געשפּרעך, ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט געלאָזט אינדערהיים אַ פרוי מיט קליינע קינדער, אַז ער בענקט אַהיים און איז שוין מיר פון די סאָלדאַטסקע בגדים, אַז ער וואָלט אַ בעלן געווען צוריק אָנצוטאָן ציווילע מלבושים און אַז ער האָפט אויף ווייהנאַכט (קריסטמעס) צו זיין אינדערהיים מיט ווייב און קינדער.

איך האָב איהם געפרעגט צי ער האָט געקראָגען אַזאַ פאַרשפרעכען פון די ,,העכערע אינסטאַנצען'', האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער האָפט, דאָס ביז ווייהנאַכט וועט שוין די מלחמה זיין אַ געענדיגטע, מחמת די דייטשע מיליטער־רישע מאַשין איז אַזוי שטאַרק און מעכטיג, אַז קיין שום כח אין דער וועלט קאָן זי ניט באַזיגען, במילא וועט זיך די מלחמה בליץ־שנעל פאַרענדיגען...

איך האָב אין אָט דעם נאַצי זעלנער געזעהן אַ שטילען מיושב'דיגען מענשען מיט אַ ווידערווילען צו מלחמה און מיט דרך־ארץ צום ,,פיהרער'', וועלכער האָט צוריק אויפגעלעבט דעם באַליידיגטען נאַציאָנאַלען שטאָלץ פון דייטשען פאָלק און האָט זיי הפּנים פאַרזיכערט אין אַ בליץ־שנעלער ענדע פון דער מלחמה...

בכדי ניט אַריינצופאַלען אין אַ פאָלעמיק מיט דעם נאַצי־זעלנער, האָב איך גלייך פאַרלאָזט מיין פריינט יוסף'ס הויז און האָב זיך געלאָזט אַהיים.

דער וועג אַהיים ציהט זיך דורך דער געוועלבען־גאַס. זינט די נייע הערשער געפינען זיך אין שטאָט מייד איך אויס די דאָזיגע גאַס; מיין אויג קאָן ניט צוזעהן דעם חורבן אויף יענער גאַס, מיין אויג קאָן ניט גלייכגילטיג קוקען אויף די פאַר'יתומ'טע אידישע געשעפטען, אויף די העכער־האַלב אויסגעליידיגטע ראַפטען און אויף די פאַר'חושך'טע פּנים'ער פון די אידען און אידענעס וואָס מוזען נעבאַך שטעהן אין קראָם און אויסבייטען זייער ביסעל אָרימקייט אויף אַנולירטער וואַליוטע פון קייזער ווילהעלמ'ס צייטען...

אָבער דער וועג אַהיים איז אַזאַ, אַז אויסמיידען די געוועלבען־גאַס איז אוממעגליך, שפּאַן איך אין דער ריכטונג פון אָט דער שרעקליכער גאַס און, מיט ציטערדיגע טריט, דערנעענטער איך זיך צו איהר און קומענדיג צו יענער גאַס זעה איך, — ווי דאָס האָרץ האָט מיר געזאָגט, — אַז די גאַס איז פאַר־פלייצט פון אַ ווילדען ענטוזיאַסטישען המון פאָליאַקען און דער עיקר — אוקראַינער. פון די פענסטער פון די אידישע געשעפטען פליהען — ווי מן פון

הימעל — פאַרשיידענע מינים סחורות: שטיקלאַך זייף, פליטעס שאָקאָלאַדען, היטלען צוקער, שאַכטלען טיי, שניט־סחורה, לעדער פעלכלאַך וכדומה און דער געמישטער המון פון פאַליאַקען און אוקראַינער כאַפּען אויף דעם „מן" מיט יובל'דיגע אויסגעשרייען, וואָס פאַרטויבען די אויערען. זיי כאַפּען דאָס אויף ווי אַ חוב וואָס קומט זיי משנים קדמוניות...

ניט ווילענדיג שריי איך אויס אויפ'ן קול: „לעינינו עשקו עמלינו!" און איך לאָז זיך ווייטער געהן און איך זעה ווי די יתומה פריידעל שמואל־זאַנוויל'ס שטעהט מיט פאַרבראַכענע הענט לעבען איהר געוועלבעל און באַטראַכט מיט שטוינונג די סחורות וואָס פליהען פון איהר געוועלבעל צום המון...

„פון נדבות" — ווענדעט זי זיך צו מיר — „האָב איך צונויפגעשטעלט מיין קרעמעל". איך ענטפער איהר גאָרניט, איך מיש זיך אויס מיט'ן המון, ווער איינער פון זיי, אַלע כאַפּען — כאַפּ איך אויך, איך כאַפּ און פיל אַז מיינע קעשענעס, בעת אַנדערע פילען אַז גאַנצע זעק.

פלוצים האָב איך דערפיהלט אַ מורא'דיגען וועהטאָג אין די פּלייצעס, אַ וועהטאָג פון וועלכען עס האָט מיר אָנגעהויבען צו שווינדלען אין די אויגען און כ'האָב געפיהלט ווי צו חלש'ן; מיט אַלע כוחות האָב איך זיך באַהערשט ניט צו חלש'ן, ווייל כ'האָב געוואוסט, אַז אויב איך פאַל אין חלשות וועל איך חס וחלילה צוטראָטען ווערען פון דעם ווילדען המון.

איך האָב זיך געשטאַרקט, האָב זיך אָנגעהויבען ארומזעהן וואו איך בין אין דער וועלט: לעבען מיר איז געשטאַנען מלא־גזלן אַ געסטאַפּאָ־אַגענט מיט אַ גומי־שטעקעל אין די הענט און האָט געשטשירעט מיט די ציין: „פאַרפלוכ־טער יודע! ווילסט אַ צווייטע?" ערשט דאַמאָלט האָב איך זיך געכאַפּט, אַז די ערשטע האָב איך שוין געהאַט און די צווייטע האַלט אין קומען, האָב איך זיך האַסטיג אָפּגעטראָגען „וואו דער שוואַרצער פּעפער וואַקסט".

# איך ווידמע זיך אויפסניי צו דער ראַדיאָ

פאַרנאַכט צו בין איך אַהיימגעקומען אנזאָגענדיג די בני־בית די בשורה, אַז איה״ש מאָרגען בין איך פריי פון ארבייט און, בכדי זיי זאָלען מיר ניט באַדאַרפען גלויבען אויפ׳ן וואָרט, האָב איך זיי באַוויזען דאָס צעטעל פון דער קאָמענדאַנטור אויף וועלכען עס האָט זיך געשריבען — שוואַרץ אויף ווייס — אַז איך האָב געאַרבייט גאַנצע צוויי טעג נאכאנאַנד.

וועגען מיין „אינצידענט״ אויף דער געוועלבען־גאָס האָב איך אַ וואָרט ניט דערמאָנט, פונקט ווי זיי האָבען מיר אַ וואָרט ניט דערמאָנט וועגען אונזער געשעפט, וואָס איז פון די נאַציס גענצליך אויסגערויבט געוואָרען . . .

איך האָב אָפּגעדאַווענט מנחה און מעריב, אָפּגעגעסען און, ווי אַ שכור צום טרונק, אַזוי האָב איך זיך צוגעכאַפּט צו דער ראַדיאָ.

ווי אַ שכור וואָס ווייסט ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז, אַזוי האָב איך, אַ פאַר׳שכור׳טער פון די ראַדיאָ־באַריכטען, ניט געוואוסט וואו איך בין אין דער וועלט.

איך האָב אויפגעדרייט דעם ראַדיאָ־קראַנט און עס האָט זיך געלאָזט הערען אין דער פוילישער שפראַך:

„וואַרשע קעמפט בראַוו, אומערמידליך, העראאיש און ערליך!

„לעמבערג ווייזט אַרויס אויסערגעוויינליכען העלדענמוט אין האַנט־צו־האַנט קאַמף אויף די גאַסען פון שטאָט!״

שפּעטער צו האָט די דייטשע ראַדיאָ באַשטעטיגט די דאָזיגע נייעס, וואַרפענדיג פעד און שוועבעל אויף די „פאַרדאַמטע יודען״, וועלכע האָבען פראַוואצירט דעם וואַרשעווער ווידערשטאַנד און נעמען אליין אַ טיכטיגען אַנטייל אין איהם.

נאָך שפּעטער האָבען סיי די פוילישע און סיי די דייטשע ראַדיאָ געמאָלדען, אַז סאָוועטיש מיליטער איז אַריבער דעם פוילישען גרעניץ.

די דאָזיגע ידיעה האָט אַלעמען דערפרייט. אַלע זענען געווען זיכער, אַז סאָוועטענלאַנד האָט אין דער דייטשער אינוואַזיע אויף פוילען דערזעהן אַ געפאַר פאַר זיך און דערפאַר האָט זי באַשלאָסען צו קומען צו הילף דעם פוילישען מיליטער וואָס האָט, לויט ידיעות וואָס האָבען זיך געטראָגען אין דער לופטען, באַשלאָסען אַרויסצושטעלען אַ ווידערשטאַנד לעבען בריסק און אויך ביי די פינסקער בלאָטעס.

קאַנטיג, אַז אויך די פוילישע אַרמייער זענען לכתחילה געווען אונטער׳ן איינדרוק, אַז די סאָוועטישע חילות קומען זיי צוהילף, מחמת מיט שטונדען שפּעטער האָט די ראַדיאָ געמאָלדען, אַז די פוילישע אַרמיי אין בראַד איז, מיט׳ן סטאַראָסטווע בראש, אַרויסגעקומען מיט ברויט און זאַלץ אַנטקעגען דעם סאָוועטישען מיליטער, אָבער די סאָוועטישע אַרמייער האָבען זיי אַנטוואָפענט און

אַרונטערגעריסען די עפּאַלעטען פון די פּוילישע אָפיצערען, געגעראַלען וכדומה. מיט געציילטע מינוטען שפּעטער האָט די ראַדיאָ געמאָלדען וועגען קליינע צוזאַמענשטויסען, וואָס זענען פאָרגעקומען צווישען פּוילישע און סאָוועטישע אַרמייער.

די דאָזיגע ידיעות זענען געווען אין ווידערשפּרוך צו אונזער אַלעמענס וואונש און צו אונזער פאַרצווייפלונג איז ניט געווען קיין שיעור און קיין ערך. מיר זענען געזעסען ביי דער ראַדיאָ מיט קלאַפּענדיגע הערצער, און מיט פאַר־כאַפּטען אָטעם האָבען מיר אַלעמאָל אַרונטערגעשלונגען פרישע פּאַרציעס ביטערע נייעס.

מיר האָבען קיין צייט ניט געהאַט לאָגיש צו אַנאַליזירען די נייעס, ראשית מחמת די געשעהענישען זענען דורכאויס געגאַנגען אין ווידערשפּרוך צו מענש־ליכער לאָגיק, והשנית: ווייל נאָך איידער מיר האָבען באַוויזען ווי געהעריג אויפצונעהמען איין ראַדיאָ־באַריכט איז שוין געקומען אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פערטער און אַזוי ווייטער, — אַלע פון אַלאַרמירענדיגען כאַראַקטער.

מיר זיצען ביי דער ראַדיאָ און דער פּוילישער אַנאַנסירער איז מודיע, אַז דאָקטאָר דרויאַנאָווסקי, דער לעמבערגער שטאָט־פּרעזידענט, געהט מאַכען אַ וויכ־טיגע דערקלערונג. וואַרטען מיר מיט גרויס אומגעדולד אויף דער וויכטיגער דערקלערונג און — זי קומט. דר׳ דרויאַנאָווסקי׳ס שטים הערט זיך:

„איך האָב נאָר וואָס באַפוילען צו די העלדישע פאַרטיידיגער פון לעמבערג, מיליטערישע און ציווילע, אַז זיי זאָלען אויפגעבען דעם קאַמף, מחמת מיר געפינען זיך „צווישען האַמער און קאָוואַדלע״: די דייטשען פון איין זייט און די רוסען פון דער צווייטער זייט איבען אויף אונז אויס אַ מעכטיגען דרוק קעגען וועלכען מיר קאָנען מעהר ניט ווידערשטעהן״.

און עס האָט זיך דערהערט אַ רעוואָלווער־שאָס.

מיר זענען שפּעטער געוואויר געוואָרען, אַז דאָקטאָר דרויאַנאָווסקי האָט זיך דערשאָסען בעת ער האָט געמאַכט דעם אַנאָנס.

מיר האָבען ניט באַוויזען צו קומען צו זיך פון אָט דער טרויעריגער ידיעה און די ראַדיאָ איז אונז שוין מזכה מיט אַ צווייטער ידיעה:

„אינמיטען גאַס האָבען אין לעמבערג זיך דערשאָסען, איינע די צווייטע, צוואַנציג פּוילישע אָפיצערען, זייערע פרויען האָבען בייגעוואוינט די טרויעריגע סצענע פון דעם מאַסען־זעלבסטמאָרד וואָס די אָפיצערען זענען באַגאַנגען בכדי ניט געפאַנגען צו ווערען פון דעם שונא״.

און אין געציילטע מינוטען אַרום הערען מיר אויס אַז אַפילו וואָס דער העל־דישער פאַרטיידיגער פון וואַרשע, הער סטאַזשינסקי, מאַכט קיין לאָנדאָן:

„וואַרשע ווערט אומבּרחמנות׳דיג באָמבאַרדירט פון ריזיגע כוואַליעס עראָפּלאַנען, טויזענטער מענשען ווערען אומגעבראַכט!... העלפט ווי אַמגיכסטען!... ראַטעוועט!״

אין שטונדען אַרום האָבען מיר געהערט דעם ענטפער פון לאָנדאָן:

„מיר פיהלען אייך מיט אין אייער צער, מיר האָפען אַז מיר וועלען אייך מיט דער צייט קומען צוהילף״.

דער דאָזיגער ענטפער האָט אונז אַלעמען אַנטוישט. מיר האָבען פאַרשטאַנען אַז די הילף פון אויסלאַנד איז אָפּהענגיג אין צייט און עס האָט זיך ביי מיר אַנגע־הויבען צו אַנטוויקלען אַן השערה, אַז לאָנדאָן און פּאַריז וועלען, אפשר, מאַכען אַ קאָמפּראָמיס מיט דייטשלאַנד אויף פּוילען׳ס חשבון, ווי זיי האָבען עס געטאָן מיט טשעכאָסלאָוואַקיע . . .

די דאָזיגע השערה האָט אויף מיר אַנגעוואָרפען אַ שרעק און איך בין אַוועק פון דער ראַדיאָ. פאַר גרויס שרעק האָב איך געליינט קריאת־שמע און האָב זיך געלעגט אין בעט אריין. אין שלאָף האָב איך געזוכט אַ רעטונג, אַן אַנטרינונג, אַ „בייחא למוחין״, אָבער אומזיסט איז געווען מיין מיה איינצושלאָפען. „מחשבות זרות״ האָבען מיך קיין אויג ניט געלאָזט צומאַכען: וואַרשע מיט איהרע טויזענטער אומגעבראַכטע, דעם זיידען׳ס הדרת־פּנים׳דיג געשטאַלט, דער געגענזייטיגער מאָרד פון די פּוילישע אָפיצערען אין לעמבערג, דער אַנאָנס פון דאָקטאָר דרויאַנאָוו־סקי מיט׳ן אָפּיל פון וואַרשע צו לאָנדאָן, לאָנדאָנ׳ס ענטפער און דער שרעקליכער געדאַנק וועגען אַ פשרה אויף פּוילען׳ס חשבון — אַט דאָס אַלעס האָט אומ־ברחמנות׳דיג געראויבט דעם שלאָף פון מיינע אויגען און אין גרויס עגמת־נפש האָב איך זיך געקאָרטשעט ליגענדיג אין בעט, ביז איך האָב ענדליך דערצויגען צו דער ליכטיגער פרימאָרגען־שיין.

# אין דער וועלט פון אביי ורבא

„לולי תורתך שעשעי, אז אבדתי בעניי״
(תהלים, קי״ט, צ״ב)
„ווען ניט דיין תורה איז מיין דערקוויקונג,
פארלוירען וואלט איך געגאַנגען אין מיין פיין״
(תהלים, קי״ט, צ״ב)

פון דער שרעקליכער בהלה פון רעיונות, וואס האָבען מיך אומברחמנות׳דיג געמאַטערט די גאַנצע נאַכט, בין איך אינדערפריה אויפגעשטאַנען מיט אַ מורא׳דיגען קאָפּוועהטאָג.

ווי אַזוי ווערט מען פטור פון דעם קאָפּוועהטאָג? איז מיר דורכגעלאָפען אַ געדאַנק, און עס איז מיר געקומען אויפ׳ן זינען אַ מאמר חז״ל: „חש בראשו, יעסוק בתורה״.

איך האָב זיך געוואונדען ישוב׳ן צי זאָל איך קודם לערנען און נאָכדעם דאַווענען, אדער פאַרקערט: צוערשט דאַווענען און נאָכדעם — לערנען, און ווידער איז מיר געקומען אויפ׳ן זינען אַ מאמר חז״ל: „אין עומדים להתפלל אלא מתוך כובד ראש״, און אַזוי ווי „כובד ראש״ האָב איך בה״ש געהאַט — האָב איך זיך געשטעלט דאַווענען. אין אלול׳דיגע טעג, אין טעג פון חשבון הנפש, איז מען תפילה׳דיג אָנגעהויבט און עס דאַווענט זיך גאָר אַנדערש ווי אין געוויינליכע טעג, די דבורי־התפילה האָבען גאָר אַן אַנדער זין ווען די מחשבה איז צו זיי מקושר, די תפילה איז דאַמאָלסט אַן עכטע, אַן אמת׳ע, אַ ריינע תפילה לשמה! . . . אַ תפילה, וואס קיין שום כח אין דער וועלט קאָן זי ניט מבטל זיין . . . איך האָב אָפּגעדאַווענט בנחת און האָב זיך דערשפירט אַן אויסגעלייטערטער, אַ מונטערער, מיט איין וואָרט — אַ בריה חדשה! . . .

נאָכ׳ן דאַווענען בין איך צוגעגאַנגען צום שראַנק ספרים און עס איז מיר גראָד געקומען צו דער האַנט אַ „חשן משפט״ איך האָב אויפגעעפענט דעם „חשן משפט״ און האָב אָנגעטראָפען אויף אַ מערקווירדיגער באַמערקונג פון ש״ך אין סימן ג׳:

„כל זה כתבתי בהיותי על פי השדה, בברחי מפני מלחמות הרקים ולא היה בידי ספר „כסף משנה״ לעיין״.

בעת איך האָב איבערגעלייענט די דאָזיגע באַמערקונג האָב איך געשטוינט, נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט דאָס מסירת־נפש פון אונזערע אַמאָליגע גדולים: אַנטלויפענדיג פון כמעלניצקי׳ס חיילות איבער פוסטע פעלדער אויף וועלכע עס האָבען זיך געוואַלגערט טויזענטער „חללי חרב״ איז דעם ש״ך הקדוש׳ס מח גע־ווען באַשעפטיגט מיט אַ האַרבער סוגיא אין רמב״ם און לויפענדיג האָט ער אויפ־

געשריבען אַ פּירוש צו דער סוגיא, ניט האָבענדיג צו דער האַנט דעם ספר „כסף משנה".

די דאָזיגע באַמערקונג פון ש"ך האָט אין מיר נאָך מעהר מעורר געווען דעם חשק צום לערנען און עס איז מיר געקומען אויפ'ן זינען די צוואה פון דאָקטאָר פּאָזנאַנסקי, וועלכער איז געווען אַ גרויסער אָרימאַן און אַ מטופל ביסורים, ער האָט געבעטען אין דער צוואה, אַז אויף זיין מצבה זאָל מען אויפשרייבען דעם פּסוק: „לולי תורתך שעשעי, אז אבדתי בעניי". בין איך צו צום שראַנק ספרים און האָב ארויסגענומען אַ גמרא און האָב זיך אַוועקגעזעצט לערנען מיט גרויס התמדה. פון אַלע וואָגלענישען, בלאָנדזשענישען און טומלענישען בין איך מיר אַוועק צו זיך, צו מיין אייגענעם ווינקעל, צו די דלד אמות של הלכה, און אַט די דאָזיגע דלד אמות של הלכה האָבען מיר געגעבען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט פאַרזיסט מיין טרויער און האָט מיך דערפיהרט צום העכסטען שטאַפּעל פון שמחה.



מיין שוועסטער חיהיטשע הירשפּרונג טראָגט אַ געלע לאַטע אויף דער לינקער האַנט

דאָס לערנען תורה בקול רם האָט אין מיר נאָך שטאַרקער מעורר געווען די כונה און איך האָב ממש געשפּירט, אַז מיט יעדען דבור של תורה וואָס איך בין מוסיף, בין איך זיך גורם נחת און שפע; דער נגון אליין, דער בלויזער נגון פון תורה לערנען האָט מיך פאַרפיהרט אין אַן „עולם שכלו טוב" און איך בין געוואָרען אַן אמת'ער „בן חורין": פריי פון זאָרג, פאַרגעסען אַלע צרות, אַלע יסורים, אַלע דאגות . . . כל'ערליי טעמים האָב איך געפיהלט אין דעם למוד־התורה, דער למוד התורה האָט מיך באַפרייט פון בלבול־הדעת און טרוף־המח און עס איז ביי מיר נולד געוואָרען אַ מין „שכל דקדושה", וואָס האָט מיך דערפיהרט צו אמת'ן „בטול לאין סוף" . . .

און אַט לערן איך אין נדרים: „באותה שעה בכה רבי ישמאל ואמר: „בנות ישראל נאות הן אלא — שהעניות מנוולתן". „אין יענער שעה האָט רבי ישמעאל געוויינט און האָט געזאָגט: „שעהן זענען די אידישע טעכטער, נאָר דאָס אָרימקייט פאַר'מיאוס'ט זיי".

און אין דעם מאָמענט איז מיר געקומען אויפ'ן זינען מיין שוועסטער, איך האָב זיך געכאַפּט, אַז דער זייגער איז שוין קרוב צו צוויי נאַכמיטאָג און מיין שוועסטער איז ניטאָ; איך האָב זיך אויך דערמאָנט אַז נעכטען, בעת איך בין אַהיימ־

געקומען פון דער אַרבייט, האָב איך זי אין הויז ניט געטראָפען. האָב איך פאַר־מאַכט די גמרא און בין אַוועק צו די עלטערען זיך נאָכפרעגען אויף מיין שוועסטער און פון זיי בין איך געוואויר געוואָרען, אַז זי און איהרע א חבר׳טע, לאה העבענ־שטרייט, זענען ביידע — קעגען דעם ווילען פון די עלטערען — פאַרנומען מיט „צרכי צבור״, מיט „דברים העומדים ברומו של עולם״, דהיינו:

זיי האָבען זיך דערוואוסט, אַז אין די וועלדלאַך אַרום דוקלאַ באַהאַלטען זיך אויס אידישע סאָלדאַטען, וועלכע ווילען נעבאַך ניט אריינפאַלען אין געפאַנגענ־שאַפט צו די נאַציס, האָבען זיי (מיין שוועסטער און־איהר חבר׳טע) גענומען ציווילע קליידער און זענען מיט זיי אַוועק אין די וועלדלאַך.

איך בין שטאַרק איבערראַשט געוואָרען פון אַט דעם גרוס, וויסענדיג אַז דאָס איז פאַרבונדען מיט פקוח־נפש, אָבער די טיר האָט זיך גלייך געעפענט און מיין שוועסטער מיט איהר חבר׳טע זענען אריינגעקומען, זיי האָבען דערציילט, אַז דייטשע סאָלדאַטען האָבען זיי, אויפ׳ן וועג, אָפּגעשטעלט און זיי לעגיטימירט און אַז זיי האָבען די מלבושים איבערגעלאָזט אין אַ וועלדעל אין וועלכען עס געפינען זיך געוויס אידישע סאָלדאַטען, מחמת אין יענעם וועלדעל ליגען אַ סך גע׳הרג׳עטע, צווישען וועלכע עס געפינען זיך אויך אַ היבשע צאָל אידען.

מיין שוועסטער און איהר חבר׳טע האָבען אונז שטאַרק צוגערעדט, אַז מיר זאָלען זיך באַמיהען דאָס די אידישע קרבנות זאָלען קומען צו קבר ישראל, אָבער איך און מיין פאָטער האָבען זיי איבערצייגט, אַז לעת עתה איז עס פאַר־בונדען מיט מסירת־נפש און עס קאָן נאָך פראָוואָצירען די געסטאַפּאָ צו טעראָר קעגען דער אידישער באַפעלקערונג.

איך האָב אָפּגעגעסען מיטאָג און בין צוריק אריין אין זיידענ׳ס חדר מיוחד און האָב זיך געזעצט לערנען.

זיצענדיג אַזוי פאַרטיפט איבער דער גמרא האָב איך דערשפּירט מענשליכע טריט אונטער מיינע פלייצעס, איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ און האָט דערזעהן דעם אַלטעטשקען בעקער, ר׳ רפאל גרינשפאַן. איך האָב זיך דערשראָקען פאַר זיין מידען בליק אין די אויגען און פאַר זיין אומדערוואַרטעטען אריינקומען.

„עת לעשות לד׳ — הפרו תורתיך״ — האָט זיך דער אַלטעטשקער ר׳ רפאל צו מיר אָפּגערופען.

— וואָס מיינט איהר דערמיט צו זאָגען? — האָב איך זיך צו איהם גע־ווענדעט.

— איך מיין צו זאָגען, אַז עס זענען פאַרבליבען געציילטע טעג צו ראש־השנה און דו וועסט מוזען געהן צום גלח טיפּראָוועץ זיך מיט איהם שואל־עצה זיין מכח שופר בלאָזען.

איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ שייכות דער גלח טיפּראָוועץ האָט מיט שופר בלאָזען און איך האָב גענומען חושד זיין דעם אַלטען ר׳ רפאל, אַז ער איז חלילה געריהרט פון זינען, האָב איך אויסגע׳בטל׳ט חלומות און האָב זיך ווידעראַמאָל גענומען צו דער גמרא.

אָבער דער אַלטעטשקער ר׳ רפאל האָט מיך ניט געלאָזט לערנען. „פעמים בטולה של תורה — זהו קיומה!״ — האָט ער צו מיר, מיט תחנונים אין קול,

געʼטענהʼט: „לעג אַוועק די גמרא אין א זייט און געה צום גלח טיפּראָוועץ, זיי זיך מיט איהם שואל־עצה מכח שופר בלאָזען״.

און ער האָט מיר דערציילט, אַז צוריק מיט 25 יאָהר, בעת די צאַרישע חיילות זענען, ראש השנה, געווען אין דוקלאַ, האָבען זיי דאָס שופר בלאָזען אנגענומען פאַר אַ סיגנאַל צום שונא און עס איז געווען צרות... גרויסע צרות...

— מעגליך — האָט דער אַלטער רʼ רפאל געזאָגט — אַז פונקט ווי „פאַניע״ האָט זיך געטשעפּעט צום שופר זאָל זיך אויך „יעקע״ טשעפּען צום שופר... און עס איז כדאי צו וויסען דעם גלחʼס מיינונג וועגען דעם.

איך האָב קיין חשק ניט געהאַט אויסצובייטען רבי ישמעאלʼן אויף דעם גלח טיפּראָוועץ, להבדיל, אַזאַ ספּאַנטאַנעם איבערגאַנג האָב איך עפּעס ניט געקאָנט מאַכען, חוץ דעם האָב איך געוואָרפען אַ גרויסען אומʼחן אויף דער גאַס און איך האָב אַ זאָג געטאָן צום אַלטען רʼ רפאל:

— נו, זאָל מען דאָס מאָל קיין שופר ניט בלאָזען!

דער אַלטער רʼ רפאל איז געבליבען שטעהן אַ פּאַרציטערטער און, מיט רוגזה אין קול, האָט ער זיך אָפּגערופען:

— פון וועלכען ספר פראַלניק האָסטו דאָס אַרויסגעלערענט?!

און דער אַלטעטשקער רʼ רפאל האָט געכאַפּט די גמרא און האָט זי אריינ־געשטעלט אין שראַנק אריין און האָט מיר באַפוילען מיטʼן הארבען וואָרט, אַז איך זאָל, בלי שום תירוץ, גלייך געהן צום גלח און איהם דערקלערען דעם ענין פון שופר בלאָזען מיט אַלע פּרטים און דקדוקים און איהם פרעגען זיין מיינונג, און בכדי איך זאָל טאָן מיין אַרבייט בשלימות, האָט דער אַלטער רʼ רפאל פאַר מיר געזאָגט אַ תורה מכח „מניעה און חשק״:

„...אַז אַ איד וויל טאָן אַ מצוה איז איהם דער כביכול מזמין אַ מניעה, בכדי די מניעה זאָל מעורר זיין דעם חשק, אַז דער חשק זאָל גובר זיין די מניעה, אַזוי אַז אין דער מניעה גופא איז דאָ דער רצון הבורא״.

די דאָזיגע תורה האָט געווירקט און איך בין, מיט גרויס חשק, אַוועק צום גלח טיפּראָוועץ.

אויפʼן וועג צום גלח האָב איך געזעהן ווי דער שטאָטישער וואַסער־טרעגער, אַ וויענער גוי, איז אויסגעפּוצט אין אַ פּאָליצייאישער אוניפאָרם, ער געהט מיט אומבאַשרייבליכען שטאָלץ פאַראויס און נאָך איהם געהען נאַצי־סאָלדאַטען.

איך האָב זיך צופרעגט ביי די פאַרבייגעהענדיגע וואוהין דער וואַסער־טרעגער געהט אין דער באַגלייטונג פון סאָלדאַטען און איך בין געוואויר געוואָרען, אַז ער פיהרט די נאַצים אין אידישע הייזער, וואו עס ליגען באַהאַלטענע סחורות; אַז ווי נאָר די נאַצי אַרמיי איז אריין אין שטאָט, האָט ער זיך צו זיי גלייך געמאָלדען און איז ביי זיי געוואָרען אַ גאַנצער „כל ולך״ און טוט אָן צרות אין שטאָט. צו די צרות וואָס דער וואַסער־טרעגער פאַראורזאַכט האָט מען זיך, ווי עס איז, צוגעוואוינט, מחמת דאָס זענען „מעשים בכל יום״, אָבער דאָס „שופר בלאָזען״ איז אַ פּראָבלעם מיט וועלכען דאָס גאַנצע שטעטעל קאָכט זיך און קאָן צו זיך ניט קומען.

# ראש השנה

ווי אַ דיפּלאָמאַטישער פאָרשטייער פון אַ מדינה פאָרט מיט אַ געהיימער שליחות צו אַ צווייטער מדינה, אַזוי האָב איך — ווי דער פאָרשטייער פון דעם „יודעי־תרועה״־פאָלק — זיך אין געהיים, דורך הינטער־געסלאַך, אַוועקגעלאָזט מיט מיין „שופר־מיסיע״ צום גלח טיפּראָוועץ.

איך האָב איהם פאַר איהם געשילדערט דעם „רעש״ וואָס דער שופר האָט געמאַכט אין שטאָט נאָך איידער דער „קול־שופר״ האָט זיך געלאָזט הערען, דערביי האָב איך איהם דערקלערט דעם ענין פון שופר־בלאָזען, ווי דער אַלטעטשקער ר׳ רפאל האָט מיך געבעטען „מיט אַלע פּרטים און דקדוקים״ און איך האָב איהם ציטירט אַ פּסוק פון תנ״ך: „אם יתקע שופר בעיר, והעם לא יחרדו ? !״

ווי אַ מענש מיט אַ חוש פאַר רעליגיעזע סענטימענטען און ווי אַ אידען־פריינד, האָט דער גלח מיך זעהר אויפמערקזאַם אויסגעהערט און האָט מיר געראָטען אַז איך זאָל אויפגעבען דעם געדאַנק פון תקיעת־שופר, מחמת דאָס איז, בלי שום ספק, פאַרבונדען מיט געפאַר, און ער האָט מיר געבעטען אַז קיינער זאָל זיך חלילה ניט דערוויסען וועגען מיין באַזוך ביי איהם אין הויז, ווייל ער טאָר ניט פיגורירען ווי אַ „יודענפריינד״.

איך האָב איהם האַרציג באַדאַנקט און בין אַ צורודערטער, אַן אַנטוישטער, אַוועק אַהיים.

אינדערהיים האָב איך געטראָפען דעם אַלטען ר׳ רפאל מיט נאָך אַ פּאָר באַלעבאַטים, וועלכע זענען געווען נייגעריג צו וויסען די רעזולטאַטען פון מיין שליחות. איך האָב זיי איבערגעגעבען דעם גלח׳ס ענטפער.

דער אַלטער ר׳ רפאל איז ניט איבעריג נתפעל געוואָרען פון דעם גלח׳ס נעגאַטיווען ענטפער, אדרבא: ער האָט אין דעם גלח׳ס עצה געזעהן „אַ מניעה, וואָס השי״ת האָט מזמין געווען, בכדי זי, די מניעה, זאָל מעורר זיין דעם חשק, אַז דער חשק זאָל גובר זיין די מניעה״, און ער איז אַוועק און האָט געבראַכט נאָך אַ פּאָר אידען, אנשי־מעשה, און עס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ מין „שופר קאָנפערענץ״, אויף וועלכער עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו בלאָזען אינדערשטיל מאה קולות אויפאַמאָל.

* * *

ערב ראש השנה: קינד און קייט שטראָמען מיט מחזורים אין די הענט, מיט פּחד אין האַרצען און יראת־שמים אויף די פּנים׳ער — אין שוהל אריין.

די שטאָט איז נאָך קיינמאָל אַזוי ימים־נוראים׳דיג ניט געווען ווי איצט, די קדושה פון דעם יום־הדין האָט געלעגט איהר חותם אויף דער שטאָט.

שטיל און געלאַסען, מיט געבויגענע קעפּ, הכנעה׳דיג און מיט געמאָסטענע טריט שטראָמט דער עולם און נאַצי־סאָלדאַטען מיט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטען פאָטאָגראַפירען דעם „יודענמאַרש״.

צווישען דעם ריזיגען עולם וואס שטראמט אין שוהל אריין געפינט זיך אויך ,,אביגדור דער שטאט־משוגענער'', א מענש פון א יאהר עטליכע און דרייסיג, וועלכער איז ארונטער פון זינען פון צופיל לערנען. זיין משוגעת דריקט זיך אויס אין ארומגעהן איבער דער גאס און רעדען צו זיך אליין. ער געהט ארום א ניט־געשוירענער, א ניט־געוואשענער, אן אפגעריסענער, אן אפגעשליסענער און זאגט שטיקער זוהר אויף אויסוויינינג מיט א ניגון וואס קאן ריהרען א שטיין.

אויך איהם באאומרוהיגט דער ענין פון תקיעת־שופר, געהט ער ארום און לאזט הערען זיין שטים, וואס ווארפט אן א פחד אויפ'ן עולם:

,,...ויהי רצון, אז מיר זאלען זוכה זיין צו הערען דעם קול שופר בעצמו און ניט קיין שום קול הברה און דער קול השופר זאל זיך מתגבר זיין ווי אין פסוק שטעהט: ,,הן יתן בקולו קול עוז'' און עס זאל אנפאלען א פחד מיט אן אימה, מיט א מורא, מיט א חרדה, מיט א יראה און מיט א בושה אויף די עזי־פנים שבדור און דער קול השופר זאל מכניע זיין, און מבטל מאכען יעדען מין עזות דסטרא־אחרא'' און אזוי ווייטער . . .

און פלוצים האט ער זיך געלאזט לויפען מיט גרויס אימפעט און א נאצי סאלדאט נאך איהם מיט אויסגעשרייען: ,,דאנערוועטער! א שפיאן!''

עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער נאצי־זעלנער האט איהם געוואלט לע־גיטימירען, האט ער זיך דערשראקען און גענומען לויפען. גוטע קריסטען האבען אויפגעקלערט דעם נאצי, אז דער מענש איז א גייסטיג־צערודערטער און ער האט איהם צורו געלאזט.

אין דער תפילה פון ,,אביגדור דעם משוגע'נעם'', אין זיין וועלען זיך ראטע־ווען פון אן ,,עז פנים שבדור'' איז געווען עפעס פאטעטישעס, עפעס סימבא־לישעס, עפעס אזוינס, וואס האט געפונען אפקלאנג אין אלעמענס הערצער; עפעס וואס האט ביי אלעמען ארויסגערופען טרערען און דער עולם איז מיט פארטרערטע אויגען געקומען אין שוהל אריין.

און געדאווענט האבען מיר מיט כונה, מיט הארץ, מיט בכיות און יללות, מיט פשטות און תמימות, מיט התעוררות הלב און כליון הנפש ממש.

נאכ'ן דאווענען זענען מיר איינציגווייז אהיימגעגאנגען און אין שטאט האבען זיך ארומגעטראגען אומאפיציעלע קלאנגען, אז ווארשע איז שוין געפאלען. פארשטענדליך, אז אט די ידיעה האט נאך מעהר פארשארפט דעם יום הדין און דער פחד האט געהאלטען אין שטייגען, שטייגען און שטייגען.

* * *

אויך אינדערפריה איז די שוהל געווען געפאקט און דער ,,ובכן תן פחדך'' האט זיך שטארק געלאזט מערקען אויף אלעמענס פנים'ער.

מ'האט אפגעדאווענט שחרית און מ'האט אנגעהויבען מאכען הכנות פאר תקיעת־שופר: צוערשט האט מען ארויסגעשיקט אן ,,אויסשפיר אפטיילונג'', וועמענס אויפגאבע איז געווען — אויסצוגעפינען צי דער ,,קול שופר'' קאן גרייכען דעם שונא'ס אויער, נאכדעם האט מען פארזיגעלט די טויערען פון שוהל און נאכדעם האט מען געבלאזען מאה קולות ,,בנשימה אחת'', בגנבה

ובחפזון גדול און כאַטש די תקיעות זענען געווען שטילע, האָבען זיי, פונדעסט־וועגען , אנגעוואָרפען אויפ'ן עולם אַן אומהיימליכען מורא און עס האָט אין שוהל געהערשט אַ שטילקייט אַזוי ווי אויף אַ בית־עולם . . .

אָפּגעטאָן די דאָזיגע „גנבה'שע" שטיקעל אַרבייט האָט מען צוריק אויפ־געפּראַלט די טויערען און מ'האָט זיך געשטעלט דאַוונען מוסף. דאָס דאַוונען איז צוגעגאַנגען כדבעי: דער חזן האָט געזאָגט די הויכע שמונה־עשרה מיט גרויס התלהבות און טיפער איבערלעבונג; די דבורי התפילה וואָס דער חזן האָט מיט גרויס מתיקות אַרויסגעלאָזט פון מויל האָבען געפונען חן אין די אויערען פון די מתפללים און אַלע האָבען זיך דערפיהלט אָפּגעפרישט און באַנייט, דאָס געפיהל פון שפלות און געפאַלענקייט איז אַוועק און דער עולם איז באַהערשט געוואָרען פון אַ געפיהל פון התרוממות און התפשטות־הגשמיות. אָבער לאַנג אַנהאַלטען האָט די דאָזיגע הרגשה ניט אַנגעהאַלטען, נאַצי סאָלדאַטען זענען אַנגעקומען און האָבען צושטערט די דינינקע רוה, די צאַרטע שלוה וואָס האָט אַלעמען אַזוי ליבליך איינגעוויגט.

דער חזן איז אַזוי געווען פאַרטראָגען אין די עולמות־העליונים, אַז ער האָט אפילו קיין אַנונג ניט געהאַט וועגען דעם וואָס עס קומט פאָר אונטער זיינע פּלייצעס, האָט ער פאַרגעזעצט די תפילה מיט'ן זעלבען ברען, אָבער דער עולם איז געוואָרען זעהר אומרוהיג, נערוועז און דערשיטערט; דער פאַרדאַכט איז געווען, אַז דער באַזוך פון די נאַצי־געסט האָט אַ שייכות צו תקיעת־שופר, אָבער דער דאָזיגער חשד איז פאַרשוואונדען נאָכדעם ווי די נאַצי־באַזוכער האָבען באַפוילען דעם עולם אַנצוגעהן מיט'ן „צערעמאַניאַל" רוהיג און אומגעשטערט.

זיי זענען הפנים געווען בייגעריג צו באַאָבאַכטען דעם „צערעמאַניאַל", זענען זיי, פאָר געציילטע מינוטען, געבליבען זיצען אויף די פּלעצער וואָס אייניגע מתפללים האָבען זיי אָפּגעטראָטען און נאָכדעם האָבען אייניגע פון זיי זיך אויפ־געהויבען פון די ערטער, אנגעשטעלט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטען און אָפּגעפאָ־טאָגראַפירט דעם עולם. אָפּגעפאַרטיגט זיך מיט'ן עולם האָבען זיי פאָטאָגראַ־פירט דעם חזן, וועלכער איז פאָר זיי לחלוטין ניט נתפעל געוואָרען און האָט פאַרגעזעצט די תפילה, פונקט ווי דער ענין וואָלט מיט איהם קיין שייכות ניט געהאַט . . .

נאָכדעם זענען זיי צוגעגאַנגען צום ארון קודש, מכבד געווען איינעם פון די מתפללים מיט פתיחת־הארון, און זיי האָבען פאָטאָגראַפירט די ספרי־תורה.

אָפּגעטאָן די אַרבייט זענען זיי אַוועק און דער עולם האָט פרייער אָפּ־געאָטעמט. ביי טאָג זענען מיר געגאַנגען צו תשליך, אויך דאָרטען זענען די נאַציס געווען מיט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטען און האָבען אָפּגעפאַרטרעטעלט דעם „צערעמאַניאַל".

דער צווייטער טאָג ראש השנה איז אויך רוהיג און שטיל דורכגעגאַנגען. די תקיעות זענען דורכגעפיהרט געוואָרען אויפ'ן זעלבען שטייגער, ווי נעכטען; בגנבה, בחפזון גדול ובנשימה־אחת . . .

# דער דורכמאַרש פון די שלעפּעריקע

צום גדליה איז געווען „אַ יום־טוב אין שטעטעל״: קריגס־געפאַנגענע זענען דורכגעפירט געווארען דורך דער שטאָט.

דער מאַרש פון די געפאַנגענע האט זיך אנגעהויבען אַרום 1 אַזייגער בייטאָג און האט אַנגעהאלטען ביז אַרום 5 פאַרנאַכט.

מיט שטונדען פריהער איידער דער מאַרש האט זיך אנגעהויבען האָט שוין געהערשט אין שטאָט אַן אויפלעבונג. די מיליטערישע אויטאָריטעטען האבען געגעבען גרויס פּראָמינענץ צו דער נייעס וועגען דעם אנקום פון די געפאַנגענע און האבען כמעט ווי געטריבען די ציווילע באַפעלקערונג פון די הייזער, אַז זיי זאלען בייוואוינען דעם טרויעריגען ספּעקטאַקעל. מסתמא איז עס אַ באַשטאַנד־טייל פון דער נאַציסטישער מלחמה־טאַקטיק: צו מאַכען אַן עפענטליכע אויס־שטעלונג פון דעם שונא׳ס אומבאַהאלפענקייט און גלייכצייטיג צו דעמאָנסטרי־רען די אייגענע גבורה . . .

מיינער אַ חבר האט מיר פאַרגעשלאָגען, אַז בעת די געפאַנגענע וועלען דורכמאַרשירען די גאַסען זאלען מיר זיי באַווארפען מיט רעפטלאַך ברויט. „געוויס״ — האט מיין חבר געזאָגט — „לעכצען נעבאַך די געפאַנגענע נאָך אַ שטיקעל ברויט און געוויס זענען פאַראַן צווישען די געפאַנגענע אויך אידען״.

איך האָב צוגעשטימט צו זיין פאַרשלאָג און מיר זענען ארויס אין גאַס אריין מקבל־פנים זיין די געפאַנגענע.

קאָלאָנעסווייז האבען זיי זיך געצויגען צו זעקס אין אַ ריי, קויטיגע, פאַר־שטויבטע, מידע און אָפּגעלאָזענע; אויסגעהונגערטע און נידערגעשלאָגענע, מיט ניט־אויסגעשלאָפענע אויגען, האבען זיי זיך געשלעפּט צום טאַקט פון די נאַציס־טישע אַנטרייבער.

איך האָב באַטראַכט דעם ריזען־שטראָם פון דער געפאַנגענער מחנה, וועלכע איז באַשטאַנען פון געוויינליכע סאָלדאַטען, אָפיצירען, פאָלקסוואוניקעס און גענע־ראַלען: טייל האבען געהאַט שיך אויף די פיס, אַנדערע האבען געטראָגען צו בלויז איין שוך, בעת אַנדערע זענען לחלוטין געווען באָרוויס; טייל האבען געטראָגען היטלען אויף די קעפּ און טייל ניט. אבער אַלע זענען געווען טויט־מיד און — שלעפעריג. עס איז געווען אַ גאָט׳ס רחמנות צוצוקוקען אויף דער אויסגעשעפּט־קייט פון די מענשען און אויף זייערע איינגעזשמורעטע אויגען, וועלכע האבען נעבאַך געַ׳חלש׳ט נאָך אַ טראָפּען שלאָף.

צום ערשטען מאָל אין לעבען האָב איך געזעהן מענשען שלאָפען אין וואַכ־זאַמען צושטאַנד און איך וועל דאָס דאָזיגע רירענדע בילד קיינמאָל אין מיין לעבען ניט פאַרגעסען! . . .

פון אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג האבען גענומען פליען רעפטלאַך ברויט אויף די קעפּ פון די געפאַנגענע, די געפאַנגענע האבען, ווי הונגעריגע וועלף, אויפ־

געכאַפּט די מתנה, געגעסען און געדרימעלט, אויפגעוואַכט, ווידער געגעסען און ווייטער געדרימעלט . . .

— האַלט! — האָט הילכיג אָפּגעקלונגען דער באַפעל פון דעם הויפּט־פירער פון דער מחנה און די מחנה איז געבליבען שטעהן; דער שוויס האָט אַראָפּגערד־נען פון זייערע באַוואַקסענע, ניט־ראַזירטע פּנים׳ער און שימף־ווערטער האָבען זיך געשאָטען אויף זייער אַדרעס מצד די נאַצי־באַגלייטער.

„די ראַטע!״ . . . זיע מוסען „די ראַטע״ זינגען!״ האָט זיך דערהערט אַן אויסגעשריי. „די ראַטע״ איז אַ פּויליש אַרמיי־ליד וואָס טראָגט אַן אַנטי־נאַצי כאַראַקטער און זינט פּוילען האָט אָנגענומען אַ פּראָ־דייטשע פּאָליטיק איז דער פּוילישער אַרמיי פאַרבאָטען געוואָרען צו זינגען דאָס דאָזיגע ליד.

אין דעם ליד איז דאָ אַ שורה, וואָס לייענט זיך:

„ניט לאָזען וועלען מיר זיך אין פּנים שפּייען פון דעם דייטש!״

די נאַצי־באַגלייטער וואָס האָבען זיך געלאָזט וואוילגעהן איבער זייערע געפאַנגענע קרבנות האָבען ניט אַנדערש געוואָלט, נאָר אַז די געפאַנגענע זאָלען איצט זיך צולאָזען אין אַ זמר׳ל . . .

די געפאַנגענע האָבען זיך צוערשט אָפּגעהאַלטען פון זינגען, אָבער אַ צוויי־טער באַפעל האָט נאָכגעפאָלגט און פון דאָ און פון דאָרט האָבען זיך דערהערט איינצעלנע שוואַכע אָפּגעריסענע טענער־קלאַנגען, וועלכע זענען — אונטער׳ן דרוק פון די נאַציס — פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַן עכטען, ניט געפעלשטען ליד.

מיט סאַדיסטישער פרייד האָבען די נאַצי־פּייניגער אויפגענומען דאָס געזאַנג פון די געפאַנגענע און אייניגע פון זיי האָבען געשפּיגען אין די פּנים׳ער פון די קרבנות וואָס זענען זיי געוועזען צו דער האַנט.

צוזעהענדיג אָט דעם ספּעקטאַקעל האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם קאַפּיטעל „על נהרות בבל״ פון תהלים אין וועלכען עס ווערט געשילדערט ווי די לוויים, וואָס זענען פאַרטריבען געוואָרען קיין בבל, זיצען אַרום די טייכען פון בבל ווי אבלים און באַקלאָגען די מוטער ציון, בעת זייערע האַרפען הענגען אויף די ווערבעס וואָס וואַקסען אַרום די טייכען און זייערע באַצווינגער פאַרלאַנגען פון זיי:

— שירו לנו משיר ציון!

און די לויים ענטפערען:

— איך נשיר את שיר ד׳ על אדמת נכר?!

אין דעם ספּעקטאַקעל מיט די פּוילישע געפאַנגענע האָב איך געזעהן אַן ענליכקייט, אַ געשיכטליכע ווידערהאָלונג און בפירוש ניט „על אדמת נכר״ . . . און איך האָב געטראַכט:

דייטשלאַנד! אשרי שישלם לך את גמולך שגמלת לנו!

# דער ערשטער עפענטליכער „חלול שבת" אין דוקלא

פון דעם סאַמע ערשטען קאַפּיטעל פון מיינע זכרונות ווייסען שוין די לייענער, אַז מיין שטעטעלע דוקלאַ איז אַ שטיל שטעטעלע, אַ באַשיידענס, אַ פאַרבאַרגען פרום שטעטעלע, וואָס באַשטייט פון לויטער בערדיגע אידען; פון ישיבה־בחורים, וואָס פּראַווען מקואות און זיצען יומם ולילה על התורה ועל העבודה און פון שטילע, צניעות׳דיגע, שעמעוודיגע, באַלעבאַטישע אידישע טעכטער.

די נייע הערשער האָבען אויך אויף דעם רעאַגירט: זיי האָבען באַפוילען, אַז שבת־שובה זאָלען די אידישע געשעפטען זיין אָפען.

די דאָזיגע גזירה האָט אַנגעוואָרפען אַן אומבאַשרייבליכען טרויער אויף די דוקלער אידען, אפילו דער „פקוח נפש דוחה שבת" האָט ניט געקאָנט מילדערען דעם טרויער. עס איז ניט געווען קיין פראַגע פון „מעג מען" אָדער „טאָר מען ניט", דאָ האָט זיך געהאַנדעלט אין קענען: דוקלער אידען קאָנען ניט זיין קיין מחללי־שבת, אפילו מיט אַ היתר . . . חלול שבת אפילו על פי צוואַנג איז עפּעס אַזוינס, וואָס שטימט ניט מיט קיין דוקלער אידען, אַ דוקלער איד קאָן זיך ניט אויסטאָן איבערנאַכט פון דער שבת׳דיגער קדושה וואָס גיט איהם חיות אויף די איבעריגע טעג פון אַ גאַנצער וואָך — איז די שטאָט איינגעהילט געוואָרען אין אַן אומבאַשרייבליכען טרויער; דוקלער אידען זענען אַרומגעגאַנגען ווי אבלים, מיט טרערען אין די אויגען און צער אויף די פּנים׳ער, און וואָס מעהר די דוקלער אידען האָבען אַנגעווענדעט תחבולות אויף אָפּצושרייען די מורא׳דיגע גזירה, אַלץ מעהר זענען די נייע הערשער באַשטאַנען אויף דעם, אַז די אידישע געשעפטען זאָלען דורכאויס זיין אָפען אום שבת־שובה.

איין קלייניגקייט: שבת־שובה! דער ערשטער שבת פון יאָהר! . . .

דער אַלטער ר׳ רפאל האָט געוואָלט עוקר זיין פון שטאָט, האָבען אידען געשריגען: „אל תפרוש מן הצבור!" צרות הכלל! . . . אפילו דער שטעטעלשער באַרבער, אַ איד אַן עם־הארץ, וואָס מ׳האָט אויף איהם געשמועסט, אַז לפנים האָלט ער טאַקע געשלאָסען זיין געשעפט און בצנעא מאַכט ער אַ שטיקעל אַרבייט אום שבת אויף אַ קריסטליכען קונד, מחמת קיין קריסטליכע שערער זענען אין דוקלאַ ניטאָ — אפילו ער איז צו מיר געקומען צולויפען מיט טענות פאַרוואָס איך טו גאָרניט אויף אָפּצושרייען די גזירה . . .

איך האָב איהם געזאָגט, אַז אויף ווי ווייט מיר איז באַקאַנט איז ביי איהם חלול־שבת פון די זאַכען וואָס ער מאַכט זיך פון זיי אַ „קליינעם צימעס" און איך האָב איהם דערמאָנט אין אַן אומאַנגענעם געשיכטעלע:

מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק, בעת אין שטאָט האָט מען אויף איהם געמורמעלט, אַז ער איז מחלל־שבת אונטער געשלאָסענע טירען, איז מיין זיידע מיט נאָך אַ פּאָר

אידען, אין אַ שעהנעם שבת נאָכמיטאָג, זיך געגאַנגען איבערצייגען אין דעם בלבול וואָס בייזע ציינגער זענען פעאיג אויסצוטראַכטען אויף אַ אידען און עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז בעת דער זיידע האָט אַנגעקלאַפּט אין דער פאָדערשטער טיר, זענען דורך דער הינטער־טיר, בגנבה, אַנטלאָפען צוויי קריסטליכע קונדען מיט האַלב־ראַזירטע פּנימ'ער . . .

דער באַרבער האָט זיך צעוויינט און האָט געזאָגט:

— אַמאָל זענען געווען אַנדערע צייטען . . . מיט מיין פריי'ען ווילען און בצנעא האָב איך טאַקע מחלל שבת געווען, אָבער בפרהסיא און אויף „יעקע'ס" באַפעל, קאָן איך עפּעס ניט מחלל שבת זיין!

* * *

שבת פריה זענען די אידישע געשעפטען געווען אָפען. קינדער וואָס זענען נאָך קיין בר־מצוה ניט געוואָרען, האָבען געטראָגען די שליסלען אויף צו עפענען די געשעפטען; דער ניגון פון „מעביר זיין די סדרה" האָט זיך געטראָגען פון די קלייטען אַרויס און אויך שבת'דיגע זמירות האָבען דוקלער אידען, מיט טרויערי־גער שמחה, געזונגען אויפ'ן קול, שטייענדיג ביי דער אַרבייט, וואָס איז בכלל קיין ארבייט ניט געווען, מחמת די קונים האָבען געקראָגען סחורה „אָהן געצאָלטס", אומזיסט! אַ דוקלער איד וועט דאָך גיש נעמען קאַ־געלט אום שבת! . . .

# איך געה ווידער אויף אַרבייט

עשרת ימי תשובה: דוקלער אידען טוען תשובה, ציהען אונטער אַ סך־הכל פון דעם דורכגעלעבטען, פון דעם גרויסען צאָרן, וואָס איז אויף זיי אויסגעגאָסען געוואָרען און זענען זיך מכין צום יום הכפורים. מיט אַ קדושה־יתירה און מיט גרויס פחד זענען זיך דוקלער אידען איצט, מעהר ווי אַלע יאָהר, מכין צום הייליגסטען טאָג פון יאָהר — יום כפור, זיי רעדען זיך איינס ס'אַנדערע אויס די הערצער און, מיט טרערען אין די אויגען, טרייסטען זיי זיך, אַז אין זכות פון דעם יום הכפורים וועט איה"ש נמשך ווערען אַ שלום גדול על כל העולם, אַלע דינים וועלען איה"ש בטל ווערען „כי רב שבענו בוז...".

פרומע, חסידישע אידען געהען אַרום „צווישען פאָלק" און זענען עס מחזיק; מיט „דברים המתישבין על הלב" זענען זיי מכניס אַ „שפע דקדושה" אין די הערצער פון די געפייניגטע און באַליידיגטע און דערהויבען זיי פון זייער שפלות, פון זייער געפאַלענקייט.

בינטלאַכווייז שטעהען זיי, די אידען, און זענען זיך מחזיק איינע די אַנדערע און נאַצי־סאָלדאַטען קלעפען אויס בשעת מעשה פרישע פּלאַקאַטען וואָס זאָגען אָן אַ נייע גזירה: אַז שחיטה לויט'ן אידישען דין איז פאַרבאָטען!

זינט די דייטשען זענען אַריין קיין דוקלאַ איז נאָך ניט אַריבער קיין טאָג אָהן פּלאַקאַטען, חדשים לבקרים: יעדען פרימאָרגען און יעדען פאַרנאַכט האָבען נייע פּלאַקאַטען אָנגעזאָגט נייע גזירות־רעות, נייע „משפטים בל ידעום", וועלכע האָבען אויפגערודערט די געמיטער פון די צושראָקענע אידען . . . אָבער די לעצטע גזירה האָט אַלעמען באַזונדערס איבערראַשט, מחמת די דאָזיגע גזירה איז געוועזן אַ „דבר בעתו" . . . זי איז געקומען ווי אַן אומדערוואַרטעטע באָמ־באַרדע און האָט בוכשטעבליך אַלעמען געטראָפען. די נייע גזירה האָט באַרירט די „כפרות"! . . . ,

דער אַלטער ר' רפאל האָט דער ערשטער, אויף אַ ממשות'דיגען אופן, רעַ־אַגירט אויף דער ניי־געשאַפענער לאַגע: ער האָט גלייך אָרגאַניזירט אַלעמענס חשק אויף „גובר צו זיין די מניעה" . . . און, ניט קוקענדיג דערויף וואָס דאָס שעכט־הויז איז פון די נאַציס געשלאָסען געוואָרען, האָבען זיך אַלע דוקלער אידען, בסוד סודות, באַזאָרגט מיט עופות און „ר' חיים דער שוחט" — אַ איד מיט חסידישען ברען — האָט בגנבה געשאָכטען די עופות. ער איז, בדחילו ורחימו, געגאַנגען מבית לבית און האָט מיט גרויס כונה און מסירת נפש אַלעמען באַזאָרגט מיט כפרות. און געטאָן האָט ער עס „שלא על מנת לקבל פרס": ער האָט צוטיילט דאָס שחיטה־געלט צווישען די שטאָטישע כלי־קודש, צווישען דעם חזן, דעם שמש, דעם בעדער און אויך צווישען די אלמנות פון די פאַר־שטאָרבענע כלי־קודש.

אין דער שחיטה־גזירה האָבען דוקלער אידען געזעהן אַ טענדענץ געצילט קעגען די „כפּרות", האָבען זיי דאָרום מורא געהאַט, אַז די נאַציס וועלען נאָך — מעשה שטן — פאַרלאַנגען אַז אידען זאָלען אויך יום כּפּור קומען צו דער אַרבייט. פאַר אַט דעם דאָזיגען נסיון האָבען זיך דוקלער אידען שטאַרק געשראָקען. זיי האָבען מורא געהאַט, אַז זיי וועלען חלילה ניט קאָנען גובר זיין אַט דעם נסיון און דאָס וועט חלילה פיהרען צו טרויעריגע רעזולטאַטען . . . האָט מען זיך איינגעשטעלט און מ'האָט אינטערווענירט ביים הויפּט פון דער קאָמענדאַנטור. מ'האָט איהם משחד געווען מיט אַ גאַר פיינער „אַפּותיקא" און מ'האָט ביי איהם אויסגעפּועל'ט, אַז אידען זאָלען דינגען אויף יום כּפּור קריסטליכע אַרבייטער וואָס זאָלען זיי פאַרבייטען.

ערב יום כּפּור בעת איך האָב געהאַלטען אין מאַכען הכנות צו קבלת יום־הכּפּורים, איז צו אונז אין הויז אַריינגעקומען אַ געסטאַפּאָ־אַגענט און האָט מיך באַאויפטראַגט, אַז איך זאָל זיך מעלדען צו דער אַרבייט.

איך בין גלייך אַוועק צו דער אַרבייט אַ צופרידענער פון דעם געדאַנק, אַז איה"ש מאָרגען וועלען מיר, איך און אַלע אַנדערע אידישע אַרבייטער, זיין פריי פון אַרבייט.

ביים אַרבייטס־פּונקט האָב איך געטראָפען פיל אידישע אַרבייטער אַלייך־געמאָלדענע און אויך פון דער גאַס אויפגעכאַפּטע. מ'האָט אונז ווי בהמות אָנגעלאָדען אויף טראַקס און מיר זענען, אין דער באַגלייטונג פון געסטאַפּאָ־אַגענטען, אַפּגעפיהרט געוואָרען קיין זבויסק, אַ דערפעל ניט ווייט פון דוקלאַ.

אונזער אויפגאַבע אין זבויסק איז געווען — צו פאַרריכטען דעם בריק וואָס דאָס פוילישע מיליטער האָט, אַפּטרעטענדיג, אויפגעריסען.

די אַרבייט איז געווען אַ מורא'דיג שווערע. מענשליכע כוחות האָבען באַדאַרפט פאַרבייטען מאַשין־כוחות. מיר האָבען זיך באַדאַרפט טראָגען מיט ריזיג־שווערע שטיקער ברוך־אייזען, וואָס אפילו אין טעכניש־אַפּגעשטאַנענע צייטען פלעגט מען צו אַזאַ אַרבייט באַנוצען פערד אנשטאַט מענשען. עד היום הזה קאָן איך ניט באַגרייפען וועלכע אור־כוחות זענען מיר געקומען צוהילף טוענדיג אַט די עבודה קשה, וואָס נאָר ווילדע סאַדיסטען פון נאַצישען שניט האָבען געקאָנט איינשפּאַנען אין איהר מענשען.

דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז מיר זאָל, אונטער דער אויפזיכט פון נאַצי־משגיחים, אויסקומען צו צושטערען דאָס וואָס מיינע אייגענע הענט האָבען, אונטער דער אויפזיכט פון פוילישע משגיחים, געבויעט. די שטעכיגע דראָטען וואָס איך האָב מיט וואָכען צוריק אויסגעפּלאָכטען ווי אַ שוץ קעגען די דייטשע אַנגרייפער — די זעלבע דראָטען איז מיר איצט אויסגעקומען צו צושטערען . . .

איך האָב געאַרבייט ביי די דראָטען און האָב זיך געוואונדערט אויף אַט דעם מאָדנעם איראָנישען צופאַל און מיר איז געקומען אויפ'ן זינען אַ פּסוק פון קהלת:

„לכל זמן, ועת לכל חפץ תחת השמים:

עת לפרוץ ועת לבנות".

איך האָב צונומען די דראָטען און איינער פון די נאַצי־משגיחים האָט מיר

צוגעווארפען די איראנישע באמערקונג, אז אזוינע דראטען זענען א שוץ־מיטעל קעגען הינט, ניט קעגען מענשען . . .

דער זייגער האט געשלאגען איינס. מיטאג־צייט איז דערקלערט געווארען. איך האב אוועקגעלעגט די ארבייט, דער שווייס האט זיך פון מיר געגאסען ריקעסווייז; איך האב שווער אפגעאטעמט, אפגעזיפצט ווי אין פסוק שטעהט: „ויאנחו בני ישראל מן העבודה!" . . .

איינער פון די נאצי־אויפזעהער איז צו מיר צוגעגאנגען, האט מיך פריינדליך געקלאפט אין דער פלייצע, אויסדריקענדיג אנערקענונג פאר מיין מיהזאמער ארבייט. „זיע האטען ניכט מארקורירט" — האט ער מיר געזאגט און האט מיר דערלאנגט א רעפטעל ברויט מיט א רעפטעל חזיר־פלייש.

— נא, יודע, עס!... זי האטען ערליש פארדינט דאס עסען!...

ניט קוקענדיג דערויף וואס איך בין געווען מיד, אויסגעשעפט און הונגעריג, האב איך זיך פונדעסטוועגען ניט פארלוירען. דאס חזיר־פלייש האב איך גלייך אוועקגעווארפען און איך האב זיך געווענדעט צום „פריינדליכען" נאצי מיט א בקשה: ער זאל מיר דערלויבען ארייננצוגעהן צו א פויער אין הויז אריין אדער צו א דערבייאיגען טייכעל אפצואוואשען די הענט, וועלכע האבען אויף זיך געהאט אייזען־זשאווער.

דער „פריינדליכער" נאצי האט מיך זעהר סימפאטיש אויסגעהערט און אין א זעהר גוטמוטיגען טאן האט ער זיך צו מיר אנגערופען:

— דרעקישער יודע! זי קאנען עסען מיט ניכט געוואשענע הענט!

איך האב ווידערהאלט מיין בקשה. דער „פריינדליכער" נאצי איז געווארען מלא רציחה און האט מיר דערלאנגט א „מתנת יד" פון וועלכען עס איז מיר פינסטער געווארען אין די אויגען.

איך האב ארויסגענומען פון קעשענע מיין טאשענטיכעל, האב זיך דערמיט ארומגעוויקעלט די האנט און האב אויפגעגעסען דאס רעפטעלע ברויט.

דער „מיטאג" האט זיך געענדיגט און מיר האבען זיך אויפסניי גענומען צו דער עבודה. מיר האבען געארבייט „געהארכזאם, טיכטיג און שנעל". מיר האבען זיך מיט אלע כוחות באמיהט נושא־חן צו זיין ביי אונזערע משגיחים, בכדי זיי זאלען אונז וואס פריהער פריילאזען און מיר זאלען זיך קאנען מכין זיין צו „כל נדרי".

אבער אונזער טיכטיגקייט האט, צום באדויערען, געהאט א פארקערטע ווירקונג: גראד ווייל מיר האבען געוואלט זיך וואס שנעלער באפרייען פון דער ארבייט, האבען די נאצי־משגיחים אזוי מאנעווירט, אז אונז זאל אויסקומען וואס שפעטער צו ארבייטען.

איך האב געארבייט מיט אלע כוחות און פאר מיינע אויגען איז געשטאנען דאס ערב יום־כפור׳דיגע בילד ביי אונז אין הויז, אין בית המדרש און אויף דער גאס:

אידען לויפען אין מרחץ און פון מרחץ, אלע ווינשען זיך א גוט יאהר מיט א גוטען קוויטעל; טייל אידען זענען זיך מקדים און לויפען אין בית־המדרש אריין מיט גרויסע וואקסענע ליכט וכדומה . . .

די מאַמע שטעהט אַ פאַרפרומטע ביי די ליכט און טוט תפילה מיט פאַר־טרערטע אויגען און ארום איהר שטעהען מיר, איהרע קינדער און וויינען מיט דאָס ערב יום־כפור'דיגע „טראַדיציאָנעלע'' געוויין . . .

לויט'ן זעצען זיך פון דער זון האָב איך זיך משער געווען, אַז איצט איז שוין מסתמא די צייט פון ליכט בענשען און די מאַמע וויינט נעבאַך איצט געוויס אויס די אויגען אויף מיר, איהר בן־יחיד, וואָס פעלט איהר צו דער האַנט . . . מיך האָט שטאַרק פאַרקלעמט ביים האַרצען, דער מאַמעס צער, האָב איך אוועקגעלעגט די אַרבייט און בין מיר צוגעגאַנגען צו אַ דערבייאיגען בוים, האָב אַנגעשפּאַרט אויף איהם מיין מידען קאָפּ און די טרערען האָבען זיך גענומען גיסען פון מיינע אויגען. איך האָב זיך באַמיהט, ווי ווייט מעגליך, צו קאָנטראָלירען די טרערען, צו קאָנטראָלירען מיינע עמאָציעס, אָבער מיין מיה איז געווען אַן אומזיסטע. אַן אָנגעשפּאַרטער מיט'ן קאָפּ אויפ'ן בוים בין איך געשטאַנען בבחינת „נער בוכה'' און פון מיינע אויגען האָבען זיך געגאָסען די טרערען אויפ'ן שטויב פון דער ערד און אויף מיינע פאַרשטויבטע מלבושים. מיר איז עפּעס מאָדנע גוט געוואָרען, איך האָב דערשפּירט אַ דערלייכטערונג, אַ התחדשות לטובה. איך האָב לחלוטין פאַרגעסען אין דער אַרבייט, מיר איז אַרויס פון זינען, אַז אַרום מיר געפינען זיך נאַצישע מלאכי־חבלה און כ'האָב אָנגעהויבען שוועבען אין העכערע וועלטען: דער זיידע האָט זיך מיר פאַר־געשטעלט, איך האָב געזעהן דעם זיידען מיט'ן קיטעל און טלית ווי ער שטעהט אויף דער בימה און איז מעורר דעם עולם מתפללים לתשובה מעומק הלב . . . און פלוצים, ווי פון דער העלער הויט אַרויס, האָט זיך אויף מיינע געבויגענע פּלייצעס אַראָפּגעלאָזט אַ שטראָם פון קלעפּ.

איך האָב זיך פאַרלוירען ניט אַזוי פון די קלעפּ, נאָר פון דער אומגעריכט־קייט, פון דער פלוצים'דיגער האַסטיגקייט מיט וועלכער דער שטראָם פון קלעפּ האָט זיך אַזוי מערדעריש און אומברחמנות'דיג אַראָפּגעלאָזט אויף מיינע ביינער, אָבער איך בין גלייך געקומען צו זיך, כ'האָב זיך אַרומגעזעהן וואו איך בין אין דער וועלט:

ניט דער זיידע, נאָר להבדיל אַ נאַצי־אויפזעהער איז געשטאַנען לעבען מיר. פון זיינע אויגען האָט געשפּריצט מיט כעס און רציחה און ער איז גרייט געווען מיך דורס צו זיין . . . איך בין גלייך צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבייט.

אַרום 5 אַזייגער נאָכמיטאָג האָט מען אַלעמען באַפרייט פון דער אַרבייט, אָבער מיט מיר האָט מען געמאַכט אַן אויסנאַם. מיך האָט מען „פּריווילעגירט'' אַלס „הער ראַבינער''. מיך האָט מען געהאַלטען ביי דער אַרבייט ביז 6 פאַרנאַכט.

נאָך דער אַרבייט בין איך אַהיימגעפאָרען אין דעמזעלבען טראַק אין וועלכען עס זענען אַהיימגעפאָרען די געסטאַפּאָ־אויפזעהער.

אַז ערד אַ קאַרגען קילאָמעטער פון שטאָט האָבען מיר די נאַציס באַפוילען, אַז איך זאָל אַרונטערגעהן פון טראַק און זיך לאָזען אין וועג אריין צופוס.

איך האָב געוואוסט, אַז איך גײה אויף אַ זיכערען טויט, מחמת לויט דער פאַראָרדנונג פון דעם מיליטערישען שטאָב, האָט זיך קיינער ניט געטאָרט באַ־ווייזען אין גאַס נאָך 6 אַזייגער אין אָוונט און פאַר עובר זיין אויף אָט דעם געזעץ ווערט מען גלייך אויפ'ן שטעל דערשאָסען. האָב איך זיך גענומען בעטען רחמים ביי מיינע באַגלייטער, אַז זיי זאָלען שאָנעווען מיין לעבען און זאָלען מיך ניט צווינגען עובר צו זיין אויף אַ געזעץ פאַר וועלכען עס קומט טויט־שטראָף, אָבער מיינע בקשות, מיינע בכיות און יללות האָבען אָנגעטראָפען אויף סאַדיסטיש־טויבע אויערען . . . די נאַציס האָבען מיך אַרונטערגעוואָרפען פון טראַק בעת דער טראַק איז געווען אין סאַמע רעכטען געיעג און איינער פון די נאַציס האָט מיר נאָכגעשריגען, אַז איך זאָל אריינקומען אין שטאָט אריין מיט אויפגעהויבענע הענט, דערביי האָט ער אויפגעהויבען זיינע ביידע הענט אין דער לופטען, דעמאָנסטרירענדיג פאַר מיר ווי אַזוי איך באַדאַרף האַלטען די הענט ביים אריינקומען אין שטאָט אריין . . .

איך האָב זיך קוים אויפגעהויבען פון דער ערד און, בכדי איך זאָל נאָך פאַספייען צו „כל נדרי", האָב איך זיך מיט האַסטיגע טריט געלאָזט אין וועג אריין.

געהענדיג האָב איך גענומען „מאַכען פראַבע": איך האָב פראָבירט אויפ־צוהויבען די הענט אינדערלופטען און עס איז מיר אָנגעקומען מיט שוועריג־קייטען זיי אויפצוהויבען, מחמת די מוסקולען פון די הענט זיינען געווען איבער־געשטרענגט פון צופיל אַרבייט, און דער געדאַנק, אַז מיר וועט אויסקומען צו האַלטען די הענט אינדערלופטען אַן ערך 30 אָדער מעהר מינוטען ביז איך וועל גרייכען מיין היים און אַז איך וועל דאָס בשום אופן ניט קענען באַווייזען — דער דאָזיגער געדאַנק האָט מיך באַאומרואיגט און איך בין אריינגעפאַלען אין אַ גרויסער מרה שחורה.

זינט די נאַציס זענען אריין קיין דוקלאַ האָב איך שוין געהאַט מאָמענטען אין וועלכע איך בין ניט געווען באַהערשט פון קיין שום פאַרלאַנג. איך האָב געהאַט מאָמענטען ווען מיר האָט גאָרניט אויסגעפעלט, איך האָב זיך געפיהלט איבעריג און דער טויט האָט מיך ניט אָפגעשראָקען, אָבער דאָס מאָל בין איך געווען באַהערשט פון דעם הייסען פאַרלאַנג צו קומען אין צייט צו „כל נדרי". דער דאָזיגער פאַרלאַנג האָט געטריבען די פיס — בבחינת „לבו נשא את רגליו" — אין וועג אריין: דער דאָזיגער פאַרלאַנג האָט אויך גע־שטאַרקט די באַהאַלטענע כוחות פון מיינע פאַרמאַטערטע הענט און, איבער אַן האַלבער שטונדע האָב איך זיי געהאַלטען אינדערלופטען ביז איך האָב ענדליך דערגרייכט מיין היים.

קומענדיג אהיים האָב איך צוזאַמענגעבראָכען. דאָ האָב איך אָפגעלאָזט הענט און פיס: סיי די פיס, סיי די הענט האָבען זיך אַנטזאָגט מיר צו דינען און

אונטער'ן געוויש פון די די בכיות און יללות מיט וועלכע מיינע עלטערען און ביידע שוועסטער האבען מיך אויפגענומען, בין איך אַ טויט־מידער אוועקגע־פאַלען אויפ'ן בעט.

די בני־בית זענען אַוועק אין שוהל אריין צו „כל נדרי'' און איך האָב מיט אַ האַלבען מויל געזאָגט „כל נדרי'' ליגענדיג אין בעט, בעת ביי די ערשטע פסוקים פון שמנה עשרה האבען זיך מיינע אויגען געשלאָסען און איך בין איינגעשלאָפען.

# יום כפּור אויפ׳ן בוידעם

כאור הבוקר האָב איך אויפגעוואַכט. איך האָב געשפּירט מורא׳דיגע וועהטאָגען אין יעדען אבר און איך בין געווען באַהערשט פון אן אומבאַשרייבליכער מורא: איך האָב זיך געשראָקען פאַר מיינע אייגענע רעיונות, פאַר׳ן „הסתלקות הדעת״ אין מיין מח; איך האָב מורא געהאַט צו בלייבען אין הויז טאָמער וועט מען פון דער געסטאַפּאָ מיך קומען נעמען אויף אַרבייט און כ׳האָב אויך מורא געהאַט צו געהן אין שוהל אריין, טאָמער וועט מען מיך „כאַפּען״ אויף אַרבייט פון דער גאַס.

אויף דער הבטחה און אויף דעם אפּמאַך וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען קהילה־פאַרשטעהער און דער קאָמענדאַנטור, אַז מ׳זאָל לכבוד יום־כפּור ניט נעהמען קיין אידען אויף אַרבייט, האָב איך קיין געוויכט ניט געלעגט. ביי מיר איז געווען רעכט, אַז ניט קוקענדיג דערויף וואָס אידען האָבען צוגע־שטעלט אויף יום־כפּור קריסטליכע ארבייטער און טראָץ דער פיינער „אפּותיקא״ וואָס די געסטאַפּאָ האָט באַקומען „אין דער יד אריין״ — זאָל די געסטאַפּאָ ברעכען דעם „אפּמאַד״ און, להכעיס, כאַפּען פון דער גאַס אידען אויף אַרבייט.

האָב איך גענומען א מחזור און בין אַרויף אויפ׳ן בוידעם פּראָווען יום־כפּור. זייענדיג איינער אליין אויפ׳ן בוידעם איז ביי מיר נתעורר געוואָרען אַ חשק צו התבודדות, צו זעלבסטפאַרטראַכטונג; איך האָב געטראַכט וועגען ירידות און עליות, וועגען דעם „אדם העליון״, דעם איבערמענש . . . וועגען מיין פער־זענליכער „ירידה״ וואָס האָט מיך דערפיהרט צו דער „עליה״ — אויפ׳ן בוידעם . . . וועגען „תשובה עילאה״, וועגען „נקודה תחתונה״, וואָס איז מסתמא דער קעלער און „נקודה עליונה״ וואָס איז בבחינת „בוידעם״; וועגען דעם כביכול, וואָס איז א „מוריד ויעל״, וועגען דעם „תוקף הגליות״, וועגען דעם באַנקראָט פון דער מענשליכער ציוויליזאַציע וכדומה . . .

דורך די שפּאַרונעס האָב איך געכאַפּט אַ קוק אויף דער גאַס. איך האָב געזעהן, אַז עס איז יום־כפּור׳דיג אין שטאָט: קיין אידען זענען אויף דער גאַס ניטאָ, די גאַס איז איינגעוויגט אין יום־כפּור׳דיגער שטילקייט, וועלכע ווערט צייטענווייז איבערגעריסען פון האסטיגע זעלנערישע טריט. זייערע טריט הילכען אָפּ אין מיינע אויערען און עס ווערט מיר מאָדנע אומהיימליך. איך דערשרעק זיך פאַר אָט דער אומהיימליכקייט און איך האָב מורא צו בלייבען אליין אויפ׳ן בוידעם.

איך עפען אויף דאָס מחזור און איך באַשליס צו דאַווענען. עס איז מיר פריקרע און איך קען עפּעס ניט שלום מאַכען מיט׳ן געדאַנק צו דאַווענען ביחידות.

מיר קומט אויפ׳ן זינען א מאמר חז״ל: די חז״ל זאָגען אין יבמות מ״ט, אויפ׳ן פּסוק „בכל קראינו אליו״, אַז דאָס מיינט מען די „עשרה ימים שבין ראש השנה ליום הכפורים״, כלומר: אַז אין די צעהן טעג פון ראש־

השנה ביז יום־כפור איז די תפילה פון אַ יחיד מסוגל אויפגענומען צו ווערען פונקט ווי פון אַ רבים.

און ווידער טראַכט איך: דער „ועניתם את נפשותיכם" באַשטעהט דאָך פון פינף ענויים, טאָ צו וואָס מוסיף זיין נאָך אַ „ענוי", — פון ניט דאַווענען בצבור? און עס ווערט אין מיר נתעורר אַ חשק צו דאַווענען.

איך האָב געדאַווענט צוערשט שטיל, כמעט אין זיך, אָהן כוחות, אָבער דאָס שטילע קול מיינס האָט מעורר געווען די כונה און מיינע כוחות האָבען זיך באַנייט. איך האָב שטופענווייז געהעכערט ס'קול און די דבורי התפילה האָבען גענומען פליסען מעומק הלב; איז אַן עת צרה דאַווענט זיך גאָר אַנדערש ווי אין „נאָרמאַלע" צייטען. אין „אבנאָרמאַלע" צייטען איז די תפילה אַ „נאָרמאַלע"... יעדער וואָרט איז מעורר רחמים רבים און חסדים גדולים און איך קען זאָגען, אַז איך האָב תפילה געטאָן בשלימות, אָהן זייטיגע פניות און אָהן שום מחשבות זרות וואָס זאָלען מבטל זיין די כונת־התפילה.

די טרערען און אויך די דבורי התפילה האָבען געטריפט ווי פרישער טוי: ריינע, צאַרטע, לויטערע, ערליכע ווערטער, ריינע, צאַרטע, לויטערע, ערליכע טרערען.

ביידע, די טרערען און די ווערטער, האָבען זיך איינע די אַנדערע משלים געווען און מיר דוכט, אַז יענער יום־כפור איז געווען דער ערשטער יום־כפור אין מיין לעבען אין וועלכען די דבורי־התפילה האָבען באַקומען זייער אמת'ן תיקון, זייער ריכטיגע אויסטייטשונג און עס איז אין מיר פאַרגעקומען אַ גרויסע התחדשות לטובה. איך האָב מפסיק געווען די תפילה און האָב זיך גענומען אריינ־טראַכטען אין דעם כח און אין דעם סוד פון נצח ישראל:

אין וואָס פאַרט — האָב איך אַ טראַכט געטאָן — באַשטעהט דער כח און דער סוד פון נצח ישראל?!

און איך האָב זיך אליין געענטפערט:

— אונזער כח איז אַ מעטאַפיזישער, אַן איבערנאַטירליכער, אַן אומפאַרגענג־ליכער, אַן א י י ב י ג ע ר!...

דער דאָזיגער באַוואוסטזיין האָט מיר געגעבען פרישען גלויבען און פרישען מוט און מיין האַרץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט טיף־אינערליכער פרייד, מיט נחת און מיט שלוה.

עס איז מיר אַזוי גוט געוואָרען, אַז איך האָב אַזש פאַר נחת קיין שום ענויים ניט געשפירט; עס האָט געהאַלטען דערביי, אַז איך זאָל שיעור ניט פאַרגעסען אין דעם „ועניתם את נפשותיכם", אָבער אַ פאַרזיכטיגער שטילער שאָרכען האָט צושטערט מיין שטילע רוה. איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקען, ניט אַנדערש, האָב איך געטראַכט, אַז מיין תפילה בקול רם איז אויפגעכאַפּט געוואָרען פון געסטאַפּאָ־אַגענטען און איצט נישטערען זיי דאָ אַרום... עס האָט גענומען אַ קליינע וויילע און מיין שוועסטער האָט זיך באַוויזען; מיט שטילע, צאַרטע און פאַרזיכטיגע טריט איז זי צו מיר צוגעקומען, ראשית אַ קוק געטאָן וואָס איך טו, ווי דער תענית געהט מיר און צווייטענס האָט זי מיר געבראַכט אַ בשורה:

אז מיין חבר מענדעל שויס געפינט זיך אין דוקלא, ער איז אנטלאפען פון פשעמישל און ער איז אומגעדולדיג מיך צו זעהן.

איך האב באפוילען מיין שוועסטער אז זי זאל איהם ארויפשיקען צו מיר אויפ׳ן בוידעם. עס האט לאנג ניט גענומען און ער איז ארויפגעקומען.

זיין דערשלאגענקייט און זיינע אומעטיגע אויסגעלאשענע אויגען האבען אויף מיר אנגעווארפען א פחד, די רוה האט אויסגערונען און א געפיהל פון אומרוה האט מיך באהערשט.

מיין פשעמישלער חבר האט מיר דערציילט, אז ער האט זיך קוים מיט׳ן לעבען געראטעוועט, אז אין פשעמישל האט מען אויסגעשלאכטעט 600 אידען, און ער האט מיר אנגעהויבען אויסרעכענען נעמען פון מיינע באקאנטע: דער ראב״ד, דער גאון ר׳ הירש גלאזער, א זקן פון 78 יאהר, וואס האט געקענט גאנץ ש״ס בעל פה.

ר׳ זיידעלע, דעם בעלזער רבי׳נ׳ס אן אייניקעל, זיינער א זוהן מיט אן איידעם וכדומה.

איך האב איהם געפרעגט ווי אזוי דאס איז פארגעקומען און ער האט מיר דערציילט:

„די נאציס האבען באפוילען, אז אלע אידען זאלען פארלאזען די הייזער און זיך פארזאמלען אויפ׳ן מארק־פלאץ און די יעניגע וואס וועלען געפונען ווערען אין די הייזער וועלען גלייך אויפ׳ן ארט דערשאסען ווערען. די הייזער, האבען די נאציס באפוילען, טארען ניט געשלאסען ווערען.

„איבער 600 אידען זענען זיך צוזאמענגעקומען. די נאציס האבען אנגע־שטעלט אויף דער צוזאמענגעטריבענער עדה אידען, קוילענווארפער און איידער עס איז געגעבען געווארען דער באפעל צו שיסען האט דער 78־יאהריגער גאון ר׳ הירש גלאזער זיך אפגערופען צום הויפט פון די געסטאפא־העלדען:

„...איהר זענט דאך ניט קיין סתם רוצחים, מסתמא אז איהר האט בדעה אויסצושיסען גאנצע 600 מענשען אויפאמאל, גלויבט איהר אויפריכ־טיג, אז די מענשען האבען פארדינט דעם טויט, וויל איך אייך זאגען, אז די מענשען זענען נעבאך אומשולדיג. שולדיג בין איך, זייער מנהיג, דאס האב איך זיי אזוי דערצויגען!... מיך זאלט איהר דערשיסען און ניט די אומשולדיגע אידען!״

„האט דער געסטאפא־העלד זיך אפגערופען צום גאון:

„דערפאר וואס דו האסט זיי אזוי פיין דערצויגען, וועסטו באלוינט ווערען דערמיט, וואס דו וועסט מיט דיינע אויגען צוזעהן ווי אזוי דיינע „שעפעלאך״ ווערען אומגעבראכט און דיך, דעם פאסטוך, וועלען מיר דעם לעצטען אומ־ברענגען״.

מיין חבר האט א זיפץ געטאן און האט פארגעזעצט:

„גלייך נאכדעם איז דער באפעל צו שיסען געגעבען געווארען. א האגעל פון קוילען האט זיך אראפגעלאזט איבער די קעפ פון דעם צוזאמענגעטריבענעם עולם; זייערע קולות „שמע ישראל!״ האבען זיך געטראגען עד לב השמים

און נאַכדעם האָט מען זיך גענומען צום גרייז־גרויען גאון: מ'האָט איהם אויפ־געשניטען דעם בויך און מיט א שפּיז ארויסגענומען די קישקעס״.

ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז ער האָט געזעהן ווי די נאַציס האָבען אומ־געבראַכט ר׳ פנחס העמערלינג, דעם ראש־בית־דין פון יאַראָסלאַוו, מיט זיין איידעם הרב שמואל מייזעלס פון פּשעמישל.

איך בין געוואָרען שטאַרק דערשיטערט פון מיין חבר׳ס בשורה און בכדי איך זאָל ניט צוזאַמענברעכען, האָב איך זיך גענומען דאַווענען מנחה.

אָבער דאָס מאָל האָב איך שוין ניט געפיהלט קיין טעם אין דער תפילה. מיינע אויערען האָבען שוין ביי תפילת־מנחה ניט געהערט וואָס דאָס מויל רעדט . . . די דבורי־התפילה האָבען שוין קיין התקשרות ניט געהאַט מיט דער מחשבה, מחמת די מחשבה איז געווען באַשעפטיגט אַרום די אומגעבראַכטע קדושים פון פּשעמישל און יאַראָסלאַוו. פאַר מיינע אויגען זענען זיי מיר די גאַנצע צייט געשטאַנען, ווי זיי וואָלטען פון מיר פאַרלאַנגט איך זאָל נקמה נעמען פאַר זייער אומשולדיג־פאַרגאָסענעם בלוט . . .

ביים פאַרענדיגען שמונה־עשרה האָב איך געוואָרפען א זייטיגען בליק צו מיין חבר, ער איז געלעגען אַז אויסגעצויגענער אָנגעשפּאַרט מיט׳ן קאָפּ אויף אַ באַלקען און האָט געדרימעלט. זיין פּנים איז געווען געל־בלאַס און עס האָט געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ בר־מינן. איבער זיין פּנים האָבען פאָסענווייז גע־לויכטען זונענשטראַלען, וועלכע האָבען זיך ווי דורכגע׳גנב׳עט דורך די שפּאַרונעס פון בוידעם.

די זונענשטראַלען האָבען גענומען איינשרימפּען, איך האָב א קוק געטאָן אויפ׳ן זייגער, דער זייגער האָט געוויזען, אַז עס איז שוין קרוב צו נעילה.

איך האָב זעהר פאַרזיכטיג אויפגעוועקט מיין חבר און האָב איהם פאָרגע־שלאָגען, אַז מיר זאָלען ארונטערגעהן פון בוידעם, מחמת אין אָוונט איז מען זיכער ניט געכאַפּט צו ווערען אויף אַרבייט.

# איך ווער געכאַפּט אויף אַרבייט

דוקלער אידען האבען בה"ש גובר געווען א סך מניעות: זיי האבען גובר געווען די מניעה וואס איז געווען פארבונדען מיט תקיעת־שופר, מיט כפרות שלאגען, מיט חלול יום הכפורים וכדומה און גלייך נאך יום־כפור האט זיך גע־נומען קאכען אין שטאט מיט סוכות: יא בויען אַ סוכה, ניט בויען קיין סוכה? צי מ'וועט יא בויען, אדער מ'וועט ניט בויען קיין סוכות, דערווייל, עד לחשבון, זענען דוקלער אידען אַוועק איינהאַנדלען סכך ביי באַקאַנטע פויערים און עס איז געוואָרען אַ יקרות אויף סכך, דער קורס פון סכך האט געהאַלטען אין איין שטייגען און אידען האבען זיך ניט אפגעשטעלט אויף קיין פרייזען, מ'האט געצאָלט „אין טאג אריין" און מ'האט זיך באַזארגט מיט סכך! . . .

באַזארגט זיך מיט סכך האט מען מען גענומען זוכען תחבולות, אַז קהל זאל חלילה ניט בלייבען אָהן אַן אתרוג אויף יום־טוב, אַן אתרוג מיט אַ לולב — דאס מוז מען, למען השם, באַזארגען! אַזוי איז געווען דער איינשטימיגער באַשלוס פון דער קהילה.

אין שטאָט איז געווען אומרואיג: מענשען זענען געכאַפּט געוואָרען אויף אַרבייט; פאַרשידענע קלאַנגען האבען זיך געטראַגען אינדערלופטען:

איין קלאַנג האט געלויטעט, אַז ווארשע איז געפאַלען; אַ צווייטער קלאַנג האט געלויטעט, אַז פון קראסנא און פון רימאַנאָוו (קיין רימאַנאָוו איז דער זיידע אַנטלאָפען) האט מען אַלע אידען בערום ובחוסר כל, אַרויסגעטריבען אין דער ריכטונג פון דער סאָוועטישער גרעניץ. די קלאַנגען זענען געקומען פון רימאַנאָ־ווער און קראסנער פליטים, וואס האבען זיך געראַטעוועט קיין דוקלאַ.

מיינע אַ באַקאַנטע פריילין, רחל בלעכנער, וועמענס הויז די נאַציס האבען רעקוויזירט פאַר זייער הויפּט־קוואַרטיר, האט מיר פאַרטרויעט אַ סוד, אַז זי האט נעכטען פאַרבראַכט מיט'ן קאַמענדאַנט אין אַ „פריינדליכען" געשפרעך, האט דער קאַמענדאַנט צווישען אַנדערעס, זי אַ פרעג געטאָן:

— וואס וואָלסטו געזאגט ווען איך וואָלט באַפוילען די דוקלער אידען אַז זיי זאָלען פאַרלאָזען די שטאָט און קרייצען דעם רוסישען גרעניץ?

מיט אַן ענליכער געשיכטע איז אויך מיין שוועסטער אַהיימגעקומען. זי האט דערציילט, אַז זי האט געהאַט אַ געשפרעך מיט אַ זעלנער בעת ער האט ביי איהר איינגעהאַנדעלט אַן אַרטיקעל סחורה, דער זעלנער האט איהר גע'עצה'ט אַז זי זאָל ווי אַמשנעלסטען פאַרוואַנדלען איהר סחורה אין געלט, מחמת זי וועט בקרוב במילא מוזען איבערלאָזען די סחורה אויף גאָט'ס באַראַט און לויפען צום סאָוועטישען גרעניץ.

און ניט געקוקט אויף אַט די אַלע אַלאַרמירענדיגע קלאַנגען, וועלכע האבען געהאַלטען געשפּאַנט די באַפעלקערונג, האט זיך געטאָן חשד אין שטאָט מיט'ן

אתרוג און מיט׳ן לולב. באַזונדערס האָט זיך גע׳רעש׳ט דער אַלטער ר׳ רפאל. ער האָט ממש מרעיש עולמות געווען „מ׳זאָל מעורר זיין דעם חשק, בכדי דער חשק זאָל גובר זיין די מניעה״ און ער האָט פאַרגעשלאָגען, אַז אימיצער זאָל קריכען בגניבה דעם סלאָוואַקישען גרעניץ און ברענגען פון לוהמיר אַן אתרוג מיט אַ לולב . . . ר׳ שמואל־בער דער שמש האָט זיך גלייך געמאָלדען, אַז ער איז מוכן ומזומן דורכצופיהרען דאָס שליחות און דער אַלטער ר׳ רפאל האָט איהם מבטיח געווען, אַז עס וועט איהם חלילה קיין בייז ניט געשעהן, מחמת „שלוחי מצוה אינן נזוקין״ און „שומר מצוה לא ידע דבר רע!״

ר׳ שמואל־בער דער שמש האָט נאָך די זעלבע נאַכט געשוואַרצט דעם גרעניץ און די גאַנצע שטאָט האָט תפילה געטאָן, תהלים געזאָגט, אַז ער זאָל בשלום דורכפיהרען זיין שליחות.

באַזאָרגט פון דעם שמש שמואל־בער׳ס געוואַגטקייט און אויך פון די שרעקליכע קלאַנגען, בין איך אויפ׳ן צווייטען טאָג אַרויס אין גאַס געוואויר ווערען חדשות.

אַפגעגאַנגען אַ פאָר טריט האָט זיך צו מיינע אויערען דערטראָגען דער באַקאַנטער „יודע! קאָמען זי מיט!״

דער דאָזיגער אויסרוף, אַדרעסירט צו מיר, האָט מיך שטאַרק דערשראָקען און ניט אָפגעבענדיג זיך קיין דין וחשבון וואָס איך טו, האָב איך גענומען לויפען וואוהין די אויגען האָבען מיך געטראָגען.

איך בין געלאָפען וואָרפענדיג אַ בליק הינטער זיך און כ׳האָב געזעהן ווי אַ זעלנער שטעהט מיט אַ ביקס אין דער האַנט אָנגעצילט אויף מיר. איך האָב באַגריפען די געפאַר און בין געבליבען שטעהן מיט די הענט אַרויף.

דער סאָלדאַט אַז מיר זיגעריש אַנטקעגענגעקומען און האָט היסטעריש אויסגעשריגען: „דרעקישער יודע! וואָרום זינד זיע אַנטלאָפען?!״

איך האָב איהם גאָרניט געענטפערט.

מיין שווייגען האָט איהם אַריינגעבראַכט אין ווילדען צאָרן און ער האָט מיך געשלאָגען מכת רצח. אָפגעפאַרטיגט זיך מיט די קלעפּ, האָט ער גענומען געהן פאָראויס און האָט מיר געהייסען נאָכפאָלגען.

איך האָב איהם נאָכגעפאָלגט. געהענדיג האָט ער מיט מיר פאַרפיהרט אַ געשפרעך:

— דרעקישער יודע! האָבען יודען קריג געוואָלט?

— ניין! יודען האָבען קיין קריג געוואָלט — האָב איך געענטפערט.

מיין ענטפער האָט איהם אויפסניי אַריינגעבראַכט אין כעס און ער האָט מיר אויפסניי צוגעטיילט אַ פאַרציע קלעפּ פאַדערענדיג, אַז איך זאָל זאָגען: „יודען האָבען יאָ קריג געוואָלט!״

באין ברירה, האָב איך בקול רם צוגעגעבען, אַז „יודען האָבען יאָ קריג געוואָלט!״

— האָבען יודען דעם קריגס־פאָנד געשטיצט? — האָט ער מיר אַ פרישע פראַגע געשטעלט.

איך האָב איהם גאָרניט געענטפערט.

מיין שווייגען האָט איהם מורא׳דיג געערגערט. ער האָט געברענט פון כעס און רציחה און ער האָט מיר באַפוילען, אַז איך זאָל בקול רם שרייען:
„איש בין איין דרעקישער יודע!״

אויף אַזאַ באַליידיגונג האָב איך קיין חשק ניט געהאַט איינצוגעהן און איך האָב זיך קאַטעגאָריש אַנטזאָגט אויסצופאָלגען זיין באַפעל. פאַרשטענדליך, אַז דאָס האָט איהם נאָך מעהר אריינגעבראַכט אין כעס און ער האָט מיך גענומען ממית׳ן, הרג׳ענען און שלאָגען שרייענדיג מיט באַגומענע קולות:
„זי׳ע מוזען זאָגען: איש בין איין דרעקישער יודע!״

דאָס בלוט פון מיין צו׳מזיק׳טען פנים האָט זיך געגאָסען, פון ביידע זייטען גאָס זענען געשטאַנען קריסטליכע און אידישע צושויער, וועלכע האָבען באַטראַכט דעם „ספּעקטאַקעל״. איינער פון עולם האָט זיך צו מיר אָפּגערופען:
„רבי! מיר זענען אויף אייך גוזר אין נאָמען פון קהל, איהר זאָלט טאָן אַלץ וואָס מ׳הייסט אייך און ניט אומברייינגען קיין נפש מישראל; ער וועט אייך חלילה דער׳הרג׳ענען!״

באין ברירה האָב איך געזאָגט בלחש: „איך וויל ניט זאָגען״ און בקול רם האָב איך אויסגעשריגען: „איך בין איין דרעקישער יודע!״

מיין באַגלייטער האָט „געזיגט״, זיין צאָרן האָט זיך געמילדערט און מיר האָבען פאָרטגעזעצט דעם גאַנג. ער האָט מיך ארויסגעפיהרט אונטער׳ן שטאָט.

מיר איז דורכגעלאָפען אַ געדאַנק, אַז ער וועט מיך אָט דאָ אויפ׳ן פרייען פעלד חלילה דערשיסען, האָב איך איהם אַ פרעג געטאָן וואוהין ער פירט מיך. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער פירט מיך אויף אַרבייט, קאַרטאָפעל צו גראָבען.

אונזער גאַנג האָט נאָכדעם אָנגעהאַלטען אַן ערך 10 אדער 15 מינוט ביז מיר זענען צוגעקומען צום ארבייטס־פּלאַץ. וואו איך האָב געטראָפען אַ היבשע צאָל אידישע און פוילישע ארבייטער, רעגיסטרירטע פון פריהער און אויך פון גאַס געכאַפּטע. די געכאַפּטע האָט מען געקאָנט דערקענען לויט די בלוט־צייכענס אויף די פנימ׳ער . . .

די ארבייטער האָבען געטאָן זייער אַרבייט בשלימות אונטער דער השגחה פון אוניפאָרמירטע געסטאַפּאָ־משגיחים.

מיין באַגלייטער האָט מיר קודם כל דערלאַנגט אַ „פאַרפאַר אין דער מאָרדע און נאָכדעם האָט ער מיר באַפוילען בקול רם, אַז איך זאָל זיך גלייך נעמען צו דער אַרבייט און איך זאָל ניט „מאַרקורירען״, ניט לאָזען געהן אין ניוועץ קיין איין קאַרטאָפעל אפילו, ווייל דאָס קאַרטאָפעל געהער צו די „זיגער פון דאָס דריטע רייך!״ . . .

אויפ׳ן פרייען פעלד האָט זיין באַפעל מעכטיג און וויט אָפּגעקלונגען און אַ ווידערקול האָט איהם וואָרט און וואָרט ווידערהאָלט, קאַנטיג, אַז דאָס ווידערקול איז איהם שטאַרק געפעלען געוואָרען און ער האָט די לעצטע ווערטער אויפסנייע און מיט נאָך מעהר גרילץ אין דער שטימע ווידערהאָלט:
„יאַהוואָל! אַלץ געהער צו די זיגער פון דאָס דריטע רייך, הייל היטלער!״

איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבייט. מיין משגיח איז אַוועק השגחה געבען אויף אַנדערע אַרבייטער און זיין קול האָט זיך געלאָזט הערען מעכטיג און

זיגעריש! . . . אַ צווייטער מַשגיח, בפירוש אַ יונגער מענש, איז צו מיר צוגעקומען און האָט מיר, אין אַ זעהר געלאַסענעם טאָן געזאָגט, אַז אין פאַל מיין ערשטער משגיח וועט מיר עפּעס באַפעלען, זאָל איך איהם גאַרניט ענטפערען, מחמת ער איז „אַ מערדער" . . . אגב האָט ער מיר דערציילט, אַז ער איז פון דיסעלדאָרף און אַלע האָבען פאַר איהם מורא . . .

עס האָט גענומען געציילטע מינוטען און דער „דיסעלדאָרפער מערדער" איז צו מיר צוגעקומען, מיט רוגזה אין קול האָט ער מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז מיין אַרבייט איז ניט צופרידענשטעלענד . . . אַז איך מיסברויך דאָס „אייגענטום פון דאָס דריטע רייך" . . . און ער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז גאָר אינגיכען וועט „מיסטער טשעמבערליין גראָבען קאַרטאָפעל צוגלייך מיט דיר, דרעקישער יודע!"

זיין זיגעריש קול האָט מעכטיג און ווילד אָפּגעקלונגען איבער'ן פרייען פעלד, דאָס ווידערקול האָט ווידערהאָלט זיין יעדען וואָרט, און עס איז געווען צו מערקען אויף זיין פּנים, אַז ער איז שטאַרק צופרידען.

אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען פון איין אַרבייטער צום צווייטען, און ווי אַ ווילדע חיה נאָכ'ן פאַרצוקען — געלאָזט הערען זיין זיגעריש קול, וועלכעס האָט אַנגעוואָרפען אַ פּחד ניט נאָר אויף אונז, די „באַזיגטע", נאָר אפילו אויף די „זיגער" פון קלענערען ראַנג, וועלכע זענען איהם געווען אונטערוואָרפען . . .

די אַרבייט האָט אַנגעהאַלטען ביז אַרום 5 אַזייגער פאַרנאַכט.

אריינקומענדיג אין שטאָט אריין האָב איך, אויף מיין וועג אַהיים, אַנגעטראָפען אויף אידען מיט שיינענדיגע, חדוה'דיגע פּנימ'ער. אַ שטילע, באַהאַלטענע, אָבער טיפע פרייד האָט אַרויסגעשטראַלט פון די אַלע, וואָס זענען מיר אַנטקעגענגעקומען.

איך האָב זיך געוואונדערט, ניט אַנגעהויבען צו באַגרייפען וואָס מיט די אידען טוט זיך, האָב איך זיך גענומען נאָכפרעגען און ביך געוואויר געוואָרען, אַז ר' שמואל בער דער שמש איז בה"ש בשלום צוריקגעקומען פון לודמיר מיט אַ לולב און אַן אתרוג אַ „הידור", . . . אַ „יופי", וואָס מ'זעהט עס ניט אויף אַ האַלבער וועלט! . . .

# אומזיסטע שרעק

די גאנצע שטאט איז געווען מלא שמחה מיט׳ן אתרוג און מיט׳ן לולב. אויך איך בין אנגעשטעקט געווארען מיט דער אלגעמיינער שמחה. יענע נאכט בין איך רוהיג איבערגעשלאפען און אינדערפריה, נאכ׳ן דאווענען, בין איך ארויס אין גאס אריין.

אין שטאט איז געווען א גערודער, די שמחה איז פארשוואונדען. נייע פלא־קאטען האבען צושטערט די שמחה.

די פלאקאטען האבען געלויטעט אז אלע אידען זאלען ביז 11 אזייגער פאר מיטאג זיך צוזאמענקומען לעבען דער סטאראסטווא.

איך האב אין דעם נייעם באפעל געזעהן א גירוש אויף אידען לויטן מוסטער פון קראסנע, רימאנאוו, פשעמישל וכדומה און אזוי האבען אויך אנדערע אויסגע־טייטשט דעם מיין פון די פלאקאטען און עס האט געהערשט א פאניק אין שטאט: טייל מענשען האבען געהאלטען אז מ׳זאל אויספאלגען דעם באפעל, בעת אנ־דערע האבען געהאלטען אז עס האט ניט קיין זין צו געהן דעם טויט אנטקעגען.

מיר איז געקומען אויפ׳ן זינען דער גאון ר׳ צבי־הירש גלאזער וועמען די נאצים האבען, אין מיטען מארק, אין פשעמישל, אויפגעשניטען דעם בויך נאכ־דעם ווי זיי האבען אומגעבראכט גאנצע זעקס־הונדערט אידען און איך האב זיך געטראכט: מיט וואס בין איך עפעס חשוב׳ער פאר׳ן גאון ר׳ צבי הירש? און איך האב באשלאסען צו געהן צו דער סטאראסטווא; אויף מיר קוקענדיג זענען א סך אידען געגאנגען און, צו דער באשטימטער צייט, איז דער דרויסענדיגער פלאץ ארום דער סטאראסטווא געווען פארפולט מיט אידען.

א געסטאפא־פארשטעהער האט אדרעסירט דעם עולם; ער האט פייערליך דערקלעהרט אז פוילען׳ס סוף איז געקומען, אז פוילען וועט שוין קיינמאל קיין תחית־המתים ניט אויפשטעהן; אז דאס סאוועטישע מיליטער האט — אויף דער איינלאדונג פון דריטען רייך — געקרייצט דעם פוילישען גרעניץ בכדי „מיר פון איין זייט און אונזער מעכטיגער, רייכער סאוועטישער שכן פון דער צווייטער זייט — זאלען איינשטעלען ארדנונג אין לאנד פון די פוילישע שליאכטעס וועלכע זענען אומפעהיג אליין צו פארוואלטען דערמיט.״

און ער האט, אין א זעהר פריינדליכען טאן גענומען אונז אפגעבען דין וחשבון ווי אזוי די איינטיילונג פון די גרעניצען צווישען די סאוועטען און דעם דריטען רייך איז ארגאנזשירט געווארען און אויסגעלאזט האט ער, אז „די יודען מוזען גוט זיין!״ אויב די אידען — האט ער געזאגט — וועלען גוט זיין, וועט ער אויך גוט זיין און אויב די אידען וועלען שלעכט זיין, וועט ער נאך ערגער זיין! . . .

נאכדעם האט ער געמאכט אז אפיל פאר קאסעס, סערפען, לאפעטעס און

אַנדערע פעלד־מכשירים און האָט זיך מיט אַ „הייל היטלער!״ פאַרנויגט פאַר׳ן עולם.

דער עולם איז זיך צוגאַנגען אהיים אין אַ לעבהאַפטער שטימונג. אין דעם געלאַסענעם טאָן מיט וועלכען דער עולם איז אַדרעסירט געוואָרען האָבען אַ סך פון אונז געזעהן אַ וואונק פון סטאַלינ׳ען צו היטלער׳ן, אַז ער זאָל מילדערן זיין אַנטי־אידישע פּאָליטיק, בעת אַנדערע האָבען געטייטשט דעם פּשט, אַז עס האָט לחלוטין ניט צו טאָן מיט סטאַלינ׳ען, נאָר היטלער אַליין האָט באַשלאָסען זיך איינצוקויפען אין יחוס ביי אידען . . .

אויף מיין וועג אהיים האָב איך אָנגעטראָפען אויף אַ באַקאַנטען פּאָליאַק, וועלכער איז אַריבערגעקומען פון דער סאָוועטיש־אָקופּירטער טייל: דער פּאָליאַק האָט מיט באַדויערונג אין קול מיר דערציילט, אַז אין דער סאָוועטיש־אָקופּירטער טייל איז „דער אידישער משיח געקומען״, בעת אין דער נאַצי־אָקופּירטער טייל איז „דער אוקראַינישער משיח געקומען״ אָבער, האָט ער אויסגעלאָזט, „דער פּוילישער משיח איז נאָך ניט געקומען!״ דערביי האָט ער מיר דערציילט אַז די פּאָליאַקען זיינען געוואָרען בעלי־תשובה און האָבען חרטה פון גאַנצען האַרצען אויף די עוולות וואָס זיי זענען באַגאַנגען קעגען אידען. אַז די פּאָליאַקען זעהן אין פּוילענס אונטערגאַנג אַן „אצבע אלקים״ . . . ער האָט דערציילט אַז ער האָט געשמועסט מיט אַ סך פּויערים און כמעט אַלע זענען ביים גלויבען אַז פאַר די 16 פליישלאָזע טעג דורך וועלכע אידען האָבען אויסגעדריקט זייער פּראָטעסט קעגען דער שחיטה־גזירה — איז פּוילען אונטערגעגאַנגען אין אַ משך פון זעכצעהן טעג . . .

זיינע רייד האָבען געקלונגען אויפריכטיג און טרערען האָבען זיך באַוויזען אין זיינע אויגען.

איך האָב איהם געטרייסט מיט דער פאַרזיכערונג, אַז פּוילען וועט נאָך זיין אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה, בראש פון וועלכער עס וועלען שטעהן ערליכע פאָלקס־פירער וועלכע וועלען ניט פירען קיין פּאָליטיק פון אויפרייצען איין טייל פון דער באַפעלקערונג קעגען דער צווייטער און מיר האָבען זיך האַרציק געזעגענט. ער איז זיך אַוועק זיין וועג, בעת איך בין מיר אַוועק מיין וועג — אהיים.

אויפ׳ן וועג אהיים איז מיר איינגעפאַלען אַ געדאַנק צו קרייצען דעם סאָוועטישען גרעניץ און זיך דערשלאָגען קיין ווילנא צום גאון ר׳ חיים־עוזר.

דער דאָזיגער געדאַנק איז צו מיר געקומען ווי אַן אַנטפּלעקונג און איך בין, אין גרויס איילעניש, אַוועק אהיים און האָב דערציילט מיינע עלטערען וועגען מיין פּלאַן.

מיינע עלטערען און ביידע שוועסטער האָבען צו מיר שטאַרק אַפּעלירט אַז איך זאָל אויפגעבען מיין פּלאַן, מחמת „דער דייטש מענשעלט זיך אויס און עס וועט נאָך איה״ש גוט זיין!״.

# איך באַזוך די געסטאַפּאָ

דער חשק צו קרייצען דעם סאוועטישען גרעניץ איז ביי מיר — ניט קוקענ־דיג אויף דער רעאקציע פון די בני בית — ניט אויסגעוועפּט געוואָרען. איך בין באהערשט געוואָרען פון א מין וואנדער־לוסט וואָס האָט זיך געהאלטען אין איין שטארקען, חוץ דעם האָב איך געוואָרפען א גרויסען אומ׳חן אויף די נאציס און האָב פארלוירען דעם גלויבען אין זייער „מענשליכקייט״; אזא גלויבען האָב איך באטראכט פאר אומווירדיק און איך האָב זיך מיט לייב און לעבען באמיהט אויסצו׳פּועל׳ן ביי מיינע עלטערען זייער הסכמה אויף מיין שריט.

איז צווישען מיר און די בני־בית אנגעגאנגען א מין „געפעכט״: מיין פאטער, נ״י, האָט אויף מיר גוזר געווען בגזירת אב אז איך זאָל זיך „ארויסשלאָגען דאָס משוגעת פון קאָפּ״ און די מאמע ת׳, זעהענדיג אז מיט שלעכטען קאָן מען ביי מיר ניט פּועל׳ן, האָט זי, מיט טרערען אין די אויגען, אפּעלירט צו מיר אז איך זאָל אויפגעבען דעם געדאנק פון פארלאָזען די היים און ניט מורד זיין אין איהר רצון, אויף איהר קוקענדיג האָבען אויך ביידע שוועסטער געקלאָגט און געוויינט און איך האָב זיך קיין עצה ניט געקאָנט געבען . . .

א „גליק״ וואָס די טיר האָט זיך געעפענט און דער אידישער פּאליציייער, לייזער זילבערבערג, איז אריינגעקומען און האָט מיר געלאָזט וויסען אז דער קאָמענדאנט אליין, בכבודו ובעצמו, פאָדערט מיך אויף איך זאָל גלייך אריבער־קומען אין דער הויפּטקוואַרטיר פון דער געסטאַפּאָ.

ניט געקוקט אויף דעם וואָס די נאציס „מענשלען זיך אויס״ האָבען, פונ־דעסטוועגען, מיינע עלטערען געהאלטען אז איך זאָל זיך ניט מעלדען צום קאָ־מענדאנט . . . און ביי דערזעלבער מיינונג זענען אויך געווען מיינע ביידע שוועסטער.

און איך ווידער, האָב ביי זיך געטראכט: יעבור עלי מה ! . . . מיט וואָס בין איך מעהר יחסן פאר די 600 קדושים פון פּשעמישל ? ! . . . איידער בלייבען דאָ אונטער די נאציס —האָב איך געטראכט — איז שוין ליבער דער טויט, און ווידער איז מיר געקומען אויפ׳ן זינען א מאמר חז״ל :

„אפילו חרב חדה מונחת על צווארו של אדם — אל ימנע מן הרחמים!״

אפשר — האָב איך געטראכט — וועל איך גאָר אויס׳פּועל׳ן עפּעס א טובה פאר דער שטאָט ? די נאציס „מענשלען״ זיך דאָך עפּעס ! . . . און איך האָב זיך אויפגעהויבען און בין, מיט ציטערדיגע טריט, אוועק צו דער קאָמענדאַטור.

צוגעקומען צו דער דרויסענדיגער וואַך, האָב איך זיך פארגעשטעלט ווער איך בין וכדומה . . .

די וועכטער האָבען מיר באפוילען איך זאָל אויפהויבען ביידע הענט ארויף און זיי האָבען מיך באטאַפּט פון אלע זייטען, דורכגענישטערט אלע קעשענעס, אויפגעעפענט די טיר און מיר באַפוילען אריינצוגעהן.

איך בין אריין צום קאַמענדאַנט און האָב זיך פאָרגעשטעלט. דער קאַמענדאַנט, א הויכער, ברייטפּלייציגער, פעסט געבויעטער מאַן מיט אויגען וואָס לויפען הין און צוריק, האָט מיר געהייסען וואַרטען אויף צוויי הערךען פון דער „שטורם־אַפּטיילונג" וועלכע וועלען צו מיר „שפּרעכען" און אגב־אורחא האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויפ'ן ראש הקהל (פּרעזעס פון קולטוס־געמיינדע). איך האָב איהם געענטפערט אַז דער פּרעזעס איז שוין לאַנג צוריק אַוועק פון שטאָט.

דער קאַמענדאַנט האָט מיר אָנגעוויזען אויף דער טיר פון א צווייטען צימער און האָט מיר געהייסען אריינגעהן.

איך האָב געעפענט די טיר און בין אריינגעגאַנגען. דער צימער איז פול געווען מיט געסטאַפּאָ־אַנגעשטעלטע, וועלכע האָבען מיך אויפגענומען מיט אַן הילכיגען געלעכטער.

איך האָב זיך דערשפּירט ווי א שעפּעלע צווישען וועלף. איינער פון די געס־טאַפּאָ־וועלף האָט א קוועטש געטאָן א קנעפּל און 2 שטורמיסטען זיינען אריינ־געקומען. די געסטאַפּאָ אַגענטען האָבען זיך, אַלע ווי איינער, אויפגעשטעלט אין פולען סטרוי און האָבען סאַלוטירט די „שטורמער" מיט'ן נאַצי־סאַלוט:

— הייל היטלער!

— הייל היטלער!

איינער פון די שטורמער האָט זיך צו מיר געווענדעט זעהר העפליך:

— הער ראַבינער?

— יאָ!

דעם שטורמערס פּנים האָט זיך אָנגעגאָסען מיט רציחה, ער האָט אָנגעהוי־בען צו טופּען מיט די פיס, צו שרייען, ליאַרמען און פילדערען:

— דוקלא מוז ווערען יודענריין! אַלע יודען מוזען פאַרלאָזען די שטאָט אין פאַרלויף פון 16 שטונדען! גענוי: ביז מאָרגען 8 אוהר מוז דוקלאַ ווערען „יודענריין"!

און ער האָט א קנאַק געטאָן מיט דער טיר און איז אַרויס פון צימער.

איך בין געבליבען שטעהן א פאַרלוירענער, ניט וויסענדיג אויף וואָס פאַר א וועלט איך בין, דער מיט מיר געבליבענער שטורמיסט האָט מיר געגעבען איינ־סטרוקציעס ווי אַזוי צו פאַרלאָזען די שטאָט: בלויז די זאַכען וואָס מ'קאָן טראַ־גען אין די הענט מעג מען מיטנעמען מיט זיך, בעת דאָס איבעריגע איז „דאָס אייגענטום פון דאָס דריטע רייך".

ער האָט מיר דערלאַנגט א „מתנת יד" און האָט מיר געהייסען גלייך געהען און לאָזען וויסען אַלע „יודען" וועגען דער נייער גזירה, און נאָכדעם צוריקקומען מיט א גענויעם באַריכט וועגען דעם געמאָלדענער גזירה.

איך האָב קיין חשק ניט געהאַט צו זיין אין דער ראָל פון א מלאך מבשר פון אַזאַ טייערער בשורה און איך האָב זיך געזוכט אַרויסצודרייען פון דעם עסק, האָב איך אויסגעשטעלט א פּאָר אומשולדיגע תמ'עוואַטע אויגען ווי איך וואָלט לחלוטין ניט פאַרשטאַנען אין וואָס דאָ האַנדעלט זיך . . .

דער „שטורמער" איז געוואָרען מלא רציחה און האָט אויף מיר אָנגע־שטעלט א פּאָר גזלנ'ישע אויגען.

מיין הארץ האט גענומען האסטיק קלאפען און איך האב קוים ארויסגע־מורמעלט אז איך „שפרעד ניט און פארשטעה ניט קיין דויטש״.

און גלייך איז ארויס איינער פון די מיך ארומרינגלענדיגע געסטאפאָ־וועלף און האט מיר אלץ דערקלעהרט אין א זאפטיגען פאלקטימליכען פויליש.

איך האב באשלאסען צו ווערען א מליץ־יושר פאר אידען און האב אנגעהויבען צו אפעלירען צו די געסטאפא־וועלף פאר יושר, איך האב גערעדט אין נאמען פון דעם אלמעכטיגען פאר וועמען אלע וועלען סוף כל סוף באדארפען אפגעבען דין וחשבון און זעהענדיג אז מיינע ווערטער פאלען אויף טויבע אויערען, בין איך געווארען היסטעריש און האב אויסגעבראכען אין א יאמערליכען געוויין וואס איז פארוואנדעלט געווארען אין א מין רעווען פון א געקוילעטער, אבער נישט דערקוילעטער בהמה.

איינער פון די געסטאפאָוועלף האט ארויסגעכאפט זיין רעוואלווער און האט מיר באפוילען איך זאל זאגען „דאס לעצטע געבעט״ און זיך שטעלען צו דער וואנט . . .

דערהערט אזוינע דבורים האב איך פרייער אפגעאטעמט, בין געקומען צו זיך און האב אין הארצען געדאנקט השי״ת וואס איך וועל גאר בקרוב דערשאסען ווערען, מחמת מיר איז ליבער געווען צו פאלען א קרבן פון א נאצי־קויל איידער חלילה זיין דער מבשר פון אזא „בשורה־טובה״ און איך האב זיך גענומען מכין זיין צו דער הינריכטונג: כ׳האב אפגעלייענט קריאת־שמע, געזאגט וידוי און האב זיך „בשמחה רבה״, אוועקגעשטעלט מיט׳ן פנים צו דער וואנט, זאגענדיג אינדערשטיל: „תהא מיתתי כפרה לכל עוונותי״.

צוזעהענדיג מיט וואס פאר א שמחה איך נעם אויף דעם טויט, האבען די געסטאפא וועלף מיר הפנים ניט געוואלט אנטאן דעם „פארגעניגען״ און דער הינריכטער האט מיר באפוילען, מיט׳ן הארבען ווארט, אז איך זאל צוערשט דורכפירען מיין שליחות און נאכדעם זאל איך זיך קומען מעלדען צו דער הינ־ריכטונג.

# איך ווער אַ מליץ יושר פאַר אידען

איך בין כלל נישט איבער׳רעש׳ט געוואָרען פון דעם וואָס די שטורמער האָבען אָפּגעלעגט מיין הינריכטונג אויף שפּעטער; איך בין אויך ניט נתפּעל גע־וואָרען פון דעם סאַדיסטישען איינפאַל: איך זאָל זיך אַליין קומען מעלדען — נאָכ־דעם ווי איך וועל דורכפירען מיין „מיסיאָן״ — צו דער הינריכטונג.

איך בין, כ׳ווייס אַליין ניט ווי אַזוי, פלוצים, אין איין שמע ישראל, פאַר־וואַנדעלט געוואָרען אין אַ נייעם מענשען. איך בין פאַרהאַרטעוועט געוואָרען, ניט אַרויסגעוויזען קיין שום רעאַקציע, קיין שום היסטעריע, געקוקט גלייכגיל־טיג דער לאַגע אין די אויגען אַריין און איך האָב שלום געמאַכט מיט מיין דאָליע — צו ווערען דער מבשר פון אַזאַ „בשורה טובה״ ווי — אַ גירוש אויף אידען.

געוויס — האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט — איז עס דער רצון פון דער השגחה אַז אויף מיין גורל זאָל אויסטאַלען דורכצופירען אַזאַ אומדאַנקבאַרע שליחות און איך האָב זיך געווענדעט צו די שטורמער מיט אַ בקשה אַז זיי זאָלען מיר דערלויבען צו רעדען אַ פאַר ווערטער מיט׳ן קאָמענדאַנט.

דער הויפּט שטורמער איז געוואָרען מלא־רציחה, האָט מיר דערלאַנגט אַ פּאַטש און האָט אויסגעשריגען:

„ניכט מיט׳ן קאָמענדאַנט, נור מיט זיין עקסעלענץ, זיינע האָכוואָהלגעבוי־רענער גנעדיגער הערר מאַרשאַל פּריץ ראָבערט פאָל פאָן דער שולצע״! איך האָב גאָרניט געענטפערט, ניט אַרויסגעוויזען קיין שום פּראָטעסט, נאָר מיט אַנטשלאָסענעם בטול, איהם געקוקט גלייך אין די אויגען אַריין.

דער שטורמער איז נאָך מעהר אַריין אין כעס און האָט מיט מיר גענומען קנעלען „הלכות דרך ארץ״: ער האָט מיט מיר גענומען איינשטודירען דעם הויך־קלינגענדיגען טיטול פון דעם קאָמענדאַנט; מיט פאַרריסענעם שטאָלץ האָט ער עטליכע מאָל „אָפּגעשטעפּט״ דעם גלות־לאַנגען, הויך־גרילצענדיגען טיטול:

„זיין עקסעלענץ, זיינע האָכוואָהלגעבוירענער, גנעדיגער הערר מאַרשאַל פּריץ ראָבערט, פאָל פאָן דער שולצע״.

און איך האָב, שיעור ניט אין דעם זעלבען טאָן, עטליכע מאָל ווידערהאָלט דעם גוזמא׳דיגען טיטול אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז דער שטורמער האָט גע־עפענט די טיר און איך בין געקומען פנים אל פנים מיט׳ן קאָמענדאַנט.

איך האָב זיך פאַר איהם פאַרנויגט, אָפּגעקנאַקט זייער „מייסטערהאַפט״ דעם געצאַצקעטען טיטול און נאָכדעם האָב איך איהם געבעטען ער זאָל מיר דערלויבען צו רעדען אַ פאַר ווערטער.

דער קאָמענדאַנט האָט מיר לכתחילה אַנטזאָגט אונטערן אויסרייד אַז דאָס וואָס איך האָב גערעדט מיט „די גנעדיגע הערען שטורמער פון דער געסטאַפּאָ״

איז געגוג, אבער נאך דעם ווי איך האב צו איהם געמאכט א שטארקען אפיל, האט ער באוויליגט מיט מיר צו רעדען.

איך האב איהם ציטירט א פאר שטעלען פון זיין אייגענער רעדע וואס ער האט, מיט טעג צוריק געהאלטען, אדרעסירענדיג די אידישע געמיינדע:

„. . . די יודען מוסען גוט זיין ! . . . ווען די יודען גוט זיין, וועל איך אויך גוט זיין; וועלען אבער די יודען שלעכט זיין, וועל איך נאך ערגער זיין!״ און איך האב איהם געפרעגט מיט וואס די דוקלער אידען האבען זיך פאר איהם פארזינדיגט, דערביי האב איך צו איהם געמאכט אן הארצרייסענדען אפיל פאר רחמנות און האב איהם געבעטען אז ער זאל בטל מאכען די גזירה.

איך האב איהם אויפגעוויזען אז ער באגייט זיך מיט די דוקלער אידען נאך ערגער ווי דער „פיהרער״ פאדערט . . . איך האב איהם געזאגט, אז אזוי ווי אין דוקלא געפינט זיך א היבשער גארניזאן מיליטער, וואלט, לויט מיין מיינונג, געווען ראטזאם אז, אויב עס איז ניט אין זיין אויטאריטעט בטל צו מאכען דעם גרוש — זאל ער איהם, לכל הפחות, מילדערען:

1) דורך איבערלאזען אין שטאט א פופציג אידישע סוחרים עלטערע אידען, וואס זאלען באזארגען דעם מיליטערישען גארניזאן מיט סחורות.

2) אז עלטערע מענשען, פרויען און קינדער, זאלען זיך מעגען באנוצען מיט פערד און וואגען ביים פארלאזען די שטאט און די געסטאפא זאל די אומגליק־ליכע באזארגען מיט עגלות, בעת די יוגענטליכע וועלען געהן צופוס.

3) אז די וואס באנוצען זיך מיט עגלות זאלען מעגען מאכען גרעסערע פעק־לעך צום ארויספירען.

הפנים אז מיין אויפריכטיגע זארג פאר דער קהלה און מיינע טרערען האבען ווייך געמאכט דאס הארץ פון דעם נאצי־קאמענדאנט און ער האט זיך צו מיר געווענדעט אין א זעהר צארטען טאן, אין א טאן פול מיט ווירדע און מיטגעפיהל:

„מיין ליבער הער ראבינער ! דאס דאזיגע געזעץ קומט פון די העכערע באהערדען, ליידער מוז איך דאס דאזיגע געזעץ ברענגען צום אויסדרוק! . . .״

ער האט אראפגעלאזט דעם קאפ, זיך פארטראכט, זיינע אויגען זיינען פייכט געווארען; ער האט איבערגעשראקען געקוקט אין אלע זייטען, קאנטראלירענדיג די טרערען און ער האט מיט א געשטיקטער שטימע פארגעזעצט:

„. . . מיין ליבער הערר ראבינער ! די „יודען״ מוזען „עראוסגעשמיסען״ ווערען פון שטאט און עס איז זיי אבסאלוט פארבאטען מיטצונעמען מיט זיך מעה־רער פון דעם וואס זייערע הענט קאנען פארטראגען; דאס איבעריקע איז דער־קלערט געווארען אלס דאס אייגענטום פון דריטען רייך.

„מאכט א צעטל פון די 50 סוחרים וואס ווען, אויף מיין ספעציעלער דער־לויבניש, פארבלייבען אין שטאט.

„עלטערע מענשען, פרויען און קינדער וועלען זיך מעגען באנוצען מיט פערד און וואגען, די געסטאפא וועט זיי דערמיט באזארגען און . . . די דאזיגע פריווילעגיעס זיינען פון מיין זייט א גראנדיעזע געוואגטקייט וואס שטעלט מיך אוועק אין אן אומאנגענעמער לאגע . . .״

איך האָב איהם האַרציג באַדאַנקט און ער האָט מיך קאָמפּלימענטירט באַ־טאַנענדיג אַז:

„די „יודישע" געמיינדע האָט אַ געטרייען פאַרטרעטער" און ער האָט מיר דערלאַנגט די פען אין דער האַנט אַריין.

די האַנט האָט מיר געגומען ציטערען באַריהרענדיג די פען:

ערשטענס צוליב'ן יום"ט סוכות; אין מיין לעבען איז מיר נאָך ניט אויס־געקומען צו שרייבען אום יום־טוב; צווייטענס צוליב דעם וואָס מיין רשימה האָט עס באַדאַרף אַרויסטראָגען דעם אורטייל „לשבט או לחסד", מיין האַנט האָט עס באַדאַרפט באַשטימען ווער עס זאָל נצול ווערען פון גירוש און ווער עס זאָל חלילה פאַראורטיילט ווערען . . . מיין געפיהל פאַר אחריות האָט מיך גענומען מאַטערען „מי נפנה לפני מי ?" ווער בין איך און וואָס בין איך אַז איך זאָל עס אויף זיך נעמען אַזאַ גוואַלדיגע אחריות צו משפט'ען מענשען אַז דער זאָל יאָ בלייבען און דער זאָל ניט בלייבען אין שטאָט? ! . . . אַן אימה און אַ פחד איז אויף מיר אַנגעפאַלען, אַ דראַמאַטישער גראַנגעל איז אין מיר פאָרגעקומען און אין דעם איז, פלוצים און אומדערוואַרטעט, אַריינגעפאַלען מיין שוועסטער און האָט מיך אַנגעהויבען האַלזען און קושען, קושען און האַלזען, דערביי האָט זי אַרויסגעלאָזט משונה'דיגע קולות און היסטערישע געשרייען . . .

היסטעריע איז מיר געוואָרען דערווידער און האָט אויף מיר שוין מעהר קיין רושם ניט געמאַכט, אויף איהרע געשרייען זענען זיך צוזאַמענגעלאָפען די שטורם־טרופּערס און איך האָב באַגריפען אַז צווישען יאָ און ניין, קאָן זי דערווייל דער־שאָסען ווערען, האָב איך זי, מיט אַלע מיינע כוחות, אַפּגעשטופּט פון זיך, זי אַרויסגעטריבען, ניט געוואָלט מיט איהר האָבען קיין מגע ומשא און איך האָב זיך געהייסען דערלאַנגען פּאַפּיר.

איך האָב אויפגעשריבען אַ רשימה פון אַלע סוחרים — דריי און זעכציג אין צאָהל. מיין חשבון איז געווען אַז זאָל דער קאָמענדאַנט אַליין אויסשליסען דרייצען מענשען פון צעטעל און דערמיט מיך באַפרייען פון דעם אחריות צו זיין אַ פּוסק אחרון אויף דעם גורל פון מענשליכע לעבענס.

דער קאָמענדאַנט האָט דורכגעקוקט די רשימה, אויסגעציילט די נעמען און האָט זיך אַנגערופען:

„הער ראַבינער ! מיר האָבען זיך דאָך פאַרשטענדיגט אויף פופציג מענ־שען? . . . ניכט וואַהר ? . . ."

איך האָב איהם געזאָגט דעם אמת : אַז איך האָב מורא צו נעמען אויף זיך דאָס אחריות פון אַ שופט איבער מענשליכע לעבענס, אַז איך בין גאַנץ אָביעקטיוו אין דעם ענין, און בכדי די דוקלער אידען זאָלען מיך חלילה ניט חושד זיין אין „סוב־יעקטיווען" צוגאַנג — האָב איך אַרויסגעלאָזט פון צעטל דעם גאַלאַנטעריי־הענד־לער חיים הירשפּרונג — מיין פאָטער . . .

איך האָב איהם אויך געזאָגט אַז איך און מיין פאָטער וועלען געהן צופוס.

דער קאָמענדאַנט האָט אויסגעדריקט אַנערקענונג פאַר מיין אָביעקטיווער

האנדלונג, פאר מיין אחריות׳פולען צוגאנג וכדומה . . . און האט זיך אפּ־גערופען:

„זאל איך, הייסט עס, הערר ראבינער, טאן דאס וואס איהר האט ניט גע־וואלט טאן ? זאל איך זיין דער וועהלער פון די 13 איבעריגע מענשען צום אויס־וואנדערען ? ניין! זאלען שוין אלע דריי און זעכציג בלייבען אין שטאט״.

דער קאמענדאנט האט מיך איבערגעלאזט איינעם אליין אין צימער בעת ער אליין איז אוועק צו דער „שטורם־אפטיילונג״. די טיר האט ער געלאזט האלב־אפען. איך האב געכאפּט א בליק אין צימער פון די „שטורמער״ און כ׳האב געזעהן דעם קאמענדאנט ארומגערינגעלט פון א רעדעל האפערדיגע שטורמער, ער האט צו זיי גערעדט און זיי האבען אויסגעדריקט אנטוישונג . . . איך האב פארשטא־נען אז ער האט זיי, מסתמא, איבערגעגעבען דעם אינהאלט פון אונזערע פאר־האנדלונגען און דער „מילדער״ רעזולטאט האט זיי אנטוישט.

דער קאמענדאנט איז ארויסגעקומען און האט מיך געפרעגט ווער עס בלייבט פאראנטווארטליך פאר דער אויפפיהרונג פון די פארבליבענע 63 אידען.

איך האב איהם געענטפערט אז איך נעם אויף זיך די פאראנטווארטליכקייט.

— אויב אזוי — האט דער קאמענדאנט געזאגט — מוזטו בלייבען מיט אונז ווי א משכון; אין פאל אז ווער פון די 63 פארבליבענע „יודען״ וועט באגעהן א פארברעכען קעגען די געזעצען פון דריטען רייך — וועסטו, הערר ראבינער, דער־שאסען ווערען!

איך האב צוגעשטימט צו זיין פארשלאג און איך האב איהם געבעטען אז ער זאל מיר דערלויבען אהיימצוגעהן און מעלדען די אידען די רעזולטא־טען פון אונזערע פארהאנדלונגען, בכדי דער גירוש זאל דורכגעפירט ווערען אין „ארדנונג״ — לויט׳ן אפמאך . . . און מארגען פריה וועל איך מיך אומקערען צוריק. דער קאמענדאנט האט, צו מיין איבערראשונג, באוויליגט מיין בקשה. איך האב איהם באדאנקט און האב זיך געלאזט אין וועג ארייך אנזאגען די דוקלער אידען ווי אזוי זיי דארפען זיך נוהג זיין ביים פארלאזען די שטאט.

# אַ שמחה אין שטעטעל

אויף מיין וועג אַהיים האָב איך דעם ערשטען אנגעטראָפען דעם אַלטיטשקען ר׳ רפאל, ער האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט, מיך באַטראַכט מכף רגל ועד ראש און האָט מיר אַ זאָג געטאָן:

„האָסט עפּעס אַ גרוס פון יענער וועלט? וואָס טוט זיך עפּעס אויפ׳ן עולם האמת? בריך רחמנא דיהבך לן, ולא יהבך לעפרא!״

איך האָב זיך גע׳חדוש׳ט. איך האָב ניט פאַרשטאַנען דעם באַדייט פון דער ברכה „בריך רחמנא״, וואָס געוויינליך מאַכט מען די דאָזיגע ברכה אויף איינעם וואָס האָט זיך ערהאָלט פון אַ מסוכנ׳ער חולאת; בין איך געשטאַנען און האָב באַטראַכט דעם אַלטעטשקען ר׳ רפאל מיט חדוש־בליקען...

בעת איך האָב איהם באַטראַכט, האָט ער אויך מיך באַטראַכט און עס איז צווישען אונז פאָרגעקומען אַ שטומער איבעררייד, דער דאָזיגער פילזאָגענדיגער ווערטערלאָזער געשפּרעך האָט אָנגעהאַלטען פאַר אַ ווייל און דער אַלטער ר׳ רפאל איז מיר אַרויפגעפאַלען אויפ׳ן האַלז און האָט מיך גענומען קושען און האָט, כליפּענדיג, אַ זאָג געטאָן:

„אין שטאָדט וועט איצטער זיין דער אמת׳ער „זמן שמחתנו״; אין שטאָדט האַלט מען דיך שוין פאַר אַ בר־מנן, פאַר אַ קדוש... און די איינציגע זאָרג איז: ווי אַזוי קריגט מען אַרויס פון דער געסטאַפּא דעם טויטען, בכדי ער זאָל קאָנען וואָס גיכער קומען צו קבר ישראל?...

„לויף שוין אַהיים, אָדער — ווייסטו וואָס איכ׳ל דיר זאָגען: לאָז מיך קודם אַהיימגיין אַנזאָגען דיינע עלטערען די בשורה, מחמת דיין אומדערוואַרטער באַזוך, דיין פּלוצימדיגער „תחית המתים״ קאָן נאָך חלילה אָפּרייסען ס׳האַרץ ביי דיין מאַמע׳ן...״

און דער אַלטעטשקער ר׳ רפאל איז גלייך אַוועק פון מיר מיט שנעלע טריט פאַראויס.

איך בין געבליבען שטעהן אַ פאַרקלערטער, מיין האַרץ האָט גענומען האַסטיק קלאַפּען. איך האָב פאַרשטאַנען אַז אין שטאָדט האָט קיינער ניט די מינדסטע אַהנונג, דעם קלענסטען באַגריף וועגען מיינע פאַרהאַנדלונגען מיט דער געסטאַפּא... פון מיין שטומען געשפּרעך מיט׳ן אַלטיטשקען ר׳ רפאל האָב איך באַגריפען אַז איך בין דער צענטער פון דער געשעהעניש, דער געשפּרעך פון טאָג, אַז אין שטאָדט האָט קיינער ניט די מינדסטע ידיעה וועגען דעם גירוש... און איך האָב באַדויערט וואָס איך האָב ניט צו דער האַנט דעם אַלטעטשקען ר׳ רפאל... וואָלט איך איהם געהאַט צו דער האַנט, וואָלט איך איהם געמאַכט פאַר׳ן מבשר פון דער „בשורה טובה״ וועגען דעם גירוש...

די ידיעה וועגען מיין „תחית המתים״ האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבער דער שטאָדט און די שמחה איז געווען אין לשער, שיעור ניט די גאַנצע שטאָדט איז

מיר אַנטקעגנגעקומען מיך מקבל פנים זיין און פון די מענשען בין איך געוואויר געוואָרען אַז אין שטאָדט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז איך האַלט ביים דער־שאָסען ווערען.

מיינע עלטערען האָבען מרעיש עולמות געווען און מיין שוועסטער האָט געגנ־מען אינטערווענירען פאַר הילף: זי איז אַוועק צום שטאַטישען אַפּטייקער, אַן אַסימילירטער איד וואָס האָט שוין זייט יאָהרען קיין שייכות ניט מיט אידען און אידישקייט, און האָט איהם גענומען בעטען אַז ער זאָל אינטערווענירען ביי דער גע־סטאַפּאָ צו ראַטעווען מיין לעבען.

דער אַפּטייקער האָט זיך פריינדליך אָפּגערופען אויף איהר בקשה און איז אַוועק צו דער געסטאַפּאָ פונוואַנען ער איז מיט גרויס פאַראַד אַרויסגעטריבען געוואָרען...

מיין שוועסטער איז אַוועק צום גלח טיפּראַוועץ און דער גלח האָט זיך אָנט־זאָגט עפּעס צו טאָן פאַר מיר. ער האָט פּשוט מורא געהאַט צו באַווייזען זיך פאַר די געסטאַפּאָ־לייט, מחמת די נאַציס האָבען שוין דעמאָלט אויך קעגען די פּאָליאַקען אָנגעהויבען אַרויסצואווייזען אכזריות'ן... מיין שוועסטער איז דעמאָלט, באין ברירה, אַליין געלאָפען צו דער קאָמענדאַנטור מיך „אָפּשרייען" און איך האָב זי פון זיך אָפּגעוואָרפען, ניט געוואָלט מיט איהר דעמאָלט האָבען קיין שום מגע ומשא... די שוועסטער מיינע איז דעמאָלט אַוועק אַהיים אַן אַנטוישטע, זייענדיג זיכער אַז איך בין חלילה אַרונטער פון זינען און אַז מיין גורל איז פאַרזיגעלט.

דער עולם האָט זיך געהאַלטען אין איין פאַרמעהרען און די שמחה — אין איין שטייגען און וואָס מעהר די שמחה איז געשטיגען, אַלץ אומעטיגער בין איך געוואָרען, אַלץ טרויעריגער איז מיר געוואָרען אויפ'ן האַרצען...

איך, דער בעל דבר אַליין, וואָס צוליב מיר, אייגענטליך, איז דער גאַנצער טאַראַראַם: איך, דער הויפּט־פאַראורזאַכער פון דער שמחה באַדאַרף עס זיין דער צושטערער פון דער שמחה, איך באַדאַרף עס אונטערטראָגען דעם עולם אַ בשורה וואָס זאָל פאַרוואַנדלען די שמחה אין אַ טרויער...

דאָס דאָזיגע געפיל איז שווער אויסצודריקען אין ווערטער, איינגאַנצען אַ צוועהטאָגטער, אַ פאַרוואונדעטער האָב איך זיך, מיט לאַנגזאַמע טריט, געשלעפּט אַהיים און נאָך מיר אַ גרויסער עולם, אַן עולם פול מיט שטילער אונטערדריקטער פרייד... דער עולם האָט אונטערדריקט די שמחה בכדי „ניט אויפצורייסען די־אויגען פון דער וועלט".

מיט גרויס פאַראַד האָט מיך דער עולם געבראַכט צופירען צו מיין היים. די הויז איז געווען באַלאַגערט פון נייגעריגע מענשען אינדרויסען און פון ידידים און שכינים — אינוועהניג.

דער אַלטער ר' רפאל האָט מיך ניט געלאָזט זיך רעכט אנשפּיגלען אין די פּנימער פון די בני בית. ער האָט מיר גלייך אונטערגעטראָגען דעם לולב מיט'ן אתרוג און האָט מיר געהייסען מאַכען אַ ברכה בקול רם און נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעבענשט אתרוג האָט ער פאַרצויגען אַ ניגון, דער עולם האָט איהם אַרויסגע־האָלפען און ער איז איינער אַליין אַוועק אין אַ רקוד:

דעם קאָפּ פאַרלעגט אין אַ זייט, די אויגען געשלאָסען האָט ער זיך אַוועקגע־לאָזט אַרום טיש אין אַ „קיילעכדיגס", דער עולם האָט געזונגען און געפּליעסקעט

און דער אַלטעטשקער ר׳ רפאל האָט זיך וואָס אַמאָהל האַסטיקער אַוועקגעלאָזט אין טאַנץ אַריין; דעם טיש מיט די בענקלאַך האָט מען אַפּגערוקט צו דער וואַנט, דער עולם האָט געמאַכט „א וואַרע״ און דער אלטעטשקער ר׳ רפאל איז אוועק אין די עולמות העליונים, זיין בויגעוודיקער קערפּער האָט זיך געטראָגען איבער׳ן זאַל מיט גרויס דבקות און פון אונטער זיינע געשלאָסנע אויגען־אייטלען האָבען זיך גע־קייקעלט טרערען, וועלכע האָבען אַפּגענעצט דעם דיל, זיין טאַנץ און די שמחה פון די מגנגים האָט אויף מיר אַנגעוואָרפען אַ פּחד און איך האָב געטראַכט:

רבש״ע! האַרציגער פאָטער אין הימעל! טו אַ נס און נעם ביי מיר אַוועק די נשמה, איידער איך זאָל חלילה זיין דער צושטערער פון אַט דער שמחה!...

און פּלוצלונג האָב איך דערפילט אויף מיינע אַקסלען די הענט פון דעם אַלטען ר׳ רפאל. עס האָט מיר גענומען שווינדלען אין די אויגען, דאָס האַרץ האָט מיר גענומען געהן הין און צוריק און די פיס האָבען זיך ניט געהויבען צום טאַנץ.

דער עולם האָט פאַרשטאַרקט דאָס געזאַנג און דער אלטער ר׳ רפאל האָט, מיט באַנייטע כוחות, גענומען הויבען פיס מיטשלעפּענדיג אויך מיך, ער האָט מיר באַ־פוילען: „טאַנץ! אלא ניט כאפסטו פעטש ווי האַלץ!...״ ער האָט גענומען אַריינציהען אַלץ מעהר מענשען אין דעם טאַנץ־קאַראהאַד און די שמחה איז געוואָרען אַהן אַן עק, אָהן אַ שיעור, אַן אמת׳ע שמחה שאין לה סוף!...

# דער גירוש

דער טאַנץ האָט זיך געענדיגט, טייל פון עולם האָבען קידוש געמאַכט אין סוכה, דער אַלטער ר׳ רפאל מיט נאָך אַ פּאָר היימישע ידידים, אנשי שלומינו, זענען ביי אונז פאַרבליבען אויף מיטאָג.

דער עולם איז זיך געמיטליך געזעסען ביים טיש און דער אַלטער ר׳ רפאל האָט זיך, אויף זיין באַקאַנטען שטייגער, געזאָגט תורה וועגען די ענני הכבוד. איך זיץ ביים טיש און דעם אַלטען׳ס תורה געהט מיר אין איין אויער אַריין און פון צווייטען — אַרויס... איך האָב געפילט אַז מעהר שטיקען אין זיך דעם סוד קאָן איך ניט און ווען דער אַלטער ר׳ רפאל האָט מיך אַ פרעג געטאָן פאַרוואָס מ׳האָט מיך אַזוי לאַנג געהאלטען אין דער געסטאַפאָ, בין איך אַרויס מיט לשון און האָב אַלעס דערצעהלט פון אַלף ביז תיו...

די מענשען וואָס זענען געזעסען ביים טיש זענען גלייך נעלם געוואָרען. עס האָט לאַנג ניט גענומען און די טרויעריגע נייעס האָט זיך בליץ שנעל פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָדט. פון אַלע שכינות׳דיגע הייזער האָבען זיך געטראָגען אין גאַס אַריין אומבאַשרייבליכע בכיות און יללות און מענשען זענען געקומען צולויפען מיט אַ פאָרשלאָג, אַז איך זאָל אָפּשרייען די גזירה מיט אַ „קאָנטריבוציע״. איך האָב זיי דערקלערט אַז איך האָב אויך אָט דעם מיטעל פּרובירט און בין ניט געווען דערפאָלגרייך.

איך האָב אויפגעוויזען אויף דעם ערנסט פון מאָמענט און האָב פאָרגעשלאָגען צו אונטערדריקען די היסטעריע און אָרגאַניזירען די אויסוואַנדערונג אויף אַ מוס־טערהאַפטען אופן אַזוי אַז עלטערע מענשען, שוואַכע, קראַנקע און קינדער זאָלען פאָרען, בעת די יונגע זאָלען געהן צופוס.

דער אַלטער ר׳ רפאל האָט אין דעם גירוש געזעהן „חסדים גדולים ורחמים רבים ופשוטים״ און ער האָט גענומען באַרוהיגען דעם צוזאַמענגעלאָפענעם עולם מיט׳ן פסוק „ורחמיו על כל מעשיו!״ ער איז כלל ניט איבעראַשט געוואָרען פון דער גזירה און האָט זיך אַריינגעוואָרפען אין דער אַרבייט.

ער האָט פאָרגעשלאָגען צו באַזאָרגען מיט געלט דעם אָרימערען טייל אויס־וואַנדערער, זיין פאָרשלאָג האָט געפונען אָפּקלאַנג אין די הערצער פון די פאַרזאָ־מעלטע אַרום דעם דרויסען פון אונזער הויז:

דער אַסימילירטער אַפּטייקער וואָס איז פאַר אַ משך פון צענדליגער יאָהרען געווען אָפּגעזונדערט פון אידען, האָט, מיט טרערען אין די אויגען, דערקלערט, אַז ער איז מוכן ומזומן צו געבען כך וכך, אַן אוצר מיט געלט פאַר די אָרימע, בעת ר׳ מענדל שויס, דער אייגענטימער פון דעם גרעסטען שיך געשעפט אין דוקלאַ, האָט זיך דערקלערט גרייט צו באַזאָרגען אַלעמען מיט שיך און אַזוי האָבען אויך פיל אַנדערע סוחרים זיך דערקלערט גרייט צו דינען די אויסוואַנדערער מיט אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגען.

איך האָב זיך דערמאָנט אין די שילדערונגען פון חורבן בית המקדש: אויך דעמאָלט האָבען — לויט דער שילדערונג פון די חז״ל — מענשען אַרויסגעוואָרפען זייער גאָלד און זילבער זאָגענדיג: ,,הני — למה לן! ?״, ,,דאָס דאָזיגע פאַר־מעגען — צו וואָס באַדאַרפען מיר עס ? !״.

דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבער די געשעפטען נאָך סחורות, אָבער די שטורם־טרופּער האָבען, מיט זייער וואַכזאַמען אויג, רעאָגירט אין צייט, אַזוי אַז זעהר אַ קליינע צאָל אויסוואַנדערער האָבען גענאָסען פון ,,דאָס אייגענטום פון דריטען רייך״ . . .

איך האָב זיך אויך אריינגעוואָרפען אין דער אָרגאַניזירונג פון דער אויסוואַנ־דערונג, איך בין אַרויס אין גאַס השגחה געבען אַז אַלץ זאָל צוגעהן אין מוסטער־האַפטער אָרדנונג:

אין שטאָדט האָט זיך געטאָן חושך, מענשען האָבען געוויינט, חרטה געהאַט למאי זיי האָבען קיין צדקה ניט געטאָן אין די גוטע צייטען, למאי זיי האָבען ,,אָנ־געפּראַטעט אַ פאַרמעגען אויף אַן עולם כצל עובר...״

די נאַכט איז צוגעפאַלען, אידען האָבען קידוש געמאַכט און געגעסען יום־טוב אין סוכה און נאָכ׳ן עסען איז מען אַרומגעלאָפען זוכען עגלות. די געסטאַפּאָ האָט קיין וואָרט ניט געהאַלטען, זי האָט קיין עגלות ניט צוגעשטעלט, אַנשטאָט צוצו־שטעלען עגלות האָט זיך די געסטאַפּאָ באַשעפטיגט מיט טרייבן אידען פון די הייז־זער און מיט אַפּנעמען ביי זיי די שליסלען פון די הייזער.

די הכנות צום אויסוואַנדערען האָבען אַנגעהאַלטען די גאַנצע נאַכט. אַזוי לאַנג מיינע אויגען וועלען אָפען זיין וועט פאַר מיינע אויגען שטעהן דאָס דאָזיגע פאַטעטישע בילד פון זקנים, פרויען און קינדער וואָס האָבען מיט בכיות און יללות, מיט קליינע פּעקלעך אַרום די גאַרטלען, מיט ספרי תורות אין די הענט, טייל פון זיי מיט טלתים אויף די אַקסלען — זיך צוזאַמענגענומען צום אויסוואַנדערונגס פּונקט. אַזוי האָבען זיי זיך לאַנגזאַם געשלעפּט נידערגעשלאָגענע, מידע און באַ־ליידיגטע און קריסטען, אוקראַינער איבערהויפּט, זענען געשטאַנען פון ביידע זיי־טען גאַס און האָבען געשעפּט נחת . . .

געוועזען אויך אַזוינע צווישען די קריסטען וואָס זענען געשטאַנען ביי דער זייט און האָבען געמורמעלט אַ תפילה פאַר די אויסוואַנדערער, טרערען האָבען זיך גע־גאָסען פון זייערע אויגען און זיי האָבען זיך געהאַלטען אין איין צלמ׳ען.

נאַצי סאָלדאַטען זענען מיט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטען געשטאַנען פון ביידע זייטען גאַס און האָבען כאור הבוקר פאָטאָגראַפירט דאָס ספּעקטאַקעלדיגע בילד, דאָס בילד פון הילפלאָזע מענער, פרויען און קינדער וואָס ווערען געטריבען פון בלוטדורשטיגע מערדער, פון בעסטיאַלע חיות אין מענשען געשטאַלט!

אַ קריסטליכע פרוי איז צו מיר צוגעגאַנגען און האָט מיר גענומען אויסרעדען ס׳האַרץ אויפ׳ן קול:

,,זאָרגט ניט, הער ראַבינער, עס איז אַ פאַרבייגעהענדיגע דערשיינונג, עס איז אַ שטראָף פון דעם אַלמעכטיגען, דער אַלמעכטיגער וועט נאָך בקרוב באַשטראָפען די פיינדער, זייט מקבל אייערע יסורים מיט שטאָלץ און מיט ווירדע!״

זי האָט גערעדט מוטיג, שטאָלץ און אומדערשראָקען און עס איז קאַנטיג געוועזן

אין איהר האלטונג, אַז זי וואָלט אַ בעלן געווען צו זיין איינע פון די געפייניגטע, פון די נרדפים, אַנדערש וואָלט זי אַזוי פראנק און פריי ניט גערעדט אויפ׳ן קול!...

איהרע רייד האָבען געקלונגען נבי׳איש און האָבען דערפרישט דעם געפאַלענעם מוט פון די געפייניגטע אויסוואַנדערער.

אַ נאַצי האָט רעאַגירט אויף איהרע רייד און האָט זיך צו איהר געווענדעט:

— וואו איז ער, דער ג—ט פון די פאַרפלוכטע יודען?!

— ער איז דאָ! — האָט די פרוי געענטפערט מיט פעסטקייט אין קול — ער האָט נקמה גענומען פון פרעה׳ן, פון המנ׳ען, פון טיטוס׳ען, פון סנחירוב׳ן און ער וועט אויך פון אייך נקמה נעמען!...

איהרע געוואַגטע רייד האָבען מעכטיג אָפּגעקלונגען איבער דער פילקעפּיגער מאַסע אויסוואַנדערער און זייערע געמיטער האָבען זיך באַרוהיגט, דאָס געוויין פון די דערוואַקסענע האָט זיך איינגעשטילט, עס האָט זיך בלויז געהערט דאָס כליפּען פון די קליינע קינדער.

עס האָט אָנגעהויבען שאַריען אויף טאָג, אידען האָבען זיך געשטעלט דאַווענען, געזאָגט הושענא׳ס. דער אַלטער ר׳ רפאל האָט אַרומגעטראָגען דעם אתרוג מיט׳ן לולב צווישען עולם, דער עולם האָט געבענשט אתרוג און פרומע קריסטען האָבען זיך, בשעת מעשה, גע׳צלמ׳ט און געמורמעלט אינדערשטיל:

— אַה, פאַן בוג פון אברהם, יצחק און יעקב!

6 פאַרטאָג איז דער עולם שוין געווען אַן אָפּגעדאַווענטער און די אויסוואַנדערונג האָט זיך אָנגעהויבען. פרומע קריסטען האָבען געקניט, זיך געבוקט מיט׳ן קאָפּ צו דער ערד, זיך גע׳צלמ׳ט און שטיל געמורמעלט:

— פאַרגיב אונז, אָ, אַלמעכטיגער, פאַר אונזערע זינד קעגען דיינע געפייניגטע קינדער און קעגען דיר, אָ פאָטער הייליגער אין הימעל!

איך האָב זיך גענומען פעסט אין די הענט אַריין און בין צוגעגאַנגען צו מיינע עלטערען און האָב זיי אַנטדעקט דעם סוד — אַז איך מוז זיך 8 אַזייגער פריה מעלדען צו דער געסטאַפּאָ.

מיינע עלטערען זענען געפּלעפּט געוואָרען פון דער ידיעה און האָבען מיר קאַטעגאָריש באַפוילען, אַז איך זאָל זיך ניט מעלדען צו דער געסטאַפּאָ, זיי האָבען מיר פאַרגעשלאָגען איך זאָל זיך אויסבאַהאַלטען און שפּעטער אַנטלויפען.

איך האָב פאַרגעשלאָגען מיינע עלטערען, אַז זיי זאָלען מיטוואַנדערען מיט׳ן המון און איך וועל שפּעטער נאָכקומען, מיינע עלטערען האָבן זיך מיט מיר געזעגענט און זענען אָוועק פון שטאָדט.

# איך פאַל אַריין אין קאַנצענטראַציע לאַגער

צו דער באַשטימטער צייט — 8 אזייגער אינדערפריה האָב איך זיך געמאַלדען צו דער געסטאַפּאָ. דאָרטען האָב איך געטראָפען אַ סך אומלעגאַל פאַרבליבענע אידען, אידען וואָס האָבען ניט געקאָנט שלום מאַכען מיט׳ן געדאַנק פון אויסוואַנדערען און האָבען זיך דערפאַר אויסבאַהאַלטען ביי פריינדליכע גוים. איך האָב דאָרטען אויך געטראָפען די 63 לעגאַל־פאַרבליבענע אידען.

דער קאָמענדאַנט האָט אונז אַלעמען אַדרעסירט, ער האָט אַרויסגעלייענט פון אַ פּאַפּיר די כּללים פון אונזער אַפּמאַך בנוגע דער אויסוואַנדערונג און האָט פאַר דער צוזאַמענגעטריבענער עדה אידען באַוויזען מיין חתימה.

נאָכדעם האָט ער באַפוילען מיט׳ן האַרבען וואָרט, אַז די אומלעגאַל־פאַרבליבענע אידען זאָלען גלייך פאַרלאָזען די שטאָט און איז אַוועק צו זיך אין צימער אַריין.

גלייך זענען, ווי פון אונטער דער ערד אַרויס, זיך צוזאַמענגעקומען שטורם־טרופּער מיט גומי שטעקלאַך אין די הענט און אַ האַגעל פון קלעפּ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קעפּ פון די אומלעגאַל פאַרבליבענע אידען, זייערע קולות האָבען זיך געטראָגען עד לב השמים.

די וואָס האָבען געדענקט, אַז עס וועט זיי געלינגען צו פאַרבלייבען אין שטאָט, האָבען זיך איבערצייגט, אַז עס איז אַ ברכה לבטלה.

פון די דאָזיגע אידען בין איך אויך געוואויר געוואָרען, אַז אַ גרויסער טייל פון די אויסוואַנדערער האָבען זיך אָפּגעשוירען באָרד און פּאות, האָבען זיך אויסבאַהאַלטען ביי באַקאַנטע קריסטען און היינט זענען זיי שוין דאָ צוריק אין שטאָט.

מ׳האָט מיך אַריינגערופען צום קאָמענדאַנט אין צימער אַריין און דער קאָמענדאַנט האָט מיר געמאַלדען, אַז דערפאַר וואָס אַ סך „יודען" האָבען פאַרבראָכען קעגען דעם געזעץ פון אויסוואַנדערונג און ווייל איך האָב אויף זיך גענומען די פאַראַנטוואָרטליכקייט — ווער איך באַשטראָפט מיט שווערער אַרבייט אין קאַנצענטראַציע לאַגער.

צוויי שטורם־טרופּער האָבען מיך אָפּגעפירט אין אַ קאַנצענטראַציע לאַגער ניט ווייט פון שטאָט.

אין לאַגער האָב איך געטראָפען פיל געפאַנגענע פּוילישע סאָלדאַטען. דאָרט אין לאַגער האָט מען ניט בלויז געאַרבייט, נאָר די אַרבייטער זענען, פון צייט צו צייט, סתם אַזוי זיך, אָהן אַ פּאַרוואָס, אָהן אַ פאַרוואָס, געפּייניגט געוואָרען.

דער רעזשים איז געווען אַן אומדערטרעגליכער, די אַרבייט — ניט פאַר קיין מענשליכע כּוחות און איך האָב באַשלאָסען צו באַגעהן זעלבסטמאָרד.

איך האָב זיך באַמיהט ווי ווייט מעגליך נאָכצוקומען דעם פאַרלאַנג פון

די נאַצי־נוגשים און האָב זיך אויפגעפיהרט לויט די פאַראָרדנונגען פון דער פאַרוואַלטונג און דערפאַר בין איך ניט צו שטאַרק באַוואַכט געוואָרען.

ויהי היום — דאָס איז געווען אויף דער דריטער וואָך נאָך מיין אַנקומען אין לאַגער אריין — ווען די נאַצי־נוגשים זענען געווען שטאַרק פאַרנומען מיט׳ן פייניגען אַ „פאַרשולדיגטען״, וועמענס ווייגעשרייען האָבען מיך דענערווירט שיעור ניט ביז משוגעת, האָב איך באַשלאָסען צו פאַרלאָזען דעם לאַגער און לויפען וואוהין די אויגען וועלען מיך טראָגען.

דער געדאַנק, אַז פאַר אַזאַ שריט קאָן איך דערשאָסען ווערען, האָט מיך לחלוטין ניט אָפּגעשראָקען, אדרבא: גראָד אָט דער געדאַנק האָט מיך פּראָוואָצירט צו לויפען, מחמת איך האָב בעסער געוואָלט דערשאָסען ווערען פון אַ נאַצי־וועכטער איידער חלילה אליין באַגעהן זעלבסטמאָרד.

איך בין אַרויס פון לאַגער און האָב זיך געלאָזט אויפ׳ן וועג קיין רימאַנאָוו.

איך בין בשלום אָנגעקומען קיין רימאַנאָוו, וואו איך האָב געטראָפען מיינע עלטערען, ביידע שוועסטער און אויך דעם זיידען.

# איך מאַך זיך גרייט צו קרייצען דעם סאָוועטישען גרעניץ

די ערשטע נאַכט פון מיין אָנקומען קיין רימאַנאָוו האָב איך מורא געהאַט צו שלאָפען ביי מיינע עלטערען, ביין איך דאָרום איבערגעשלאָפען ביי מיינעם אַ באַקאַנטען ידיד.

אינדערפריה האָט מיר מיין באַקאַנטער פריינט ביי וועמען איך האָב גע־נעכטיגט דערציילט, אַז אין גאַס הענגען פלאַקאַטען וואָס לויטען, אַז קיינער טאָר ביי זיך אין הויז ניט האַלטען קיין פרעמדע, פון אַן אַנדער שטאָט אריינ געקומענע מענשען. איך האָב פאַרשטאַנען זיין פאַרלעגענהייט און האָב גלייך פאַרלאָזט זיין הויז.

דעם זעלבען טאָג זענען קיין רימאַנאָוו אָנגעקומען אַנטלאָפענע אידען פון דוקלא, זיי האָבען מיר איבערגעגעבען אַז די געסטאַפּאָ קערט וועלטען אַרומ־זוכענדיג מיך, שטורם־טרופער נישטערן אומעטום וואו נאָר עס איז פאַראַן אַ באַהעלטעניש.

די דאָזיגע „בשורות טובות" האָבען אויפסניי ביי מיר געררייצט דעם חשק צו קרייצען דעם סאָוועטישען גרעניץ און איך האָב וועגען דעם אַ שמועס געטאַן מיט מיינע עלטערען.

מיינע עלטערען האָבען אַפילו ניט געוואָלט הערען דערפון און בכדי עס זאָל מיר אַפּנעמען דער חשק פון קרייצען דעם סאָוועטישען גרעניץ, האָט מיין מוטער מיר גענומען שילדערען דאָס גאָטלאָזע רוסלאַנד ווי אַ לאַנד וואָס פאַר־פאָלגט רעליגיע וכדומה . . .

איך האָב איהר געזאָגט, אַז איך וויל פאָרען קיין ווילנע צום גאון ר' חיים־עוזר און דאָרטען וועל איך יומם ולילה זיצען על התורה ועל העבודה, חוץ דעם האָב איך איהר פאַרגעשטעלט מיין צוקונפט וואָס מיך דערוואַרט דאָ אין רימאַנאָוו, בעת די געסטאַפּאָ האַלט מיך אין אַרומזוכען.

די מאַמע האָט מיר פאָרגעשלאָגען איך זאָל פאָרען קיין לעמבערג צו מיין אָנקעל משה הירשפרונג. איך האָב איהר פאַרזיכערט, אַז די האַנט פון דער געסטאַפּאָ וועט מיך גרייכען אַפילו אין לעמבערג, און זי האָט סוף כל סוף געגעבען איהר הסכמה אויף מיין שריט.

איך האָב באַשלאָסען אָוועקצוגעהן קיין סאַנעק, די גרעניץ־שטאָט צווישען די סאָוועטען און דייטשלאַנד. די דאָזיגע שטאָט ווערט דורכגעשניטען דורך דעם טייך סאַן, וועלכער שפּאַלט די שטאָט אין צוויי באַזונדערע טיילען, דער סאַן איז עס די גרעניץ־זאַנע צווישען די סאָוועטען און די נאַציס און בכדי צו קריי־צען דעם גרעניץ מוז מען, הייסט עס, דורכקרייצען דעם טייך סאַן.

מיט מיינע עלטערענ׳ס הסכמה האב איך זיך גענומען מכין זיין צו דער געוואגטער נסיעה.

מיין פאטער האט מיר מיטגעגעבען א רוקזעקעל מיט 2 העמדער, די תפילין און 127 זלאטעס אין מזומנים (לויט דעם דאמאלסטיגען קורס האט עס באטראפען עטוואס מעהר פון אמעריקאנער 50 סענט).

איך האב באטראכט מיינע עלטערען, זיי זענען ווי איבערנאכט מיטאמאל געעלטערט געווארען שיעור ניט אויף גאנצע צוואנציג יאהר, יונגע זקנים!...

מיין פאטער האט מיך ארויסבאגלייט מיט׳ן קאפיטעל כ״ג פון תהלים: „מזמור לדוד ד׳ רועי לא אחסר״.

די מאמע האט מיך ארויסבאגלייט מיט טרערען און האט מיך געבעטען, אז איך זאל עוסק זיין אין תורה, אז איך זאל זיין א איד בלב שלם און ניט פארגעסען, אז קיין אנדער קדיש חוץ מיר האט זי ניט . . .

איך האב געזאגט תפילת הדרך און אזוי האבען מיר זיך געשיידט.

פון רימאנאוו קיין סאנעק איז אן ערך אכט קילאמעטער, איך האב דורכגעמאכט דעם וועג מיט גרויסע פחדים, מחמת דער וועג איז געווען פול מיט נאצי־סאלדאטען. זיי האבען מיר קיין בייז ניט געטאן, זיי האבען מיך בלויז עטליכע מאל פאטאגראפירט און יעדעס מאל וואס זיי האבען מיך פאטאגראפירט האבען זיי מיך אפגעשטעלט און געפרעגט וואוהין איך געה.

אין סאנעק האב איך קיינעם פון מיינע באקאנטע ניט געטראפען, די אידען זענען זיך כמעט אלע צולאפען פון שטאט. אידישע הייזער זענען געווען פוסט, דאס האב און גוטס־צופליגדערט און אויסגעליידיגט, און איך האב ניט געהאט קיין היימישען מענשען וואוהין א פוס ארייגצושטעלען.

באין ברירה בין איך אריין צו אן אומבאקאנטע אידען און האב זיך איינגעבעטען אויף נאכטלעגער, דער איד האט מיך שטארק מקרב געווען, מיך אויפגענומען בסבר פנים יפות.

על משכבי בלילות האב איך זיך דורכגעשמועסט מיט דעם אידען און האב איהם דערציילט וועגען דעם ציל פון מיין נסיעה קיין סאנעק. דער איד איז נבהל ונשתומם געווארען און האט מיר געזאגט, אז דאס קרייצען פון סאן איז פארבונדען מיט פקוח נפש, מחמת דער טייך ווערט באוואכט פון ביידע זייטען: איין זייט פון סאן ווערט באוואכט פון דער נאצישער גרעניץ־וואך, בעת די צווייטע זייט ווערט באוואכט פון דער סאוועטישער גרעניץ־וואך און עס זענען שוין געווען פאלען ווען מענשען זענען דערשאסען געווארען ביים פארזוך צו קרייצען דעם גרעניץ.

איך האב איהם געפרעגט פון וועלכען צד די קרבנות זענען געפאלען, פון דעם נאצישען אדער פון דעם סאוועטישען און ער האט מיר געענטפערט: פון ביידע צדדים.

איך האב איהם דאן געפרעגט: פארוואס זאלען די סאוועטען ארויסווייזען ברוטאליטעט צו מענשען וואס זוכען אנטרינונג פון די נאצים? און ער האט מיר געענטפערט, אז די סאוועטען האבען מורא פאר שפיאנאזש.

איך האב זיך שטארק דערשראקען און עס האט מיר גענומען קנאקען א צאהן

אין אַ צאַהן  דער איד האָט מיך באַרוהיגט, ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז פאַר געלט קאַן מען קרייצען דעם סאַן אונטער דער השגחה פון אַ נאַצישער וואַך, דהיינו: די נאַציס שווארצען דעם גרעניץ מיט אַ שיפעל אויף אַזאַ טייל פון סאַן וואָס איז פריי פון דער סאָוועטישער וואַך.

פאַר מיר איז דאָס געווען אַ קנאַפּע טרייסט, מחמת קיין געלט אויף צו „באַשמירען" די נאַצי־וועכטער האָב איך ניט געהאַט . . .

איך האָב באַשלאָסען אָפּצואוואַרטען אַ פּאָר טעג און זעהן: מה יולד יום? כך הוה: שבת פריה זענען קיין סאַנעק אָנגעקומען אַ סך אידען מיט דער כונה צו קרייצען דעם גרעניץ קיין סאָוועט־רוסלאַנד און צווישען זיי דריי פון מיינע באַקאַנטע ידידים, וועלכע האָבען אויך קיין געלט ניט געהאַט. מיר האָבען אָפּגעהאַלטען אַ באַראַטונג און מיר האָבען באַשלאָסען איה"ש זונטאָג, ט' חשון, 10 אַזייגער אין אָוונט זיך לאָזען אויף ג—ט'ס באַראָט און קרייצען דעם סאַן.

# איך קרייץ דעם סאָוועטישען גרעניץ

זונטאַג אינדערפריה זענען מיינע חברים, 7 אין צאָהל, צו מיר געקומען און האָבען מיר דערצעהלט אַז זיי האָבען אויסגעפונען אַ וועג וואָס איז אומבאַוואַכט און אַז נאָך היינט אין אָוועגט, אַרום עלף אַזייגער, האָבען זיי בדעה צו שוואַרצען דעם גרעניץ און — אַז עס וועט אונז אויסקומען צו קרייצען דעם סאַן מיט די מלבושים, פּראָסט און פּשוט מיט'ן אַנטאָן אין וואַסער.

און כך הוה: אַרום 11 אַזייגער אין אָוועגט האָבען מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין. מיר זענען געגאַנגען צו צוויי אין אַ רייע — פיר רייען; אונזער אויסרעכענונג איז געווען אַז טאָמער וועט חלילה איינער פון אונז אָפּשטעהן, זאָל איהם דער צווייטער אונטערהאַלטען.

מיר זענען פאַרזיכטיג אַריין אין וואַסער, דאָס וואַסער האָט זיך אַרויסגעוויזען צו זיין טיפער ווי מיר האָבען זיך פאַרגעשטעלט, אונזערע מלבושים זענען בליץ־שנעל דורכגעווייקט געוואָרען, און צוליב דער הלבשה זענען אונזערע גופים געוואָרען שווער און אומבאַוועגלעך; דאָס וואַסער האָט שטורמיש געבראָזט און האָט אונז געוויגט היין און צוריק. מיר זענען זעהר שנעל אויסגעמאַטערט געוואָרען און מיר זענען געבליבען אָהן כוחות פאַרטצוזעצען דעם גאַנג פאַראויס.

מיר זענען געבליבען שטעהן אויסגעמאַטערטע. לאַנג שטעהן האָבען מיר אָבער ניט געקאָנט, ווייל די וואַסערען האָבען זיך מעכטיג און שטורמיש באַוועגט היין און צוריק און מיר האָבען זיך דערשפּירט פאַרלוירען און אומבאַהאָלפען.

— קינדער! מיר זענען פאַרלוירען! — האָט זיך איינער פון אונז אָפּגערופען

— הושיעני אלקים, כי באו מים עד נפש! — האָט זיך אַ צווייטער, מיט טרער־רען אין קול, געווענדעט צום רבונו־של־עולם.

— לאָמיר זיך שטאַרקען מיט די לעצטע כוחות און פאַרטזעצען דעם גאַנג פאַראויס — האָט זיך אַ דריטער אָפּגערופען.

— טבעתי ביוין מצולה! — האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט און האָב באַשלאָסען אַז מיין גורל איז פאַרזיגעלט.

מיר האָבען אַנגעשטרענגט אַלע אונזערע כוחות און האָבען געמאַכט אַ פּאָר טריט פאַראויס, מיר האָבען געזונקען טיפער אין וואַסער און דורך אונזערע נאַזלע־כער איז אונז דאָס וואַסער אַריין אין מויל, אין האַלז און איך האָב באַשלאָסען צו זאָגען וידוי, אָבער איך האָב מורא געהאַט צו עפענען ס'מויל, בעת מיט אַ געשלאָסענעם מויל איז מיר שווער געווען צו אָטעמען...

פרישע מחנות פון ברויזענדע כוואַליעס, איינע מעכטיגער פאַר דער צווייטער, האָבען אונז אַט צוריקגעשטויסען און אַט פאַראויס געשלעפּט, אַט האָבען אונז די כוואַליעס אַרויסגעהויבען אינדערלופטען און האָט האָבען זיי אונז אונטערגעטונקען און מיר האָבען פאַרלוירען אונזער גלייכגעוויכט; איך האָב חרטה געהאַט אויף דער גאַנצער אָוואַנטיורע און איך האָב שלום געמאַכט מיט'ן גורל אומצוקומען דורך

וואַסער, ווי אין פסוק שטעהט: „מי במים", מיין איינציגע זאָרג איז געווען: צי וועלען מיר כאָטש קומען צו קבר ישראל? . . .

באין ברירה האָבען מיר זיך איבערגעגעבען צום גורל אין די הענט אַריין, די פעלזענפעסטע שטראָמען האָבען אונז געטראָגען פאַראויס און פלוצים האָבען מיר דערשפּירט אַז אונזערע פיס שלאָגען זיך אַן אין זומפּען־בלאָטע — אַ סימן אויף אַ דערנעהענטערונג צו די ברעגען פון טייך, דאָס האָט אונז צוגעגעבען פרישען מוט און, ממש מיט די לעצטע כוחות, האָבען מיר זיך טויט־מידע דערשלאָגן צום ברעג.

מיר זענען געבליבען ליגען ביים ברעג טויט־מידע און מיר האָבען זיך ניט געקענט רירען פון אָרט.

איינער פון אונזערע חברים האָט אונז געוואָרענט אַז מיר זיינען נאָך ניט אַרויס פון געפאַר, אַז די רוסען קאָנען אונז חושד זיין אין שפּיאָנאַזש און אונז, אין בעסטען פאַל, צוריקווייזען צו די נאַציס, על כן זאָלען מיר אָנשטרענגען די לעצטע כוחות און זיך דערשלאָגען צו אַ הויז, צו אַ דאַך איבערן קאָפּ.

מיר האָבען געווענדעט אונזערע בליקען פאַראויס און מיר האָבען דערזעהן אַ באַרג פון וועלכען עס האָט געשפּרינקעלט ליכט. מיר האָבען פאַרשטאַנען אַז דאָס ליכט קומט פון הייזער וואָס געפינען זיך אויפ'ן באַרג.

מיט די לעצטע כוחות האָבען מיר גענומען לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג קלעטערען אויף דעם באַרג, זיך אָפּגערוהט און ווייטער געפּרויעט; דער באַרג איז געווען בלאָטיג און גליטשיג, עס האָט אונז גענומען אַ היבשע פּאָר שטונדען ביז מיר האָבען זיך ענדליך דערשלאָגען צו דער ערשטער הויז.

מיר האָבען פאָרזיכטיג אָנגעקלאַפּט אין טיר, די טיר האָט זיך געעפענט און עס איז אַרויסגעקומען אַן אַלטער פויער, נאָך איהם איז אַרויסגעקומען זיין פרוי, אַן אַלטיטשקע באַבע מיט אַ מילדען פנים, מיט אַ פרום־צאַרטען בליק אין די אויגען, זיי האָבען פאַרשטאַנען ווער מיר זיינען און זיי האָבען אונז פאַרגעשלאָגען זייער גאַסטפריינדליכקייט.

די פויערטע האָט זיך איבערגע'צלמ'ט און האָט באַטראַכטענדיג אונז, אָנגעהויבען צו וויינען, אויף איהר קוקענדיג האָבען מיר אַלע אויסגעבראָכען אין אַ יאָמערליכען געוויין.

דער פויער און די פויערטע האָבען אונז גענומען טרייסטען, די אַלטיטשקע איז אַוועק און האָט אונז געבראַכט ליילאַכער, זי האָט אויפגעוועקט איהר טאָכטער פון שלאָף און האָט איהר געהייסען איבערגעהן אין אַ צווייטען צימער, בכדי מיר זאָלען קאָנען אויסטאָן אונזערע נאַסע מלבושים און זיך איינהילען אין טרוקענע ליילאַכער, זי האָט גלייך איינגעהייצט דעם אויווען און אויסגעהאַנגען אונזערע מלבושים צום טרוקענען, זי האָט אויך אויפגעזאָטען טיי און האָט אונז דערלאַנגט רייז מיט מילך.

איך האָב זיך אַנטזאָגט פון די רייז מיט מילך און די אַלטיטשקע האָט זיך דערפון געפיהלט שטאַרק געטראָפען, זי האָט פאַרשטאַנען אַז איך אַנטזאָג זיך פון די רייז מיט מילך אויס רעליגיעזע מאָטיוון און זי האָט מיר אַ זאָג געטאָן:

— נישקשה־ניט, פאַראַן צייטען ווען מען מוז דאָס רעליגיעזע געבאָט פאַר־בויגען אין אַ זייט...

אין דעם הויז האָב איך פאַרבראַכט ביז דינסטאָג. דינסטאָג האָב איך זיך געלאָזט צופוס קיין לינסק, אַן ערך 15 קילאָמעטער גאַנג.

אויף מיין וועג קיין לינסק האָב איך אַנגעטראָפען אויף באַקאַנטע וואָס האָבען, מיט טעג צוריק, געשוואַרצט דעם גרעניץ. זיי האָבען אויסגעדריקט אַנטוישונג אין דעם סאָוועטישען רעזשים און האָבען זיך ביי מיר נאָכגעפרעגט צי עס איז פאַראַן אַ מעגליכקייט צו שוואַרצען די גרעניץ אויף צוריק.

איך האָב די דאָזיגע מענשען באַטראַכט פאַר אמת׳ע משוגעים און האָב זיי געפרעגט פאַרוואָס זיי ווילען צוריקפאָרען צו די נאַציס. האָבען זיי מיר געזאָגט אַז די פליכטלינגען זענען זיך אַנגעלאָפען אין די טויזענטער און עס הערשט אַ מיראַ׳דיגע אַרבעטסלאָזיקייט, אַז חלול שבת איז אַ געוויינליכע זאַך, אַז דער יקרות איז אין לשער: 400 רובל אַ פאָר שיך, 800 רובל אַן אַנצוג, וכדומה... אַז פאַר אַ לעבל ברויט מיט עטליכע שטיקלאַך צוקער מוז מען שטעהן אין דער רייה און דער עיקר — דער מאַנגעל אין וואוינונגען, אין די טויזענטער נעכטיגען מענשען אויף דער גאַס אונטערן פרייען הימעל.

זיי האָבען זיך אויך באַקלאָגט אויף דעם סאָוועטישען מענשען, וואָס זאָרגט פאַר דער מענשהייט און פאַרקוקט דעם מ ע נ ש ע ן...

איך האָב זיך געשיידעט מיט די דאָזיגע אומגליקליכע מענשען און בין מיר אַוועק מיין וועג — קיין לינסק.

דער דרויסען איז געווען אַ נאַסער, אַ חשוון׳דיגע קעלט האָט מיך דורכגענו־מען, די שיך האָבען געעפענט זייערע מיילער און איך האָב זיך אַזוי לאַנגזאַם געשלעפט אין דער ריכטונג קיין לינסק. אויף מיין מזל איז אַן אויטאָ מיט רויטע אַרמייער אַנגעקומען, די אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט און איינער פון די רויטע אַרמייער האָט זיך צו מיר געווענדעט:

— קודאַ טאָוואַרישטש אידיאָש? (וואוהין, חבר, געהסטו?)

— קיין לינסק — האָב איך געענטפערט.

ער האָט באַטראַכט מיינע צוריסענע שיך, מיין גאַנצען הילוך און האָט מיר פאָרגעשלאָגען איך זאָל אריינגעהן אין אויטאָמאָביל און זיי וועלען מיך שוין צופיהרען „ק׳ נאַסטאַיאַשטשעמו מיעסטו״ — צום ריכטיגען אָרט.

איך בין אַריין אין אויטאָמאָביל און האָב באַטראַכט די רוסישע אַרמייער: ברייטע פנימער, געזונטע, פּוכבלוטיקע, ערדישע מענשען, הערליכע פּאָלקס־טיפּען, נאַטירליכע גוטע־ברידער, פּשוטע נישט קיין געקינצעלטע מענשען — האַרציגע מענשען!...

זיי האָבען מיך אויסגעפרעגט ווער איך בין, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט און ווי אַזוי איך האָב זיך געראַטעוועט פון די דייטשען.

איך האָב געדערט וועגען די דייטשען ווי איך האָב געפילט — זעהר נעגאַ־טיוו און האָב געשילדערט זייערע אכזריות׳ן און אַזוי שמועסענדיג זענען מיר אַריינגעפאָרען קיין לינסק.

# לינסק פרישט ביי מיר אָפּ אַלטע סענטימענטען

איך האָב זיך ברודערליך געזעגענט מיט די זעהר סימפּאַטישע רויטע־אַרמייער, וועלכע האָבען מיר די גאַנצע צייט פון דער רייזע קיין לינסק צוגע־טיילט גאַסטפריינדליכקייט מיט דער פולער האַנט און ביז אוועק פון זיי אַז אויפגעלעגטער, אַן אָפּגעפרישטער און אַ דאַנקבאַרער.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבען די צאַרישע סאָלדאַטען, בעת דער אָקופּאַציע פון גאַליציע, זיך געלאָזט וואוילגעהן איבער דער ציווילער באַפעלקערונג, באַזונדערס האָבען די רוסישע קאָזאַקען זיך צופירט די הענט איבער דער אידישער באַפעלקערונג, איבער דער „זשידאָווסשטשינע״.

פון די מעשים תעתועים פון די צאַרישע „מאָסקאַליעס״ האָב איך זיך זעהר פיל אָנגעהערט פון מיינע עלטערען און אויך פון זייטיגע מענשען, וועלכע האָבען אויף זייערע אייגענע פּלייצעס איבערגעטראָגען דעם גאַנצען גרויל פון דער דאַמאַלסטדיגער רוסישער אריינדרינגונג.

נאַטירליך, אַז דאָס האָט ביי מיר געשאַפען אַ פאַראורטייל קעגען די רוסען, אָבער ווי אָנגענעם איבערראַשט בין איך געוואָרען קומענדיג פּנים־אל־פּנים מיט די רויטע־אַרמייער: ניט אויף קיין „בעזגראַמאַטנע כאַמולעס״, ניט אויף קיין אויטאָמאַטישע גולמס פון צאַרישען שניט האָב איך אָנגעטראָפען, נאָר אויף אַ גאַר נייעם טיפּ סאָלדאַט, אַ פּראָדוקט פון דער רעוואָלוציע, אַ טיפּ וואָס האָט מיך איבעראַשט מיט זיין באַוואוסטזיניגקייט, מיט זיין האַלטונג און מיט זיין נאַטירליכער פּשטות, וואָס שאַפט אָפּ די מחיצה צווישען איהם און דעם ציווילען בירגער.

אַ באַרוישטער פון דער באַגעגעניש מיט די רויטע־אַרמייער און פון דער גאַסטפריינדליכקייט וואָס זיי האָבען צו מיר ארויסגעוויזען האָב איך — מיט מיינע צופליקטע שיך, פון וועלכע עס האָבען אַרויסגעקוקט די נאַקעטע פינגער — זיך אַוועקגעלאָזט איבער די גאַסען פון לינסק.

די קלייטען זענען געווען פאַרשלאָסען און די גאַסען זענען געווען פאַרפולט מיט הענדלער, שיעור ניט דאָס גאַנצע קליינוואַרג פון לינסק, חדר־אינגלאַך האָבען זיך אַרויסגעלאָזט אויף די גאַסען מיט סיגאַרעטען, שרייב־פּאַפּיר, פענעס, קאַנ־ווערטען, בלייפעדער, טינט, זייף, שיך־בענדלאַך וכדומה . . .

אַ דריבבינקער רעגען האָט גענומען מראַקען און איך האָב באַשלאָסען זיך צו באַזאָרגען מיט אַ דאַך איבער'ן קאָפּ. איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט צום זלאַזיצער רב, ר' סנדר הקטן, אַ יונגערמאַן, אַ גרויסער תלמיד חכם, וועלכער האָט אויפ־געגעבען דעם כסא הרבנות אין זלאַזיץ און האָט זיך, מיט יאָהרען צוריק, אַרויס־געקליבען קיין לינסק, וואו ער האָט געעפענט אַ וויין־געשעפט.

ר' סנדר'ן אליין האָב איך אין הויז ניט געטראָפען, די פרוי איז געלעגען

אין בעט אַ טויט־קראַנקע און אַרום איהר קראַנקען־בעט זענען געזעסען עטליכע פרויען, וועלכע האָבען איהר אויסגערעדט ס׳הארץ.

איך האָב געכאַפּט אַ שמועס מיט די פרויען און בין פון זיי געוואוירע געוואָרען, אַז ר׳ סנדר איז ניטאָ אין הויז, אַז די „יעקעס״ האָבען, בעת זיי זענען נאָך געווען אין לינסק, צופלינדערט דאָס ווייך־געשעפט און געמאַכט תכלית־חרם פון דער באַלעבאַטישקייט אין הויז, בעת די „רויטע״ האָבען „קאָנפיסקירט״, אָדער „רעקוויזירט״ דאָס, פון די נאַציס אפּגעראַטעוועטע, ביסעל אָרימקייט און די פרוי האָט זיך דערפון שטאַרק גענומען צום האַרצען, ליגט זי נעבאך צו בעט . . . און דאַרף רחמים מן השמים . . .

אַפּגענומען אַזאַ גרוס, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז קיין אַנגעלעגטער גאַסט וועל איך דאָ ניט זיין און, בכדי ניט צו פאַרשאַפען די בני־בית קיין עגמת־נפש, האָב איך זיך שנעל אַפּגעטראָגען און בין אַוועק צו מיינער אַ בת־עיר, וועלכע האָט חתונה געהאַט קיין לינסק.

זי און איהר מאַן האָבען זיך גאַר גאַר דערפרייט מיט מיר, ממש מיך ניט אַפּגעלאַזט פון הויז און איך האָב מיט זיי אַ שמועס געטאָן מכח דער נייער מאַכט; ביידע האָבען גערעדט מיט באַגייסטערונג וועגען די רויטע, ביי וועמען עס איז ניטאָ קיין אידען־פּראָבלעם און וועלכע זענען צו יעדער צייט לייטישער פון די פּאָליאַקען אָדער די נאַציס . . .

— און וואָס איז מכח רעליגיעזער אידישקייט? — האָב איך זיך ביי זיי צופרעגט.

— קיין פאַרבאָט אויף שחיטה לויט׳ן אידישען דין, אויס הומאַניטאַרע מאָטיוועז, האָבען די רויטע לעת עתה ניט אַרויסגעגעבען . . . — האָט מיין לאַנדס־פרוי איראָניש באַמערקט און האָט דערציילט, אַז שמחת תורה האָט מען, מיט שטורקאַצען אין די הענט, געטאַנצט אין די גאַסען און געפּראַוועט הקפות ווי אין די אַלטע גוטע צייטען.

— און וואָס האָבען די רויטע אויף דעם געזאָגט? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— די רויטע? — האָט די פרוי געענטפערט — זיי האָבען זיך נאָכגע־פרעגט וואָס דאָס איז אַזוינס, האָט מען זיי דערקלערט, אַז עס איז אַ יום טוב, האָבען זיי געזאָגט: „פּאַזדראַווליאַיעם ס׳פּראַזדניקאָם!״ „מיר באַגריסען אייך צו אייער יום טוב!״ זיי האָבען ניט געשטערט, נאָר אדרבא געמוטיגט, באַגריסט דעם עולם און ווי נייגעריגע צושויער באַטראַכט די יום־טוב׳דיגע פּראָצעסיע.

— און וואָס איז מכח חלול שבת? — האָב איך געפרעגט.

— נישקשה! — האָט דער מאַן געענטפערט — ווער עס וויל ניט מחלל־שבת זיין, גיט זיך שוין אן עצה ווי אַזוי ניט צו אַרבייטען אום שבת.

דער דאָזיגער גרוס און אויך דער טיפער איינדרוק וואָס די רויטע־אַרמייער האָבען אויף מיר געמאַכט, האָבען דאָ אין לינסק ביי מיר דערוועקט אַמאָליגע אַלטע סענטימענטען צום לאַנד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, מחמת נאָך אַלס חדר־אינגעל, ניט וויסענדיג אפילו וואָס סאָציאַליזם איז אַזוינס, האָב איך מיט מיין קינדערשען שכל, אויף מיין אייגענעם קינדערשען שטייגער באַנומען דעם עקאָנאָמישען קאָנטראַסט אין דער געזעלשאַפט.

איך האָב ניט געקענט תופס זיין דאָס וואָס טויזענטער האָרעפּאַשנע פּויערים מיען זיך, טאָג־איין, טאָג־אויס, פון פאַרטאָג ביז שפּעט אין אָווענט אויף די פעלדער פון די פוילישע און דייטשישע גוטבאַזיצער פאַר אַ נישטיגען לוין. איך געדענק, אַז איך האָב אפילו געפרעגט דעם זיידען וועגען דעם און דער זיידע האָט עס מיר פאַרענטפערט מיט'ן דין פון יובל און שמיטה, לקט, שכחה און פאה וכדומה . . .

איך געדענק, ווי איך פלעג, אין מאַרק אויף די ירידים, זיך צוהערען צו די געשפּרעכען פון די פּויערים און פּויערטעס און איך פלעג שיעור ניט ביז טרערען מיטגעריסען ווערען פון זייערע קריוודעס קעגען די פּאַנעס, וועלכע שניידען די פּרוכט פון זייער בידנער פּראַצע . . .

נאָך קינדווייז האָב איך דערינען געזעהן אַן הימעלשרייענדיגע אומרעכט און איך האָב שטאַרק מיטגעפיהלט מיט די פּויערים, וועלכע פלעגען זיך דינגען ביים איינהאַנדלען אַן אַרטיקעל סחורה און דערביי באַקלאָגען זייער גורל.

פון אַ שטאָטישען פּראָלעטאַריאַט, וואָס ווערט עקספּלואַטירט אין די פאַבריקען האָב איך נאָך דאַמאָלט קיין באַגריף ניט געהאַט, אָבער שפּעטער ביין איך פון די צייטונגען געוואויר געוואָרען וועגען אונטערדריקטע סטרייקס, וועגען פּראָצעסען, וועגען קרבנות וואָס זענען געפאַלען ביים אונטערדריקען אַ סטרייק, וועגען טויט־אורטיילען און בעת מיר איז, אין זעלטענע פאַלען, אויסגעקומען זיך צו טרעפען מיט מיינע גרויסשטאָטישע חברים פון לעמבערג אָדער פּשעמישל, חברים וואָס זענען געווען „געכאַפּט אין דער מעשה", האָבען זיי מיך אויפגעקלערט וועגען צוויי קלאַסען וואָס שטעלען צוזאַמען די געזעלשאַפט: אַ קלאַס פון אונטערדריקער און אַ קלאַס פון אונטערדריקטע, אַ קלאַס פון עקספּלואַטירער און עקספּלואַטירטע; וועגען סאָציאַליזם וואָס זוכט אויסצוגלייכען די געזעלשאַפט דורך אָפּשאַפען פּריוואַט־אייגענטום; וועגען אַן אַנאַרכיע אין דער פּראָדוקציע וואָס שאַפט אַרבייטסלאָזיגקייט, און טויזענטער מענשען ווערען ברויטלאָז, אַרבייטלאָז, בעת די נאַטירליכע אוצרות זענען קאָלאָסאַלע און עס קלעקט פאַר אַלעמען אין דער פולסטער מאָס.

מיינע חברים האָבען מיך אריינגעפיהרט אין דער סאָציאַליסטישער וועלט, מיך באַקאַנט מיט קאַנט און העגעל, מיט מאַרקס און לענין, מיט פּאָליטישער עקאָנאָמיע, פּלאַנירטע ווירטשאַפט, אָביעקטיווע און סוביעקטיווע פאַקטאָרען, וכדומה.

פון די אַלע מאַרקסיסטישע טעאָריעס האָט צו מיר אַמשטאַרקסטען אַפּעלירט די טעאָריע וועגען פּלאַנירטער ווירטשאַפט און איך האָב באַשלאָסען, בגנבה, צו כאַפּען אַ בליק אין די פאַרבאָטענע ספרים וועגען דער לערע פון סאָציאַליזם וואָס באַדאַרף אין דער צוקונפט שאַפען אַ גן־עדן פאַר דער געזעלשאַפט.

איך האָב זיך מיט גרויס פלייס צוגעכאַפּט צו פּראָפעסאָר אָסענדאָווסקי'ס צוויי בענדער: „וואָס האָט לענין'ען דערפירט צום קאָמוניזם?" אין דעם דאָזיגען ווערק ווערט לענין אַרויסגעבראַכט ווי אַן ערליכע פּערזענליכקייט, ווי אַן אומקאָמפּראָמיסליכער רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט מקריב געווען אַלץ און אַלעס פאַר דער אידייע פון קאָמוניזם.

נאַטירליך, אַז איך בין שטאַרק באַאיינדרוקט געוואָרען פון דעם דאָזיגען ווערק און פון דער פּערזאָן, וועלכע ווערט אידעאַליזירט אין דעם ווערק.

בכלל בין איך געוועזן באַגייסטערט פון די רוסישע קלאַסיקער ווי טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, גאָרקי וכדומה.

די דאָזיגע ווערק האָב איך געלייענט מיט פאַרכאַפּטען אָטעם און זיי האָבען אין מיר געוועקט ליבע און פאַרהערונג צו די אָרימע הארעפּאַשנע פאָלקס־טיפּען. אַ באַזונדערען שטאַרקען, ממש אַן אונפאַרגעסליכען רושם האָט אויף מיר געמאַכט טאָלסטאָי׳ס „מיין ווידוי׳׳ און דער פאַקט, וואָס טאָלסטאָי איז געוועזן אַ גראַף און האָט געהאַט דעם מוט אָפען זיך אַרויסצוזאָגען קעגען געוויסע האַנדלונגען פון דער צאַרישער רעגירונג, קעגען געוויסע סאָציאַלע איבלען; דער פאַקט, וואָס הונדערטער פון טאָלסטאָי׳ס פאַרעהרער פלעגען עולה רגל זיין צו איהם קיין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ — דאָס אַלץ האָט מיך אַנגערעגט צו גלאָריפיצירען ניט נאָר טאָלסטאָי׳ען און די אַנדערע רוסישע קלאַסיקער, נאָר אויך דאָס פאָלק, וואָס האָט פון זיך אַרויסגעגעבען אַזוינע קלאַסיקער.

דאָ אין לינסק האָבען די רויטע אַרמייער און דער גרוס פון מיינע פריינט אָפּגעפרישט מיינע אַמאָליגע סענטימענטען צום לאַנד פון פאַרבענקטער אומרו און איך האָב מיינע סימפּאַטיעס אַראָפּגערעדט פון הארצען פאַר די מענשען וואָס האָבען מיך מקרב געווען.

איך האָב זיך געוואָלט זעהן מיט נאָך באַקאַנטע און איך האָב זיך געלאָזט אין בית המדרש אריין דאַווענען מנחה און מעריב.

# איך טרעף זיך מיט נאָך באַקאַנטע

אין בית המדרש, וואו עס פלעגען זיך שטענדיג געפינען בחורים עוסקים בתורה, האָב איך קיינעם ניט געטראָפען, אויסער אַן אַלטען אידען וואָס איז געזעסען איבער אַ „ליקוטי הר״ן״ און האָט געלערנט מיט אַ ניגון וואָס האָט זיך צוגאָסען איבער אַלע ווינקלען פון בית המדרש און האָט מיך דורכגענומען ביז טרערען.

איך האָב באַשלאָסען ניט צו שטערען דעם אידען אין זיין לערנען און בין, מיט שטילע טריט, צוגעגאַנגען צו דער שאַפע ספרים. איך האָב אַרויסגענומען אַ גמרא קדושין און האָב זיך אַוועקגעזעצט.

דער איד האָט מיך באַמערקט און איז צו מיר גלייך צוגעקומען. ער האָט מיר דערלאַנגט שלום עליכם און האָט מיך אַ פרעג געטאָן:

— מה שמך?

— פנחס — האָב איך געענטפערט.

— מאַין באת? פונוואַנען קומט אַ איד?

— פון דוקלאַ.

דער איד האָט אַ קרעכץ געטאָן, מיך באַטראַכט מיט זיין פאָטערליכען בליק, געשוויגען אַ ווײַלע און האָט זיך אָפּגערופען:

—נו, דאַנקען השי״ת דערפאַר!

— וואו זענען ערגעץ די בחורים, די לומדי תורה, וואָס פלעגען דאָ שטענדיג זיצען על התורה ועל העבודה? — האָב איך אַ פרעג געטאָן דעם אידען.

— די בחורים זענען נעבאַך אַוועק אויפ׳ן מאַרק האַנדלען.

— מעג מען האַנדלען? — האָב איך געפרעגט דעם אידען.

— מ׳מעג יאָ און . . . מען מעג ניט! — האָט דער איד געדרייט מיט׳ן גראָבען פינגער.

— דהיינו?

— דהיינו — האָט דער איד געענטפערט — מען מעג! . . . אַ סימן האָט איהר אַז מען מעג, אַז אפילו חדר־אינגלאַך זענען אַרויס אויפ׳ן מאַרק עוסק זיין אין מקח וממכר, און טאָרען טאָר מען ניט, ווײַל די „רויטע״ ליידיגען אויס די געשעפטען.

— וואָס הייסט זיי ליידיגען אויס די געשעפטען? זיי נעמען צו די סחורות? — האָב איך געפרעגט.

— צונעמען! . . . חס ושלום! . . . צונעמען נעמען זיי טאַקע ניט צו, דערפאַר אָבער רעקווירירען זיי; זיי קאָנפיסקירען, נאַציאָנאַליזירען און עקספּראָפּריאירען . . . — האָט דער איד איראָניש געענטפערט.

— וואָס איז דער אונטערשייד? — האָב איך געפרעגט.

— עס איז שוין גאר אַ גרויסער אונטערשייד — האָט דער איך געענט־פערט און ער האָט מיר דערציילט אַ משל:

,,ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער זי״ע איז אַמאָל געפאָרען אין וועג מיט אַ בעל־עגלה. ווען עס איז געקומען מנחה־צייט איז דער צדיק ר׳ לוי־יצחק אַרונטערגעגאַנגען פון וואָגען און האָט זיך געשטעלט דאַווענען.

,,נאָכ׳ן דאַווענען האָט ר׳ לוי־יצחק באַמערקט, אַז דער וואָגען האָט אַ נייע ראָד, האָט ער געפרעגט דעם בעל עגלה וואו ער האָט ערגיץ געקראָגען די נייע ראָד.

— ,,איך האָב עס ,,אַפּגעפּוידעט׳׳ ביי אַ גוי וואָס איז אַוועק פּאַשען די פערד און האָט געלאָזט דעם וואָגען שטעהן אין מיטען וועג — האָט דער בעל־עגלה געענטפערט.

— ,,וואָס הייסט ,,אַפּגעפּוידעט׳׳? — האָט זיך ר׳ לוי־יצחק גע׳חדוש׳ט.

— ,,כ׳האָב עס ,,אַוועקגעמאַרעוויכערט׳׳ — האָט דער בעל־עגלה געענטפערט.

,,וואָס הייסט ,,אַוועקגעמאַרעוויכערט׳׳? — האָט ר׳ לוי־יצחק געפרעגט.

— ,,כ׳האָב עס, פאַרשטעהט איהר מיך, ,,אַוועקגע׳לקחנ׳ט׳׳ — האָט דער בעל־עגלה געזאָגט.

,,דער צדיק ר׳ לוי־יצחק האָט פאַרגלאָצט די אויגען צום הימעל און האָט אויסגערופען: רבש״ע! זעה ווער דיינע אידען זענען: זיי ,,פּוידען׳׳, זיי ,,מאַרע־וויכערען׳׳, זיי ,,לקחנ׳ען׳׳, אָבער — זיי גנב׳ענען ניט!׳׳

,,די ,,רויטע׳׳ נאַציאָנאַליזירען, עקספּראָפּריאירען, קאָנפיסקירען און רעקווי־זירען, אָבער — ז י י נ ע מ ע ן נ י ט צ ו׳׳.

— אָבער די ,,רויטע׳׳ צווינגען דאָך ניט די חדר־אינגלאַך, אַז זיי זאָלען טאָן מסחר — האָב איך געזאָגט צום אידען.

— צווינגען, צווינגען זיי טאַקע ניט — האָט דער איד געענטפערט — אָבער מיט זייער אריינקום האָט זיך דער כח הדעת דקדושה אָפּגעטאָן און דער כח הדעת פון דער סטרא־אחרא איז זיך מתגבר און די יוגענט ווערט נעבאָך פאַרכאַפּט פאַר אַ נייער אמונה, וואָס פאַרלייקענט די אמת׳ע אמונה.

— צווינגען דען די ,,רויטע׳׳ צו חלול שבת?

— זיי צווינגען טאַקע ניט, אָבער זיי פאַרשפּרייטען ליטעראַטור וואָס מאַכט חוזק פון אמונה און פון אַלץ וואָס איז אונז, אידען, הייליג און טייער.

— אָבער זיי קעמפען דאָך פאַר אַ גרויסען אמת?

— זייער ,,אמת׳׳ איז אַרומגעהילט מיט טויזענטער שקרים, זיי ווילען בויען אַ ,,פּלטין של אמת׳׳ מיט ,,אבנים של שקר׳׳.

— זיי האָבען אָפּגעשאַפט דאָס אידען־פּראָבלעם! — האָב איך געפּרואווט פאַרטיידיגען די רויטע.

— דאָס איז דער ,,אמת׳׳ אַרום וועלכען עס דרייען זיך טויזענטער שקרים.

און דער איד האָט אַרויסגענומען פון זיין סטענדער אַ ספר׳ל און האָט דערפון אַרויסגעלערנט אויפ׳ן קול מיט אַ ניגון:

,,אויף דעם עולם השקר ווערט דער אמת אומגעביטען אויף שקר, גוטס אויף שלעכטס, ליכט אויף פינסטערניש און אַט די אַלע חלופים ווערען נמשך

פון די היכלי התמורות, וועלכע האָבען זיך מתגבר געווען אין דעם טאָג וואָס אדם הראשון איז נכשל געוואָרען מיט'ן עץ הדעת.

„זינט יענעם טאָג הערשט אין דער וועלט אַ צומישעניש און מיט יעדען טאָג זענען זיך אין דער וועלט מתגבר די תמורות מיט די חלופים און די וועלט ווערט געפּיהרט להיפוך צום אמת; יעדער באַזונדער האַלט, אַז ביי איהם און נ א ר ב י י א י ה ם ליגט דער אמת, אַזוי אַז עס איז שווער מבחין צו זיין צווישען אמת און שקר, ווייל תיכף ווי נאָר עס ווערט נתגלה אַן אמת אין דער וועלט, ווערט דער נייער אמת נתלבש אין אַהן אַ צאַל שקרים".

זיין קול האָט געקלונגען נבי'איש און דער ניגון זיינער האָט זיך צוגאָסען איבער אַלע מיינע אברים.

איך האָב איהם געפרעגט וואָס פאַר אַ חסיד ער איז.

— אַ בראַסלאַווער! — האָט ער געענטפערט.

איך האָב זיך אַנגענומען מיט מוט און האָב איהם זעהר פאַרזיכטיג אַ פרעג געטאָן צי ער גלויבט אין . . . סאָציאַלען קאַמף?

דער איד האָט אויף מיר אויסגעגלאָצט אַ פאַר אויגען און האָט געדרייט מיט'ן קאָפּ אויף ניין.

— פאַרוואָס? — האָב איך געפרעגט.

דער איד האָט מיר אַנטוויקעלט אַ טעאָריע, וועלכע קאָן בקצור פאָרמולירט ווערען אַזוי:

אַז ברויט מיט אוגערקעס איז פּרנסה און ווער עס וויל מעהר איז אַ בעל־גאוה; אַז די מדה פון הסתפקות, פון באַנוגענען זיך, פון וואָס ווייניגער געני־סען, איז זעהר אַ געהויבענע מדה, מחמת די דאָזיגע מדה צוימט די מענשליכע גייציגקייט צו געלט, צו עסען און טרינקען, צו כבוד און אַנזעהן, צו נצחון, צו קנאה און שנאה; אַז וואָס מעהר דער מענש וויל דערגרייכען, אַלץ שטאַרקער זענען זיינע באַדערפעגישען און עס איז ניטאָ אַזאַ מענש אין דער וועלט וואָס זאָל משלים זיין זיינע תאוות; אַז וואָס קלענער דער סכום פון אמונה אין דער וועלט, אַלץ גרעסער דער צאַרן אין דער וועלט; אַז דער קאַמף קעגען אמונה פרעמדט אָפּ דעם מענשען פון זיינע מיט־מענשען און שפרייט חורבן אויף דער וועלט וכדומה . . .

— זענט איהר צופרידען מיט אייער לעבען? — האָב איך זיך געווענדעט צו דעם אידען.

— זעהר צופרידען! — האָט דער איד געענטפערט, און האָט צוגעגעבען, אַז אויב אימיצער וואָלט איהם וועלען אויסבעסערען זיין לעבען, וואָלט ער דעם יעניגען פאַרטריבען פון זיך, ווייל „וואָס פאַר אַ באַגריף האָט יענער וועגען מיין פערזענליכען חיים־טובים, וואָס ער נעמט זיך עס אונטער אויסצובעסערען!?

„אנשטאָט אויסצובעסערען מיין לעבען זאָל ער בעסער זוכען פערזענליכע שלימות".

און דער איד האָט מיך געראַטעוועט, אַז איך זאָל אַנטלויפען פון די וואָס „ווילען גוט מאַכען די גאַנצע וועלט". ער האָט זיי באַצייכענט פאַר „פ ר ו מ ע ר ש ע י ם" וואָס מיט זייער פרומער רשעות זוכען זיי אָפּצופרעמדען דעם

מענשען פון זיין אייגענעם שורש־נשמה און ווילען, אז „אלע יונים זאלען האבען איין פנים!״

— אבער די כונה פון די דאזיגע מענשען — האב איך זיך געבעטען ביים אידען — איז דאך אן ערליכע.

— לכתחילה איז זי אפשר אן ערליכע — האט דער איד צוגעגעבען — אבער לסוף זענען זיי נוטה פונ׳ם אמת, זיי מאכען זיך דערויף א היתר, זיי וויקלען איין די טומאה אין דער יראה און דער צוועק הייליגט דעם מיטעל און ווי די זאך זאל ניט זיין, זענען זיי עוסק אין דער השחתה פון דער וועלט!״

— למשל?

— למשל? — האט דער איד מיך אפגעמאסטען מיט זיינע קלוגע מילדע אויגען און האט פארגעזעצט: קוקט מיט אפענע אויגען, וועט איהר זעהן אז פון דער חכמה פון די מחקרים איז נאך קיינמאל קיינעם קיין טובה ניט ארויס־געקומען און אויב עס איז פון זייער חכמה יא ארויסגעקומען א שטיקעל טובה פאר דער וועלט, האט די זעלבע טובה, אין פיל פרטים, גורם געווען צרות צו דער וועלט.

און דער איד האט מיר אויפגעוויזען אויף א גאנצער ריי מיט סתירות אין דעם קאמוניזם, סתירות וואס לאזען זיך ניט אפלייקענען: ער האט מיר אויפגע־מישט די מאסקווער פראצעסען און האט אויסגעברייטערט, אז אויב א פארטיי קאן פון זיך ארויסגעבען אזוי פיל פאררעטער, טא ווי קאן א מענש א בר־דעת גלויבען, אז אזא פארטיי קאן ברענגען א סאציאלע גאולה? פארקערט ווידער, אויב עס איז געמאכט געווארען א בלבול אויף אומשולדיגע מענשען, און ניט סתם מענשען, נאר מענשען טעארעטיקער, פאלקס־דערציהער, סאציאלע קעמפער וכדומה, טא ווי קאן א מענש א בר־דעת גלויבען, אז מענשען וואס זענען פעאיג צו ארגאניזירען אזא מורא׳דיגען בלבול, זאלען די זעלבע מענשען דערפירען די וועלט צו אמת און יושר? !

ער האט מיר אויפגעוויזען אויף דעם „פערזאנען קולט״, וואס דער סטא־ליניזם האט אנטוויקעלט אין רוסלאנד. סטאלין איז שיעור ניט אן אפגאט, בעת דער מארקסיזם פארלייקענט דעם יחיד און שטעלט אוועק די געזעלשאפט אין פאדערגרונט.

— אבער סאציאלע רעפארמען קומען דאך פאר אין דער וועלט, און די דאזיגע רעפארמען ווערען דאך אלעמאל אויסגעקעמפט? — האב איך ארגומענ־טירט.

— שנויים, ענדערונגען, קומען פאר אויטאמאטיש, פון זיך, און די סאציאלע ענדערונגען זענען דער פועל־יוצא פון די אלגעמיינע נאטירליכע שינויים, וואס דאס איז אפילו מארקס מודה — האט דער איד געענטפערט; — נישט מעהר, האט דער איד אויסגעברייטערט — די סאציאלע קעמפער האלטען אפ דעם נאטיר־ליכען פראצעס פון די ענדערונגען, און ניט נאר זענען זיי ניט מקרב די ענדערונ־גען לטובה, נאר מיט זייער קאמף, וואס איז דורכאויס א קאמף פאר פערזענ־ליכען קרעדיט, שטופען זיי אפ דעם פראגרעס אויף דורות שפעטער און ווען מ׳זאל אונטערציהען א סך הכל פון די קרבנות וואס די וועלט צאלט דערפאר,

וואלט מען איינגעזעהן, אַז די סאָציאַלע קעמפער זענען אַן אומגליק פאַר דער וועלט, אַז רובם ככולם זענען זיי געפערליכע בעלי־גאוה׳ניקעס, וואס ליידען פון אַ תאוה פאַראייביגט צו ווערען און אויף ממלא צו זיין די דאָזיגע תאוה זענען זיי גרייט מקריב צו זיין מיליאָנען מענשליכע לעבענס

זייך לעצטע השערה האָט אויף מיר אַנגעוואָרפען אַ פחד און איך האָב איהם געפרעגט צי דאָס איז זיינע אַן השערה, אָדער ער גלויבט טאַקע דערינען באמונה שלימה.

דער איד האָט מיר געענטפערט, אַז דאָס איז ניט סתם אַן השערה, נאָר אַז אַזוי האָט געזאָגט דער הייליגער רבי און ער גלויבט דערינען באמונה שלימה, וחוץ לזה האָט דער קאָמוניזם באַגרינדעט דעם רבינ׳ס הייליגע ווערטער.

איך האָב דעם אידען אַנגעוויזען אויף די סאָציאַלע עלעמענטען אין דער תורה און דער איד האָט מיט מיר ניט מסכים געווען, ער האָט אין אַן עטוואָס־ברוגז׳ליכען טאָן מיר אויפגעוויזען, אַז אַן עוסק בתורה טאָר זיך ניט טועה זיין מיינענדיג, אַז ער האָט שוין אויסגעשעפּט אַ געוויסע השגה פון דער תורה לארכה ולרחבה, באשר אַזאַ צוגאַנג איז לחלוטין ניט קיין „השגה של אמת״, מחמת די תורה איז לויטער רוחניות און דער צוגאַנג צו די השגות פון דער תורה, ווי צו אַלץ וואָס איז פון העכערען ווערט — מוז זיין אַ ר ו ח נ י ו ת ׳ ד י ג ע ר און ביי אַ רוחניות׳דיגען ענין איז ניט שייך דער באַגריף פון אָרט און צייט, במילא איז אוממעגליך אויסצושעפּען די השגות פון דער תורה און דער וואָס באַמיהט זיך דוקא אויסצושעפּען די באַגריפען פון דער תורה איז מ ג ש ם דאָס רוחניות׳דיגע דורכדעם וואָס ער פאַרוואַנדעלט עס אין אַ „ממשות״ צוגעפּאַסט צום געדאַנקענ־גאַנג פון זיין באַגרעניצטען שכל.

— איז וואָס זשע בלייבט צו טאָן? — האָב איך זיך געווענדעט צום אידען ווי אַ תלמיד צו אַ רבי׳ן.

— יונגערמאַן — האָט דער איד געענטפערט — זוכט ניט קיין שלימות אין דער וועלט און האָט ניט קיין סמיכה אין קאָמוניזם, מחמת דער קאָמוניזם נעמט רוחניותדיגע ענינים און איז זיי מגשם און דערפאַר איז זייער אידייע אַ פאַרפירערישע.

— אויב אַזוי — האָב איך געזאָגט — לוינט זיך אפשר צו קעמפען קעגען קאָמוניזם?

— ניין! — האָט דער איד געענטפערט — קעמפט ניט קעגען דער רשעות פון דער וועלט, וואַרצעלט בעסער אויס דאָס אייגענע רשעות, קעמפט בעסער מיט זיך אַליין. קעגען קאָמוניזם וועלען שוין בקרוב די נאַצים קעמפען און איהר זענט דאָך ניט קיין נאַצי, רחמנא לצלן . . .

דער עולם איז געקומען דאַוונען מנחה און אונזער געשפּרעך איז איבערגע־ריסען געוואָרען. צווישען די אָנקומענדיגע אידען האָב איך אַנגעטראָפען אויף

אַלטע באַקאַנטע, וועלכע האָבן זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט. פון מיינע באַקאַנטע בין איך געוואויר געוואָרען, אַז דער איד מיט וועמען איך האָב די גאַנצע צייט פאַרבראַכט, איז נאָך מיט יאָהרען צוריק אַוועק פון אוקראַינע קיין פוילען און אַז זיינער אַ זוהן איז אין רוסלאַנד אַ גאַנצער כל ולך, אַן אנגעזע־הענער טוער, נישט מעהר דער פאָטער ווייסט ניט צי ער לעבט אָדער ער איז אַ „ליקווידירטער".

מ'האָט אָפּגעדאַוועגט מנחה און מעריב; איך האָב זיך געזעגענט מיט דעם אידען און בין אַוועק אויף נאָכטלעגער צום לינסקער רב, ר' מנחם־מענדעל הורוויטץ.

# איך האָב ניט וואָס צו טאָן אין לינסק

צום לינסקער רב ר׳ מנחם־מענדל זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַ סך פון מיינע באַקאַנטע, אַלע נידערגעשלאָגענע פון די לעצטע מורא׳דיגע איבערלעב־בונגען; כמעט יעדער פון זיי האָט געהאַט צו דערציילען נסים ונפלאות ווי אַזוי זיי האָבען זיך געראַטעוועט פון טויט, כמעט אַלע זענען זיי דורכגעגאַנגען אַלע שבעה מדורי גיהנום און האָבען אויסגעדריקט צופרידענהייט מיט׳ן אָנקום פון די באַפרייער — די רוסען.

אויך דער רב האָט געהאַט צו דערציילען וועגען די נאַציס, וועלכע זענען אריין צו איהם אין הויז בעת ער איז, אין טלית און תפילין, געשטאַנען שמונה־עשרי. זיי האָבען איהם באַפוילען, אַז ער זאָל תפילה טאָן בקול רם, דער רב האָט אַזוי געטאָן און ווען ער האָט געזאָגט „השיבנו אבינו לתורתיך״ האָט דאָס וואָרט „השיבנו״ אָפּגעקלונגען אין די נאַצישע אויערען ווי „שווייַן״.

די נאַציס זענען געוואָרען מלא רציחה, האָבען איהם גע׳הרג׳עט, געשלאָגען מכת רצח, אַרונטערגעריסעןביידע תפילין, זיי אַרונטערגעוואָרפען אויף דער ערד און איהם באַפוילען, אַז ער זאָל אויף זיי טרעטען מיט די פיס, און דערפאַר וואָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט מבזה צו זיין די תפילין, האָבען זיי איהם געצוואונגען אַז ער זאָל שרייען בקול רם: „איך, דרעקישער יודע בין אַ שווייַן!״

— אָבער איצט? — האָב איך זיך אָפּגערופען.

—איצט איז בה״ש בעסער — האָט דער רב געענטפערט — אָבער . . .

— אָבער וואָס?

— אָבער וואָס קומט אַרויס פון דער בעסערקייט — האָט דער רב טרויעריג געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ — אַז דאָס הפקרות אין שטאָט וואַקסט, אַז חלול שבת איז געוואָרען אַ געוויינליכער עניָן, אַז די קהילה איז אויפגעלייזט געוואָרען און די יוגענט באַמיט זיך איינצוקויפען אין יחוס ביי די נייע מאַכטהאָבער און איך בין געוואָרען אויס פּוסק אחרון . . .

— איז וואָס זשע טוט איהר? — האָב איך געפרעגט דעם רב.

— איך בין די גאַנצע צייט „עוסק אין „פדיון שבויים״.

און דער רב האָט מיר דערציילט, אַז כמעט אַלע טאָג כאַפּען די „רויטע״ אומלעגאַל אַריבערגעקומענע, פון די נאַציס אַנטלאָפענע אידען, וכפי די „רויטע״ האָבען מורא פאַר שפּיאָנאַזש, ווערען די געכאַפּטע פאַרשפּאַרט אין דער לינסקער תפיסה און דער רב לייזט זיי אויס, איז זיי מכניס צו זיך אין הויז אריין און טיילט זיך מיט זיי ממש מיט׳ן לעצטען גראָשען וואָס ער פאַרמאָגט.

איך האָב געפרעגט דעם רב ווי אַזוי ער לייזט דאָס אויס די געכאַפּטע און ער האָט מיר דערקלערט, אַז אין לינסק זענען שוין אַ סך יוגענטליכע אריין צו די „רויטע״, געוואָרען ביי זיי גאַנצע רעדעלפירער, און צווישען די דאָזיגע

רעדעלפירער זענען פאַראַן אַ סך פון זיינע תלמידים, פועל'ט ער דורך זיי אויס די באַפרייאונג פון די געכאַפּטע.

איך האָב דאַן געפרעגט דעם רב, צי אַזאַ מענש ווי איך האָב אויסזיכטען אויף פרנסה אין לינסק, האָט מיר דער רב געענטפערט, אַז אויב איך וויל זיך דערנערען דורך ארבייט וועל איך מוזען מחלל שבת זיין, און אויב איך וויל זיך אַפּגעבען מיט האַנדעל, איז אַ פראַגע צי איך פאַרמאַג גענוג געלט אויף אנצופירען מסחר אויף דער „שוואַרצער בירזשע", וועלכע ווערט באַקעמפט פון די „רויטע".

איך האָב אַ שמועס געטאַן מיט דעם רב'ס קינדער, האָבען זיי מיר דער־ציילט, אַז ביז איצט זענען זיי געווען „סמוכים על שולחן אביהם". אָבער איצט ווען דער פאָטער בלייבט אָהן אויסזיכטען אויף פרנסה און אויף חלול שבת ווילען זיי ניט איינגיין, — האָבען זיי בדעה צו פאַרלאָזען די שטאָט און אויסוואַנדערען קיין לעמבערג און זיי האָבען מיך אויך געראַטען, אַז איך זאָל פאַרען קיין לעמבערג. אין לעמבערג, האָבען זיי געזאָגט, איז פאַרט אַ גרעסערער אידישער ישוב און די אויסזיכטען זענען אפשר בעסערע ווי אין לינסק.

דער עולם האָט זיך מיט מיר געזעגענט און איך בין אַ הונגעריגער געגאַנגען שלאָפען מיט דער דעה צו פאַרלאָזען לינסק און דערווייל אָפּפאַרען קיין דאַבראָמיל, וואו איך האָב געהאַט באַקאַנטע חברים.

# איך פאַרלאָז לינסק

אויפ'ן צווייטען טאג בין איך איינס אַזייגער נאָכמיטאָג שוין געווען ביים וואקזאַל, אָבער די באַן איז, אנשטאט איינס אַזייגער, אנגעקומען אַרום 6 פאַר־נאַכט, זי האָט פאַרשפעטיגט אויף גאַנצע פינף שעה.

דער וואקזאַל איז געווען באַלאַגערט פון הונדערטער פאַסאַזשירען פון וועלכע אַ גרויסער טייל האָט זיך, סתם אַזוי, געלאָזט אין וועג אריין.

קיין רייזע־בילעטען האָט מען ניט באַדאַרפט האָבען, די סאָוועטען האָבען געשטעלט די באַנען אין דינסט פון דער באַפעלקערונג פריי, אָהן שום אָפּצאָל. די סיבה: ווייל עס איז נאָך ניט איינגעשטעלט געוואָרען קיין נאָרמאַלער פאַרקער און עס איז נאָך ניט אויסגעאַרבייט געוואָרען קיין פּרייזען־סיסטעם, האָבען מענשען אויסגענוצט די געלעגענהייט צו כאַפּען אַ פרייע רייזע . . .

מיט איבערמענשליכער מי האָב איך מיר דורכגעבראָכען אַ וועג און האָב זיך, אַ צוקוועטשטער, אַ צודריקטער, אריינגעשטופּט אין וואַגאָן אריין. דאָס גליק האָט מיר צוגעשפּילט און איך האָב פאַרכאַפּט אַ פּלאַץ צום זיצען.

אין וואַגאָן איז אַרומגעגאַנגען אַ פּוילישער קאָנדוקטאָר, אויסגעפּוצט אין זיין פּוילישער אוניפאָרם און האָט אַלעמען געפרעגט אויף באַן־בילעטען. דער עולם האָט געקייכט פון געלעכטער און דער קאָנדוקטאָר האָט זיך געטאָן זיינס: ער האָט געפאָדערט אַ בילעט פון יעדען פאַסאַזשיר „מיין אויפגאַבע איז צו טאָן מיין פליכט!" — האָט ער גע'טענה'ט, און איז אַנגעגאַנגען מיט דער אַרבייט . . .

אין נאָרמאַלע צייטען נעמט די רייזע מיט דער באַן פון לינסק קיין דאָבראָמיל צוויי שעה, אָבער די דאַזיגע באַן האָט זיך געשלעפּט גאַנצע זעקס שעה. איך בין אָנגעקומען קיין דאָבראָמיל 12 אַזייגער ביינאַכט, האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון מיינעם אַ באַקאַנטען, וועלכער האָט מיך אויפגענומען מיט אָפענע אַרעמס און איך האָב זיך ווידעראַמאָל געלעגט אין בעט אריין אַ הונגעריגער. מיין באַקאַנטער האָט מיר קיין עסען ניט פאָרגעשלאָגען און איך, וויסענדיג אַז ברויט איז דאָ אַ יקר־המציאות, האָב ניט געהאַט דעם מוט מודה צו זיין, אַז איך בין הונגעריג.

אַ הונגעריגער האָב איך זיך די גאַנצע נאַכט געקאַרטשעט אין אַנגסטען אויפ'ן געלעגער און מיין העכסטער באַגער, מיין גרעסטע אַמביציע איז געווען — צו דערציען ביז טאָג און זיך שטעלען אין דער ריי נאָך ברויט.

איך האָב פאַרגעסען אַז לעמבערג, וואָס מיר לעמבערג, וועה מיר לעמבערג, איך האָב מיט'ן גאַנצען האַרצען חרטה געהאַט פאַרוואָס איך האָב זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אריין פון לינסק, געווען באַדאַרפט זיך אין לינסק שטעלען אין „אָטשערעד" און קריגען אַ ברויט. מיט אַ ברויט קאָן אַזאַ מענש ווי איך אָפּלעבען גאַנצע אַכט טעג! . . . און איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם בראָסלאָווער חסיד פון לינסק, וועלכער האָט מיר געזאָגט:

„ברויט מיט אוגערקעס איז פרנסה און ווער עס וויל מעהר איז אַ בעל־גאוה".

איך האָב געפּרואווט אָפּוועגדען מיין געדאַנק אין אַן אַנדער ריכטונג, האָב אנגעהויבען טראַכטען פון „לא על הלחם לבדו יחיה האדם", אָבער דער מאַגען האָט באַווירקט דעם באַוואוסטזיין אויף איין פונקט: ב ר ו י ט!

איך האָב זיך פאַרשעמט פאַר זיך אליין און האָב ארייגעמורמעלט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט:

„ראה ד' והביטה כי הייתי זוללה!" . . .

כאור הבוקר האָב איך בקיצור אָפּגעדאַווענט און אין דער באַגלייטונג פון מיין ידיד ביי וועמען איך האָב גענעכטיגט, בין איך אַוועק צום פלאַץ וואו דאָס ברויט ווערט אויסגעטיילט.

עס האָט מיר גענומען שווינדלען אין די אויגען באַטראַכטענדיג די ריזיגע מענשעד־מאַסע, וועלכע איז געשטאַנען אין אַ געשלענגעלטער ריי נאָך ברויט.

איך האָב זיך געשטעלט אין דער ריי, דער עולם איז געווען אויפגעבראַכט, ווערטער פון פּראָטעסט און אַנטריסטונג האָבען זיך דורכגעוואָרפען צווישען עולם, קיין גאַלגאַן־הומאָר האָט אויך ניט אויסגעפעלט, אַזוי למשל האָט איינער געזאָגט, אַז אין רוסלאַנד זענען אַלע בירגער באַזאָרגט מיט עראָפּלאַנען, האָט איהם אַ צווייטער געפרעגט: צו וואָס באַדאַרף אַ ציווילער בירגער האָבען אַן עראָפּלאַן?

— בכדי טאָמער מאַכט זיך, אַז אַ בירגער פון כאַרקאָוו ווערט געוואויר אַז אין אירקוטסק טיילט מען איצט אויס ברויט, כאַפּט ער דעם עראָפּלאַן און פליהט קיין אירקוטסק זיך שטעלען אין „אָטשערעד" — איז געווען דער ענטפער.

אַרום 4 אַזייגער נאָכמיטאָג האָב איך געקראָגען אַ ברויט און האָב זיך, אַ גליקליכער, געלאָזט אַהיימגיין.

אויפ'ן וועג אַהיים איז מיר אַנטקעגענגעקומען אַן עלטערע פרוי, זי האָט זיך פאַר מיר אַנטשולדיגט און האָט מיך אין אַ פּרעכטיגען פּויליש געבעטען, אַז איך זאָל האָבען איינזעהעניש מיט איהר עלטער און זאָל מיט איהר גומל חסד זיין: איך זאָל איהר פאַרקויפען אַ האַלבען ברויט, מחמת די פיס דינען איהר ניט אויף צו שטעהן אין דער ריי.

איך בין געבליבען שטעהן אַ פּריטשמעליעטער.

די פרוי האָט זיך אָפּגערופען: „זאָגט ניט אָפּ אַן אַלטער, קראַנקער, אומגליקליכער פרוי. איך האָב טשערוואָנצעס, איכ'ל אייך גוט באַלוינען און ג—ט אין הימעל וועט אייך דערפאַר בענשען מיט כל טוב . . ."

איהר האַרצרייסענדער אַפּיל, איהר עלטער און דער אַריסטאָקראַטישער אויסזעהן איהרער האָבען אויף מיר שטאַרק געווירקט און איך האָב, אינמיטען גאַס, אַרויסגענומען מיין מעסערל, האָב צושפּאַלטען דאָס ברויט אויף צווייען און האָב איהר דערלאַנגט אַ העלפט.

די פרוי האָט מיך באַשאָטען מיט ברכות און האָט מיך געוואָלט באַלוינען מיט אַ גוזמא געלט, אָבער איך האָב זיך ביי איהר אָפּגעבעטען אונטער'ן אויסרייד, אַז איך וויל מיין מצוה ניט פאַרקויפען פאַר געלט.

איבעראַשט פון מיין ברייטהאַרציגקייט איז די פרוי געוואָרען שטאַרק

צוגעלאָזען צו מיר און האָט גענומען אויסרעדען איהר ביטער האַרץ פאַר מיר:
זי איז אַן אַלמנה, איהר מאַן איז געווען אַן אָנגעזעהענער פּוילישער אַריסטאָקראַט,
איהר משפּחה באַשטייט פון פּראָפעסאָרען, וויסענשאַפטלער, קינסטלער וכדומה.
אַלע איהרע קינדער זענען אַוועק אין דער מלחמה און זי ווייסט ניט וואָס פון
זיי איז געוואָרען. זי איז נאָך איצט רייך און האָט טשערוואָנצעס, וועלכע זי
וויל אויסבייטען אויף פּוילישע זלאָטעס.

זי האָט זיך ממש געבעטען איך זאָל מיט איהר טאָן אַ שטיקעל מסחר או
איך האָב איהר געזאָגט, אַז ניט איך ווייס דעם קורס פון וואַליוטע און ניט אי
האָב גענוג זלאָטעס אויף צו האַנדלען.

— טאָ טוט מיר אַ טובה — האָט זיך די פרוי געבעטען — און נעמט
ביי מיר אַ הונדערט טשערוואָנצעס אומזיסט — אַ מתנה, אין אָנדענק פון
אונזער באַגעגעניש.

אויף אַן אומזיסטער מתנה האָב איך ניט געוואָלט איינגיין, האָב איך איהר
אוועקגעגעבען מיינע איבער הונדערט זלאָטעס פאַר וועלכע זי האָט מיר געגעבען
טשערוואָנצעס לויט איהר אייגענעם קורס.

מיר האָבען זיך האַרציג געזעגענט, זי האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ג—ט
וועט מיך באַלוינען פאַר דעם חסד וואָס איך האָב מיט איהר געטאָן און מיר
זענען זיך צוגאַנגען.

געקומען אַהיים האָב איך געטראָפען אַ פּאָר דוקלער חברים, וועלכע זענען
מיך געקומען זעהן. איך האָב זיי דערציילט וועגען דער באַגעגעניש מיט דער
פרוי און וועגען דעם מסחר וואָס איך האָב מיט איהר געמאַכט, זיי האָבען ביי
מיר אָפּגעקויפט די טשערוואָנצעס און איך האָב מיך ליד מרויח געווען איבער
הונדערט זלאָטעס.

איך האָב זיך שואל־עצה געווען מיט מיינע חברים צי איך זאָל בלייבען אין
דאָבראָמיל, האָבען זיי מיר געענטפערט, אַז זיי אַליין האָבען אויך בדעה צו
פאָרען קיין לעמבערג.

מיט אַ פאַרדאָפּעלטען קאַפּיטאַל אין קעשענע און מיט ברויט אין טאָרבעלע
ווי אין פּסוק שטייט: „אינו דומה מי שיש לו פת בסלו למי שאין לו פת בסלו" —
האָב איך גענומען די באַן און האָב זיך דערשלאָגען קיין לעמבערג.

# לעמבערג

דער לעמבערגער וואקזאל איז געווען איינגעטונקען אין רויטע פאנען און דעקארירט מיט פארטרעטען פון סטאלין, קאלינין, וואראשילאוו און מאלאטאוו.

אויך די טראמווייען זענען געווען איינגעהילט אין פאנען און באהאנגען מיט פארטרעטען פון פארשידענע פארשטייער פון דער סאוועטישער רעגירונג.

איבער דער שטאט האבען געפלאטערט רויטע פאנען, וועלכע זענען ארויסגעשטעלט געווארען אויף די דעכער פון די הויך־שטאקיגע געביידעס; מיליטעררישע פאראדען זענען פארגעקומען איבער די הויפט־גאסען פון שטאט און אפגעריסענע, אפגעשליסענע פליכטלינגען האבען ממש פארפלייצט די טראטוארען פון די גאסען; סאוועטישע הימנען געזונגען פון פאראדירענדיגען מיליטער האבען פארהילכט די גאסען, און די ווענט פון געזעלשאפטליכע אינסטיטוציעס, בענק, קיאסקען וכדומה זענען געווען באהאנגען מיט בילדער פון סאוועטישע גדולים.

איך בין פארפארען אויף זשולקאווסקע גאס נומער 5 צו מיין פריינט משה ברינער. ער האט מיך זעהר ווארים אויפגענומען און האט מיך, צו מיין גרויסער איבעראשונג, מכבד געווען מיט עסען און טרינקען. איך האב ביי איהם פארבראכט א פאר שעה און האב איהם אויסדערציילט אלץ וואס איך האב דורכגעמאכט, די פארשיידענע גלגולים וואס איך בין דורכגעגאנגען ביז איך בין ענדליך מגולגל געווארען קיין לעמבערג ער האט מיר אויסגערעדט ס'הארץ, מיך געטרייסט מיט כל'ערליי נחמות און האט מיך פארזיכערט, אז איך וועל נאך, איה"ש, זוכה זיין צו גרויסע עליות, מחמת די ספרים זאגען, אז בכדי א מענש זאל זוכה זיין צו אן עליה, מוז ער קודם דורכמאכען פארשיידענע נפילות און ירידות; ער האט מיר אויך געזאגט, אז אין לעמבערג געפינען זיך קרוב צו א האלבען מיליאן פליטים („בעזשענצעס" בלע"ז) און זיי האבען נעבאך ניט וואו דעם קאפ אוועקצולייגען, שטיקען זיי זיך, ווי הערינג אין א פעסעל, צו 15 מענשען אין א צימער, און אלע הייזער פון שטאט זענען פארפולט פון זיי, ממש „אין בית אשר אין שם מת ", ניטא קיין הויז וואס זאל ניט האבען קיין „בעזשענצעס".

— און וואס טוען זיי, די „בעזשענצעס" ? — האב איך איהם געפרעגט.

— זיי שטייען אין „אטשערעד" — האט ער געענטפערט.

— און וואס זאל א י ך טאן ?

— גיי גלייך אוועק פונדאנען און שטעל זיך, זיי מוחל, אין „אטשערעד" ! — האט ער געזאגט.

— אבער אויף צו שטעהן אין „אטשערעד" מוז מען דאך האבען שיך, און מיינע שיך זענען צופליקט, צופיצעלט און צוריסען ?

— טאָ שטעל זיך אין „אָטשערעד‟ — וועסטו אפשר, איז טעג אַרום, קריגען אַ פּאָר שיך . . .

— און וואָס קאָסטען אַ פּאָר שיך ?

— העכער דריי הונדערט רובעל !

אַזאַ סומע האָב איך ניט פאַרמאָגט, און צו שטעהן אין „אָטשערעד‟ עטליכע טעג נאָכאַנאַנד האָב איך זיך ניט געפיהלט אין די כוחות, האָב איך איהם געבעטען, אַז ער זאָל מיט מיר, עד לחשבון, צופאָרען אויף סטאַניסלאַוואַ גאַס צו מיין אָנקעל משה. הפנים, אַז זיינע פינאַנסען זענען אויך געווען נעבאָכדיגע, מחמת אנשטאָט צו פאָרען, האָט ער מיר פאָרגעשלאָגען אַז מיר זאָלען בעסער צוגעהן צופוס, ניט קוקענדיג דערויף וואָס די פינגער פון מיינע פיס האָבען זיך אַרויסגעזעהן און איך בין געווען מיד פון דער רייזע.

אויפ׳ן וועג צום אָנקעל משה זענען מיר פאַרבייגעגאַנגען די צענטראַלע גאַס, וואו עס זענען מיט טעג צוריק אויפגעשטעלט געוואָרען צוויי סטאַטועס, מאָנומענ־טען פון לענין און סטאַלין.

אַרום די מאָנומענטען האָבען זיך אַלעמאָל צוזאַמענקליבען פרישע פּאָר־בייגעהער און האָבען זיי באַטראַכט. מיין פריינט ברינער און איך האָבען זיך אויך אָפּגעשטעלט אַ בליק טאָן אויף די מאָנומענטען. איינער פון עולם, אויפ׳ן אויסזעהן אַ לומפּען־פּראָלעטאַריער, אַן אָפּגעריסענער, אַן אָפּגעשליסענער, מיט אַ צוכראַסטעטען האָריז, אַהן אַ היטעל אויפ׳ן קאָפּ איז געשטאַנען האַרט לעבען די מאָנומענטען און האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

זיין אויסזעהן און זיין מאָדנער שאָקלען מיט׳ן קאָפּ האָט געצויגען אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. איינער פון עולם האָט זיך אָפּגערופען אין דער אוקראַינישער שפּראַך :

—מעכטאַדי, וואָס שאָקעלסטו אַזוי מיט׳ן קאָפּ ?

—איך שאָקעל מיט׳ן קאָפּ און איך טראַכט : סטאַלין, סטאַלין ! פאַרוואָס האָסטו ניט קיין פיס ? וואָלסטו געהאַט אַ פּאָר פיס, וואָלסטו זיך געקאָנט אוועק־שטעלען אין אָטשערעד ! . . .

דער עולם האָט אויסגעשאָסען אַ געלעכטער. מעכטאַדי האָט זיך געקראַצט אין קאָפּ און האָט אונטערגעזיפצט :

— שוין איינמאָל אַ וועלטעלע !

מיר האָבען זיך געלאָזט אין וועג אַריין און מיר זענען אָנגעקומען צום אָנקעל משה ; דער אָנקעל, בטבע אַ ליבליכער מענש, האָט מיך זעהר קאַלט אויפגענומען. ביי איהם אין הויז האָבען בסך־הכל לאָזשירט 30 בעזשענצעס : אייגענע, קרובים, ווייטע קרובים און אַזוינע, וואָס האָבען זיך אָנגעגעבען פאַר קרובים . . . פאַרשטענדליך, אַז אין שטוב איז געווען אַן ענגשאַפט און איך בין אַריינגעפאַלען „ווי אַ יון אין סוכה‟ . . .

אגב האָט מען, פּונקט יענעם טאָג, רעקוויזירט ביים פעטער משה שיעור ניט זיין גאַנצען פאַרמעגען און ער איז אַרומגעגאַנגען צוטראָגען און צושראָקען, מיט אַ זויערער מינע אויפ׳ן פּנים.

בכלל זענען די בעזשענצעס געפאַלען שווער אויף די לעמבערגער איינוואוינער

און די לעמבערגער אידען, אליין אנטמוטיגטע פון די לעצטע איבערלעבונגען, זענען ניט געווען ביכולת צו לינדערען די נויט פון די אנגעלאפענע און די בע־זשענצעס האבען זיך געפיהלט נידערגעשלאגען און געפאלען, ווי אנגעווארפענע, ווי ניט געווינשטע . . .

אויך איך בין באהערשט געווארען פון אזא געפיהל פון שפלות. איך האב זיך דערשפירט ווי א ניט־געווינשטער, ווי אן אנגעווארפענער און איך האב באשלאסען עפעס צו טאן בכדי איך זאל ניט פאלען צו לאסט פון מיינע היגע מקורבים, אדער באקאנטע וועלכע האבען אליין געהאט גענוג צרות אויסצושטעהן — צרות אייגענע און פרעמדע.

איך האב באשלאסען זיך צו רעגיסטרירען אויף ארבייט און בין דארום ארויס אין גאס אריין א קוק טאן וואס אין שטאט טוט זיך:

די פאראדען האבען זיך געענדיגט. איבער אלע גאסען פון שטאט זענען געשטאנען ריזיגע, לאנג־שורה׳דיגע רייען פון מענשען וואס זענען געשטאנען אין אטשערעד נאך ברויט, צוקער וכדומה . . .

רויטע ארמייער זענען, אין דער באגלייטונג פון היגע סימפאטיקער, ארומ־געגאנגען פון געשעפט צו געשעפט און איבערגעשריבען די סחורות . . . רעדלאך אידען זענען געשטאנען ביי דער זייט, באטראכט דעם „חורבן״, צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפ און זיך געוויצעלט, דערציילט איינער א איד אזא וויץ:

„דער יצר הרע מיט׳ן יצר טוב האבען זיךביידע ארויסגעלאזט אויף ארבייט.

„איז דער יצר הרע צוריקגעקומען פון דער ארבייט מיט גוטע רעזולטאטען, בעת דער יצר טוב האט נעבאך געבראכט מאגערע רעזולטאטען.

„האט מען אין דער פמליא של מעלה געפרעגט דעם יצר טוב: ווי קומט עס וואס דיין קאלעגע, דער יצר הרע, איז מעהר דערפאלגרייך ווי דו?

„האט דער יצר טוב געענטפערט: דער דערפאלג פון דעם יצר הרע דערקלערט זיך דערמיט וואס ער האנדעלט מיט ממשות׳דיגער סחורה — מיט עולם הזה, א סחורה וואס ווערט גלייך געליפערט, בעת איך האנדעל מיט א צוקונפטיגען ארטיקעל — מיט עולם הבא, אן ארטיקעל וואס ווערט געליפערט ערשט נאכדעם ווי דער מענש שליסט זיינע אויגען אויף אייביג . . .

„און דער יצר טוב האט פארגעשלאגען, אז מען זאל אויך דעם יצר הרע געבען אן ארטיקעל אויף לעתיד לבוא.

„האט מען אין דער פמליא של מעלה אפגעהאלטען א באראטונג אויף וועלכער עס איז באשלאסען געווארען, אז מהיום והלאה זאל דער יצר הרע אויך האנדלען מיט דער סחורה „קאמוניזם״ — א אידייע, וואס פארשפרעכט א גן עדן פאר די צוקונפטיגע דורות . . .״

איך בין אויס נייגעריגקייט צוגעגאנגען נאהענט צו דער טיר פון א געשעפט וואס מ׳האט געהאלטען אין איבערשרייבען. דעם אייגענטימער׳ס א טאכטער האט אויסגערעכענט די סחורות און די סאלדאטען האבען פארשריבען, געמאכט א רשימה. אפגעפארטיגט זיך מיט׳ן פארשרייבען האט זיך איינער פון די „רויטע״ אפגערופען צו דער אייגענטימערין:

— מיר גלויבען אייך במילא ניט. אז איהר האט ריכטיג אנגעגעבען אלע

סחורות וואָס איהר האָט אין אייער באַזיץ, מיר גלויבען אייך ניט, ווייל אייער פאַרגאַנגענהייט איז אַ מיאוס׳ע, אַ בורזשואַזע פאַרגאַנגענהייט.

* * *

איך האָב זיך מיט מיין רוקזעקעל אויף די פּלייצעס, דערשלאָגען צו דער קאַנטאָרע וואו מען רעגיסטרירט זיך אויף אַרבייט. דער אויפזעהער איז געווען מאחינו בני ישראל, אַ היימישער איד.

— וואָס וועט איהר עפּעס זאָגען גוטס? — האָט ער זיך צו מיר געווענדעט אין מאַמע לשון.

— איך בין געקומען זיך פאַררעגיסטרירען אויף אַרבייט — האָב איך געזאָגט.

— מיט וואָס האָט איהר זיך ביז איצט באַשעפטיגט?

— איך בין אַלע מיינע יאָהרען געזעסען אין אַ ישיבה און האָב עוסק געווען אין תורה, איך האָב סמיכה אויף רבנות.

— און וואָס וואָלט איהר אַ בעלן געווען איצט צו טאָן?

— דאָס זעלבע!

דער אויפזעהער האָט אויף מיר געוואָרפען אַ זייטיגען איראָנישען בליק און האָט זיך צושמייכעלט.

— אויב נישט דאָס זעלבע — האָב איך געזאָגט — בין איך אַ בעלן צו טאָן יעדען מין אַרבייט, מעג זיין אפילו שוואַרצע אַרבייט, אָבער בתנאי איך זאָל דעם שבת׳דיגען טאָג זיין פריי פון אַרבייט.

דער אויפזעהער האָט זיך ווידעראַמאָל צושמייכעלט און האָט אַ זאָג געטאָן: „זאַבאַבאָנעס! . . . נאַרישקייטען! . . . שימעל! . . . קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע, קלעריקאַלע, אָפּגעלעבטע באַגריפען! . . . אזא איד ווי איהר דאַרף ניט טאָן קיין שוואַרצע אַרבייט, איך וועל אייך באַזאָרגען מיט אַ לייכטערער און צו דער זעלבער צייט קאָנסטרוקטיווער אַרבייט, אַן אַרבייט וואָס איז ענליך צו אייער פריהערדיגער אַרבייט״.

— פּאַרט אַ אידישע נשמה — האָב איך זיך געטראַכט . . . און כ׳האָב אַ זאָג געטאָן:

— דהיינו? וואָס פאַר אַן אַרבייט?

— איהר וועט ביי אונז נעהמען אַ דריי חדשים׳דיגען קורס אין אַטעאיזים . . . שטודירען געהט ביי אונז אריין אין דער קאַטעגאָריע פון אַרבייט, די גאַנצע צייט פון אייער שטודיום וועט איהר קריגען אַ געהאַלט און נאָכדעם ווי איהר וועט דערפאָלגרייך פאַרענדיגען דעם קורס, וועט איהר, אלס לערער, פאַרשפּריי־טען צווישען דער יוגענט די לעהרע פון אַטעאיזם.

— איך וויל ניט פאַרשפּרייטען קיין תורה — האָב איך געזאָגט — איך וויל ווערען אַ פּשוט׳ער אַרבייטער, אַ יגיע־כפּים׳ניק! . . . איך בין אַ רעליגיע־זער קאָמוניסט; איך שטים איין אין פיל פּרטים מיט דער קאָמוניסטישער לעהרע, נישט מעהר איך בין רעליגיעז און וויל ניט אַרבעטען אום שבת.

— מיין ליבער איד — האָט דער אויפזעהער געענטפערט — איהר זענט פאַר אונז ניט קיין סחורה, אַ רעליגיעזער קאָמוניסט איז אַ גייסטיק פאַרזעעניש,

פונדעסטוועגען לאזט מיר אייער אדרעס, אפשר וועל איך פאר אייך קריגען ארבעט.

איך האב איהם געלאזט מיין אדרעס און האב איהם געפרעגט ווי לאנג עס קאן נעמען ביז ער וועט פאר מיר קריגען ארבעט, דערביי האב איך איהם געוויזען מיינע שיך מיט די אפענע מיילער פון וועלכע עס האבען ארויסגעקוקט די נאקעטע פינגער.

ער האט באטראכט די שיך און האט זיך אפגערופען:

— ווער ווייסט, ווער ווייסט צי איך וועל פאר אזא פארשוין ווי איהר קריגען ארבעט, אויף ווי ווייט מיר זיינען באקאנט רעליגיעזע מענשען, זענען זיי גרויסע היפאקריטען, ליגנער און אנטי־קאמוניסטען און איך גלויב אז איהר זענט איינער פון זיי . . .

איך האב פארלאזט די ביורא און האב זיך געלאזט אהיים צו מיין פריינט משה ברינער. פון דעם אפשניט וואס איך האב געכאפט ביים אויפזועהער האב איך פארשטאנען אז קיין אויסזיכטען אויף ארבעט האב איך ניט און מיר בלייבט צו טאן איינס פון די ביידע: אדער האנדלען, אדער נעמען דעם וואנדערשטעקען אין די הענט אריין און ווייטער וואנדערען, וואוהין ווייטער ? קיין ווילנא צום גאון ר' חיים־עוזר !

האנדלען קאן איך ניט, ווייל איך האב ניט מיט וואס; וואנדערען קאן איך ניט, ווייל כ'האב ניט קיין שיך.

* * *

געקומען אהיים האב איך געטראפען נייע בעזשענצעס, פריש אריבערגעקראכענע, נאר וואס אנטלאפענע פון די נאציס. מיין פריינט ר' משה ברינער איז ארומגעגאנגען א צוטראגענער פון די אומגעריכטע געסט פאר וועלכע ער האט ניט געהאט גענוג ברויט אין הויז און ווידעראמאל האב איך זיך דערשפירט איבעריג און אנגעווארפען. פארלאזען די הויז האב איך ניט געקענט, מחמת אין דרויסען האט גערעגענט און וואוהין צו געהן האב איך ניט געהאט, קיין ווארימע אונטערוועש האב איך אויך ניט געהאט און די קעלט מיט דער נעץ האבען דורכגענומען מיין גאנצען וועזען און אלע האפענונגען אויף אן אויסוועג צו דער לאגע זיינען אין מיר איינגעפרוירען געווארען.

איך האב אפגעדאווענט מנחה און מעריב און האב זיך אויסגעצויגען אין קיך אויף דער ערד און בין איינגעשלאפען, אזוי בין איך אפגעשלאפען ביז 5 פארטאג און כאור הבקר האב איך אפגעדאווענט, האב זיך אינדערשטיל ארויסגעגנב'עט פון דער הויז און בין אוועק אין גאס אריין, און האב זיך — ווי מיין פריינט האט מיר גע'עצה'ט — אוועקגעשטעלט אין „אטשערעד'' נאך ברויט.

ארום 12 בייטאג האב איך זיך דערשלאגען צו מיין ריי און כ'האב געקראגען א ברויט. אומקערען זיך אהיים צו מיין פריינט משה ברינער האב איך ניט געוואלט, בין איך אוועק צו מיינעם א ידיד, ר' הענאך אשכנזי, ביי וועמען דער באבאוער רבי ר' בנציון האלבערשטאם איז איינגעשטאנען, עס איז געווען ערב שבת, קיין מלבושים אויף צו בייטען לכבוד שבת האב איך ניט געהאט, אין מרחץ אריין האב איך מורא געהאט צו געהן צוליב דער קעלט אינדרויסען, האב איך

אויסגעליידיגט די קעשענעס, ארונטערגענומען דעם רוקזאַק פון די פלייצעס, איבערגעלאָזט אַט די אלע וואַכעדיקייטן ביים רבי׳ן אויף דער סטאַנציע, טאַקע דאָרטן מקבל שבת געווען און איבערגענעכטיגט.

אינדערפריה נאָכ׳ן דאווענען און נאָך דער שבת׳דיגער סעודה וועלכע איז באַשטאַנען פון ברויט מיט אַן איי, בין איך ארויס אויף דער גאַס א שבת׳דיגער אָהן דעם רוקזאַק אויף די פלייצעס. קיין שום שפור פון שבת איז ניט געווען צו מערקען אויף דער גאַס, די קדושה פון שבת וואָס פלעגט זיך אלעמאָל אזוי מנוחה׳־דיג, אזוי שלוה׳דיג אזוי מחיה׳דיג שפרייטען איבער אלע גאַסען פון שטאָט — איז נסתלק געוואָרען, דאָס הארץ האָט מיך פאַרקלעמט פאַר גרויס צער און איך האָב אַפּגעשטעלט א יונגענמאַן וועלכער האָט געריכערט א סיגארעט און האָב איהם געפרעגט הלמאי ער איז אזוי בפרהסיא מחלל שבת.

דער יונגערמאַן איז הפנים גערירט געוואָרען פון מיין ווענדונג. ער האָט אוועקגעוואָרפען דעם סיגארעט און איז נעלם געוואָרען.

גלייך נאָך דעם איז צו מיר צוגעקומען א איד און האָט מיך א פרעג געטאָן:

— זאָגט מיר: איהר זענט א בעזשענעץ?

— יאָ — האָב איך געענטפערט.

דער איד האָט מיך באַקוקט פון אלע זייטען און האָט מיר געזאָגט:

— פאָלגט מיך און געהט אַהיים, אלאַ ניט וועט איהר נאָך אריין אין חד גדיא!

איך האָב זיך דערשראָקען און בין אוועק אַהיים צום באַבאָווער רבי׳ן.

ביים רבינ׳ס טיש צו שלש סעודות זענען געווען פיל אורחים, דער רבי האָט ביי יענעם שלש סעודות קיין תורה ניט געזאָגט, טייל עולם איז געזעסען און טייל זיינען געשטאַנען ארום די לאַנגע טישען אויף וועלכע עס איז געווען ברויט וואָס האָט קוים געקלעקט אויף דער ,,המוציא״, שטילע קרעכצען האָבען זיך גע־טראָגען איבערן צימער און אידען האָבען זיך איבערגעשושקעט אז די רביצי׳ן מיט די קינדער זענען נעבאך פאַרבליבען ,,דאָרטען״: פון יענער זייט ,,ביי זיי״...

נאָך הבדלה איז זיך דער עולם צוגאַנגען און איך האָב זיך שואל עצה געווען מיט׳ן רבין צו איך זאָל שוואַרצען דעם גרעניץ קיין ווילנא.

דער רבי האָט מיר געענטפערט: ,,רבות מחשבות בלב איש, ועצת ד׳ — היא תקום!״

— אָבער וואָס זאָגט איהר רבי?

— איך זאָג שוין גאָרניט! . . . איך בין שוין נישט מעהר קיין רבי! . . .

— אָבער פאָרט וואָס איז אייער מיינונג?

— מיין מיינונג איז אז בעת דו דאווענסט זאָלסטו גוט מכוון זיין ביים ,,ותקננו בעצה טובה מלפניך״ און ער האָט מיך אָפּגעשיקט צום רייש׳ער רב איך זאָל זיך מיט איהם ,,שואל עצה צו זיין״.

* * *

געקומער צום רייש׳ער רב, הגאון ר׳ אהרן לעווין, האָב איך איהם געטראָפען איבער אַ ספר, ער איז געווען שטאַרק אריינגעטאָן מיט׳ן קאָפּ אין ספר. אויך ביי איהם האָב איך געטראָפען אַ סך בעזשענצעס וואָס האָבען זיך דאָרט איינגע־

קוואַרטירט, זיי האָבען מיר דערציילט, אַז דער רב זיצט גאַנצע טעג און נעכט על התורה ועל העבודה, איז כמעט גאַרנישט טועם, רעדט ניט מיט קיינעם און איז רק פאַרטאָן אין די עולמות העליונים.

איך בין שטאַרק געווען באַהערשט פון א חשק צו שוואַרצען דעם גרעניץ קיין ליטא, און איך האָב זעהר און זעהר געוואָלט האָבען דערויף אימיצענס אַ הסכמה, בין איך פאַרזיכטיג צוגעגאַנגען צום טיש וואו דער רב איז געזעסען און האָב זיך אוועקגעשטעלט ווי אַן אַנשיקעניש פון זיין ליבען נאָמען . . .

דער רב האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, מיך באַטראַכט און האָט מיר דער־לאַנגט שלום. איך האָב זיך עפּעס געשעהמט גלייך צוצוטרעטען צום ענין, האָב איך קודם געשמועסט מיט איהם אין לערנען און נאָך דעם בין איך אַרויס מיט לשון.

מיין פּלאַן צו שוואַרצען דעם גרעניץ איז איהם ניט געפעלען געוואָרען, ער האָט מיר געזאָגט אַז ער האָלט אַז די מלחמה וועט זיך בקרוב ענדיגען, פּוילען וועט ווידעראַמאָל זיין א פרייע, זעלבסטשטענדיגע מלוכה און אַז אין לעמבערג איז דער זעלבער רבש״ע וואָס אין ווילנא . . .

— זאָל איך, הייסט עס, ניט שוואַרצען דעם גרעניץ ? — האָב איך נאָכ־אַמאָל זיך צו איהם געווענדעט.

— עס איז „אין דבר העומד בפני הרצון״, טו ווי דו פאַרשטייסט — האָט ער געענטפערט, און השי״ת וועט דיך פירען „במעגלי צדק״.

די לעצטע ווערטער האָב איך אויפגענומען ווי א ברכה פון א צדיק און אין יענעם מאָמענט האָב איך באַשלאָסען:

יעבור עלי מה ! איך וועל שוואַרצען דעם גרעניץ !

# איך פאָהר קיין לוצק

אין לוצק האָט געוואוינט מיין אַנקעל׳ס אַ טאָכטער קאַמיליאַ הירשפּרונג, און אַזוי ווי לוצק געפינט זיך אויפ׳ן וועג קיין ווילנע, האָב איך באַשלאָסען דערווייל צוצופאָהרען קיין לוצק.

אומר ועושה: איך האָב זיך אָפּגעזעגענט מיט אַלע מיינע פריינט אין לעמבערג, און זיבען אַזייגער אינדערפריה בין איך שוין געווען ביים וואַקזאַל. די באַהן האָט נאַטירליך פאַרשפּעטיגט און אַנשטאָט זיבען אַזייגער איז זי געקומען צו דער באַהן־סטאַנציע 12 אַזייגער. במילא האָט זי שוין אויך אויף אַנדערע פונקטען פאַרשפּעטיגט און איך בין אַריינגעפאָהרען קיין לוצק קרוב צו איינס אַזייגער ביינאַכט. וואו די מאַיאַ גאַס נומער 3 געפינט זיך האָב איך ניט געוואוסט, קיין איזוואָשטשיק איז ביים וואַגזאַל אַזוי שפּעט ביינאַכט ניט געווען און אין דרויסען האָט געגאָסען אַ גוס רעגען, אַז אמת׳ער מבול און בלייבען נעכטיגען אויפ׳ן וואַקזאַל איז פאַרבאָטען.

ניט קוקענדיג אויף דעם מבול וואָס האָט געגאָסען, האָב איך זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין. איך בין געגאַנגען אין דער חשכות פון דער נאַכט, גאַס־איין, גאַס־אויס און האָב ניט אָנגעטראָפען אויף קיין איינציגען פאַרבייגעהער ביי וועמען זיך צו פרעגען אויף דעם אַדרעס.

די פּאַדעשוועס פון די שיך זיינען אינגאַנצען אָפּגעריסען געוואָרען און איך האָב אַרומגעשפּרייזט איבער די קנעכלען אין וואַסער אַ באָרוויסער, ביז איך האָב אָנגעטראָפען אויף אַ פאַרבייגעהער וועלכער האָט מיר אָנגעוויזען אויף דער מאַיאַ גאַס און האָט מיך געוואָרענט אַז לוצק איז אונטער באַלאַגערונגס צושטאַנד און נאָך 12 ביינאַכט איז פאַרבאָטען צו געפינען זיך אויף דער גאַס.

קרוב צו דריי פאַרטאָג בין איך אָנגעקומען צו דער הויז פון מיין אַנקעל׳ס טאָכטער; איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר.

איך האָב שטאַרק דערשראָקען די בני־בית מיט מיין אָנקלאַפּען אין טיר אַזוי שפּעט ביינאַכט; צוליב דעם גערויש וואָס דער גוס־רעגען האָט פאַראורזאַכט, האָבען זיי מיין קול ניט דערקענט און עס האָט גענומען אַ היבשע צייט ביז זיי האָבען מיר, סוף־כל־סוף, געעפענט די טיר.

איך בין אַריין אין הויז אַ דורכגעווייקטער, אַן אויסגעוואַשענער, אַ באָרוועסער, און מיין ווילדער אויסזעהן האָט איבערגעשראָקען די בני בית.

זיי האָבען מיך אויפגענומען ביד רחבה, מיר געגעבען ברויט און זיי האָבען מיך געפרעגט צי איך ווער פאַרפאָלגט פון דער פּאָליציי, אַדער דער גע.פּע.או.

איך האָב זיי פאַרזיכערט אַז ניט און האָב זיי דערקלערט דעם צוועק פון מיין קומען קיין לוצק.

זיי האָבען מיר געמאַכט אַ געלעגער און איך בין, כאור הבקר, געגאַנגען שלאָפען.

# לוצק

איך בין געשמאַק געשלאָפען ביז העכער אַ האַלבען טאָג. איך האָב אָפּגעדאַ־ווענט תפילת שחרית שלא בזמנה און נאָכדעם ווי איך האָב עטוואָס טועם געווען, האָב איך ארומגעוויקעלט מיינע מידע געשוואָלענע פיס מיט שמאַטעס וואָס כ׳האָב אויסגעבאָרגט ביי מיין קוזינע קאַמיליע און בין ארויס אין גאַס אריין.

אין דרויסען האָט געבושעוועט אַ פראָסטיג ווינטעל וואָס האָט זיך איינגע־געסען אין די ביינער, איך בין דורכגענומען געוואָרען פון קעלט. דער ווינטער האָט זיך געהאַלטען אין איינאָרדענען און קיין ווינטערדיגען מלבוש האָב איך ניט געהאַט... די גאַסען זיינען אויך דאָ — פונקט ווי אין לעמבערג — געווען אי־בערגעפילט מיט „בעזשענצעס״ וועלכע זיינען זיך אַנגעלאָפען פון כל תפוצות פּוי־לען; קיין איינער פון זיי האָט אויף זיך ניט געהאַט קיין ווינטערדיגען בגד, זיי האָבען געציטערט פון קעלט און אויף זייערע פאַרגליווערטע פאַרמעט־געלע פּנים׳ער איז געלעגען דער חותם פון נויט, קעלט, הונגער, יאוש, זאָרג און פאַרלוירענקייט.

די דאָזיגע פּנים׳ער זיינען פאַר מיר קיין נייעס ניט, איך קען זיי, די דאָזיגע פּנים׳ער פון לעמבערג, פון סאַנעק, פון דאַבראָמיל וכדומה, אָבער די קעלט האָט זיי צוגעגעבען אַ נייעם שטריך, אַ שטריך פון מאָדנער פאַרגליווערטקייט און די פאַרגליווערטקייט וואָס האָט „גערוהט״ אויף זייערע פּנים׳ער, די אויסגעלאָשענקייט וואָס האָט ארויסגעגליווערט פון זייערע אויגען האָט אויף מיר אַנגעוואָרפען אַן אימה, אַ פּחד, און דאָס בלוט אין מיינע אָדערען האָט גענומען איינפריהרען.

פּאַר גרויס אויפרעגונג האָט מיר גענומען קנאַקען אַ צאָן אין אַ צאָן, אַ דורכ־געציטערטער פון קעלט און פון שרעקליכען עלענט בין איך געשטאַנען און האָב גע־טראַכט אַז די מאָס פון ליידען איז פאַרפול, אַז עס איז שוין נתמלא סאתה... אַז ווייטער קען עס שוין אַזוי ניט געהן; אַז די אַלע דאגות, צרית, יסורים און אַנחות מוזען, מיט עפּעס אַ ישועה מן השמים, פאַרגיטיגט ווערען... און ווי אַ מלאך פון הימעל וואָלט זיך צו מיר אַנטפּלעקט, אַזוי האָט זיך, פלוצים אַזוי אומ־געריכט, אַנטפּלעקט פאַר מיינע אויגען דאָס צאַרטע געשטאַלט פון מיין קוזינע קאַמיליע.

איהרע אויגען זענען געווען פייכט פון טרעהרען און פון איהר מויל האָבען זיך איינציגווייז דערטראָגען צו מיינע אויערען איהרע טרייסט־ווערטער:

„... פּנחס, טייערער!... דו וועסט דאָך חלילה פון קעלט אומקומען שטע־הענדיג אָט דאָ אַ! קום מיט מיר, קום, לאָמיר צוגעהן צום רב, צו ר׳ זלמן סאַ־ראַטשקין, וועסטו זיך דאָרטען ערשטענס דערוואַרימען, והשנית וועסטו זיך מיט איהם שואל עצה זיין״.

פון דעם לוצקער רב ר׳ זלמן סאַראַטשקין האָב איך, נאָך זייענדיג אין דוקלא, געהערט. ער האָט זיך קונה שם געווען אַלס למדן מופלג און אויך אַלס אַקטיווער

געזעלשאַפטליכער טוער. איהר עצה איז מיר געפעלען געוואָרען און איך בין מיט איהר אַוועק צום רב.

דער רב האָט מיך זעהר פריינדליך אויפגענומען, מיך באַטראַכט מכף רגל ועד ראש, קיין אויג ניט אַרונטערגענומען פון די שמאַטעס אין וועלכע מיינע פיס זיינען געווען איינגעהילט, מיך געטרייסט מיט דברים כבושין און האָט מיך גע׳עצה׳ט אַז איך זאָל שוואַרצען דעם גרעניץ קיין ווילנע.

— פאַרוואָס עפּעס קיין ווילנע ? — האָב איך געפרעגט.

—מחמת די וועלט איז פול מיט יסורים, יגונות און אנחות צו וועלכע עס איז ניטאָ קיין שיעור און קיין ערך — האָט דער גאון געענטפערט — און האָט אויסגעלאָזט אַז . . . „עס איז ניטאָ קיין אַנטרינונג פון די אַלע צרות און יסורים וועלכע זענען זיך מתגבר שיעור ניט מיט יעדער שעה, מיט יעדער רגע.

„דאָס איינציגע מקום מקלט איז — אַנטלויפען צו השי״ת און צו זיין תורה און ניט חלילה להיפוך . . . און ווילנע איז אַ מקום תורה״.

און ער האָט מיט מיר געשמועסט אין תורה, זיינע חדושי תורה האָבען שטאַרק באַווירקט מיין „נפש נאנחה״ און האָבען אַריינגעבראַכט גרויס הרחבת־הדעת און שטאַרקען בטחון אין מיין געבראָכען געמיט ; דאָס פאַרוואַלקענטע אין מיר האָט זיך געעפענט אויסלייטערען און איך האָב געטראַכט :

„טוב לי תורת פיך מאלפי כסף וזהב״.

דער רב האָט מיר אויך דערציילט אַז ער האָט געלאָזט אַרויספאָהרען פון לוצק זיינע צוויי קינדער, ברוך און אליעזר,ביידע רבנים, און מיט איהם איז אין לוצק פאַרבליבען בלויז איין קינד — אַ דרייצעהן־יעהריגער בחור׳ל וועלכער בעט זיך ביים פאָטער אַז ער זאָל איהם אויך שיקען קיין ווילנע תורה לערנען ; דער רב האָט צוגעזאָגט, אַז ער אַליין וואָלט אויך חשק געהאַט צו פאָהרען קיין ווילנע, נאָר דער גאון ר׳ חיים־עוזר האָט באַפוילען אַז די תלמידים פון די ישיבות זאָלען אויסוואַנדערען קיין ווילנע, בעת די רבנים זאָלען בלייבען אויף די ערטער ווי אַ שוץ קעגען קאָמוניסטישען איינפלוס.

מיט טרעהרען אין די אויגען האָט ער געזעדט וועגען דער תלמוד תורה וואָס ער האָט, מיט גרויסע שוועריגקייטען, אויסגעבויעט ; אַ תלמוד תורה אין וועלכער עס האָבען געלערענט איבער 600 קינדער און וועלכע איז איצט פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פאָלקס־שולע.

ער האָט גערעדט מיט פאַרביטערונג וועגען דעם ווי אַזוי ער האָט געוואָלט איינגעהן אויף כל־ערליי הנחות אַבי מ׳זאָל איהם — אין כלל פון די אַלגעמיינע וועלטליכע למודים — דערלויבען צו זאָגען אַ שיעור פאַר די תלמידים, און אַלע זיינע השתדלות׳ן האָבען זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרניט, און ער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז באַם ער וועט גאָרניט קאָנען משפיע זיין לטובת אידישקייט, וועט ער אַליין אויך פאַרלאָזען לוצק און וועט פאָהרען קיין ווילנע.

אינמיטען פון אונזער געשפּרעך האָט זיך געעפענט די טיר און עס זיינען אַריינגעקומען צוויי רויט־אַרמייער, זיי האָבען באַוויזען אַ מאַנדאַט אויף איבער־צושרייבען די חפצים וואָס געפינען זיך אין הויז און זיינען גלייך צוגעטראָטען

צו דער ארבייט: זיי האָבען רעגיסטרירט די חפצים, די ספרים, דאָס מעבעל, די מלבושים, אויסגעצעהלט די צאָל צימערען וכדומה.

אונזער געשפרעך איז איבערגעריסען געוואָרען. דאָס איבערשרייבען האָט געדויערט אַן ערך 20 מינוט, און זיי האָבען פאַרלאָזט דאָס הויז.

דער רב איז געווען צוטומעלט און האָט אויסגעדריקט זאָרג פאַר דער קאָנ־פיסקאַציע פון זיינע ספרים, כתבי־יד'ן וכדומה.

איך האָב פאַרשטאַנען, אז מיין אָנוועזענהייט איז איבעריג. איך האָב זיך אַנטשולדיגט און האָב זיך, על רגל אחת, צופרעגט ביים רב וועגען ווילנע און וועגען דעם אופן ווי אַזוי איך זאָל שוואַרצען דעם גרעניץ, און ער האָט מיך געגעוי איב־פאָרמירט, מיך באַקאַנט מיט אַלע פרטים און דקדוקים אין שייכות צו מיין אומלע־גאַלער רייזע קיין ווילנע.

איך האָב איהם האַרציג באַדאַנקט, האָב פון איהם מקבל ברכה געווען און, אין דער באַגלייטונג פון מיין קוזינע קאַמיליע, בין איך אַוועק צום וואָקזאַל אַ באַרויש־טער פון דער הסכמה וואָס ער האָט מיר געגעבען אויף דער רייזע קיין ווילנע, ובכלל פון די פּאָר גליקליכע שטונדען וואָס כ'האָב פאַרבראַכט אין זיין געזעלשאַפט.

* * *

קיין רייזע־בילעטען אויף צו פאָהרען מיט דער באַהן האָט מען נאָך אַלץ ניט באַדאַרפט, און דער לוצקער וואָקזאַל איז געווען איבערגעפּאַקט מיט פּאַסאַזשירען וואָס האָבען ערוואַרטעט דאָס אָנקומען פון דער באַהן וואָס געהט אויף דער ליניע ראַוונאָ־לידא. איך האָב זיך געזעגענט מיט מיין קוזינע קאַמיליע און האָב זיך אָנגעהויבען מיהען אין דער אַרבייט צו געפינען פּאָר זיך פּלאַץ אין וואָקזאַל, מחמת איינדרויסען שטעהן האָב איך ניט געוואָלט, צוליב דער אומדערטרעגליכער קעלט.

מיט גרויס מיה האָב איך זיך, קוים מיט צרות, אַריינגעשטופּט. אייגענטליך האָב איך זיך ניט אריינגעשטופּט, נאָר איך בין אויטאָמאַטיש אריינגעשטופּט גע־וואָרען אין וואָקזאָל אַריין און האָב זיך דערשלאָגען צו אַ וואַנט וואו עס זיינען געזעסען פּאַסאַזשירען אויף זייער געפּעק און האָבען געדרימעלט. לעבען מיר איז געשטאַנען אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדער. איך האָב זיך פאַר איהר באַקלאָגט אַז די פינגער פון מיינע פיס זיינען מיר שיעור ניט אָפּגעטראָטען געוואָרען.

די פרוי האָט געהאַט מיטלייד מיט מיר און האָט מיר ערלויבט אַרויפצולעגען מיין רוקזאַק אויף איהר געפּעק; איך האָב זיך אַריבערגעבויגען מיט'ן בויך איבער דעם געפּעק און האָב איינגעדרימעלט.

לאַנג דרימלען האָב איך אָבער ניט געקענט. דער שטראָם פון פרישע פּאַ־סאַזשירען האָט זיך געהאַלטען אין איין פאַרמעהרען. מענשען זיינען געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ און האָבען געררוישט, געקרעכצט, גע'הוי'קעט, זיך געזידעלט, גע־שאָלטען, קריטיקירט די אומאָרדנונג וכדומה . . . מיין שכנה איז געשטאַנען רוהיג און האָט מיר אויסגערעדט דאָס האַרץ: „אַז ס'איז באַשערט צו פאָהרען, וועט מען קריגען אַ פּלאַץ אין צוג, אלא סי ניט באַשערט, וועט ניט העלפען קיין שטופּען, קיין רעש און קיין ליאַרעם!" . . .

די באַהן האָט, ווי דער מנהג איז, פאַרשפּעטיגט וכפי קיינער פון די פּאַסאַ־

זשירען האָט קיין אַהנונג ניט געהאַט ווען די באַהן קאָן אָנקומען, האָט די מידע מענשען־מאַסע דערווייל „אָנגעלעגט מיט׳ן קאָפּ״: איינער האָט פאַרוואָרפען דעם קאָפּ אויפ׳ן אַקסעל פון צווייטען און שטעהענדיגערהייט איינגעדרימעלט, עס איז באמת געווען אַ פאַטעטיש בילד: אַ מענשען־מאַסע שלאָפט שטעהענדיגערהייט און ווערט געוויגט הין און צוריק פון ניי־אָנקומענדיגע פּאַסאַזשירען וואָס שטופּען זיך פון אַלע זייטען אין וואַגזאַל אַריין.

אין שטונדען ארום איז די באַהן ענדליך אָנגעקומען. דאָס גליק האָט מיר צו־געשפּילט: איך און אויך מיין שכנה מיט איהרע קינדער, האָבען זיך אַריינגע־שטופּט אין וואַגאָן אַריין.

מיר האָבען פאַרכאַפּט פּלעצער צום זיצען. די פרוי האָט מיר ווידעראַמאָל געגומען אויסרעדען דאָס הארץ אַז „סי דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט וואָס גיט השגחה אויף זיינע באַשעפענישען און וואָס באַשערט איז — באַשערט״.

זי האָט עס מיר באַוויזען מיטביישפּילען; זי האָט מיר דערצעהלט אַז בעת די באָמבאַרדעס אין וואַרשע איז זי געלאָפען זוכען שוץ וואוהין די אויגען האָבען זי געטראָגען און גראַד האָט זי אָנגעטראָפען אויף אַ קעלער וואו עס זיינען געווען אַ סך פּאַליאַקען. זי איז אריין אין קעלער און צווישען די וואָס זיינען געלעגען אין קעלער האָט זיך געפונען איינער וואָס האָט גע׳טענה׳ט:

„האָב רחמנות, פאַרשאַלטענע זשידאָווקאַ, און קריך אַרויס פון דאַנען, טראָג זיך אָפּ, ווייל גאָט׳ס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסען אויף די וואָס האָבען געקריי־ציגט יעזוס׳ן . . . צוליב דיר וועלען מיר אַלע אומקומען!״

די איבעריגע פּאָליאַקען האָבען זיך דערשראָקען און האָבען זיך גענומען בעטען ביי איהר, אַז זי זאָל פאַרלאָזען דעם קעלער, באין ברירה האָט זי פאַרלאָזט דעם קעלער און ווי נאָר זי איז אַרויס פון דאָרטען, האָט אַ באָמבע אויפגעריסען דעם קעלער און אַלע וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען זיינען פאַרשאָטען געוואָרען, בעת זי איז לעבען געבליבען און איצט פאָהרט זי, וואוהין — ווייסט זי אַליין ניט, דאָס איינציגע וואָס זי ווייסט יאָ איז, אַז ג—ט באַגלייט זי אומעטום און וועט זי באַלוינען פאַר די יסורים וואָס זי האָט געליטען.

איך האָב מקנא געווען די פרוי אויף איהר טיפען גלויבען אין השגחה פּרטית. איך האָב, דוכט מיר, נאָך קיינמאָל ניט אָנגעטראָפען אויף אַזאַ תמימות׳דיגען פאָלקס־טיפּ, וואָס זאָל זיין אַזוי גאַנץ אין איהר גלויבען, וואָס זאָל ניט האָבען פּוגם געווען אין דער מדת הבטחון און איך האָב געדאַנקט דער השגחה וואָס איך האָב אָנגעטראָפען אויף אַ שכינה וואָס שטאַרקט אויך אין מיר דעם בטחון.

איך האָב זיך פאַר איהר באַקלאָגט, אַז די קישקעס אין בויך זיינען מיר טרוקען, אַז עס טוט מיר וועה אין האַלז, אַז איך בין טויט מיד, הונגעריג און שלעפעריג. איך האָב אין דער דאָזיגער אשת־חיל דערשפּירט אַ מאַמע און איך האָב זיך פאַר איהר אָנגעהויבען פעסטען בבחינת „נער בוכה״

זי האט מיר געזאגט, אַז זי האט ניט קיין טיי, אבער זי האט אַ טערמאָז־פלעשעל מיט הייסע וואַסער און זי האט עס גלייך אַרויסגענומען פון צווישען דעם געפעק און האט מיך געבעטען צו טרינקען ס׳וואַסער. איהר פנים האט אויסגעדריקט פרייד וואָס השי״ת האט איהר מזמין געווען א מצוה און איך האב זיך מיט דער הייסער וואַסער פשוט מחיה געווען, ממש פון טויט לעבעדיג געוואָרען.

ניט ווייט פון אונז איז געשטאנען אַ פאַליאַק, האט אונז געפרעסען מיט די אויגען און האט אויסגעפלאצט אויפ׳ן קול:

„זשידי, דאַ פּאַלעסטיני!״

דער עולם אידען האט זיך אַרויפגעכאפּט אויפ׳ן פאַליאַק, איהם גוט אויסגע־שגץ׳ט, געוואָלט איהם מכבד זיין מיט פעטש, אבער די פרוי האט איינגעשטילט דעם עולם, זיך געבעטען רחמים מ׳זאל חלילה „זיך ניט פאַרשעפּען מיט עשו׳ן...״

די באַהן האט זיך אפּגעשטעלט. מיר זיינען אנגעקומען קיין לידא 8 אזייגער אין אָווענט.

# לידא

אויך אין לידא איז דער וואקזאל געווען געפאקט מיט רייזענדע, מערסטענס אחינו בני ישראל. איך האב אפגעשטעלט א פאר פארבייגעהער וועלכע איך האב אנגענומען פאר היגע תושבים און האב זיי געבעטען אז זיי זאלען מיר אנווייזען וואו עס געפינט זיך א ביליגע אכסניא. די פארבייגעהער האבען מיר געענטפערט אז זיי זענען ניט קיין היגע; איך האב זיי, אויס נייגעריגקייט, געפרעגט פונוואנען זיי קומען און זיי האבען מיר געענטפערט אז זיי זענען „בעזשענצעס״, נאר וואס פון ווילנע אנטלאפענע.

זייער ענטפער האט מיד איבעראשט און איך האב זיי גענומען חושד זיין אז זיי נארען מיך אפ . . . אז זיי זענען סאוועטישע געהיים־אגענטען אדער סתם סאוועטישע־סימפאטיקער וואס פילען געטראפען דערפון וואס מענשען לאזען זיך מאסענווייז קיין ווילנע, אנשטאט צו בלייבען אונטער די סאוועטען.

איך האב זיי, פונדעסטוועגען, געפרעגט פארוואס זיי זיינען אנטלאפען פון ווילנע, בעת אנדערע לויפען ק י י ן ווילנע, האבען זיי מיר געענטפערט אז די אלע וואס לויפען קיין ווילנע זוכען רעטונג, זענען פשוט׳ע אידיאטען, אמת׳ע משוגעים, מחמת די ליטווינער זענען, רובם ככולם, גרויסע אנטיסעמיטען און אז אויפ׳ן דריטען טאג נאכדעם ווי די סאוועטען האבען דערקלערט ליטע פאר אן אויטאנאמער זעלבסטשטענדיגער רעגירונג מיט ווילנע אלס הויפטשטאט, האבען די ליטווינער געמאכט אין ווילנע א פאגראם אויף דער אידישער באפעלקערונג, דער פאגראם האט אנגעהאלטען צוויי טעג נאכאנאנד, עס זענען געווען פארוואונדעטע און גע׳הרג׳עטע און די פאליציי האט זיך באצויגען גאנץ פאסיוו, לחלוטין נישט רעאגירט אויף דער סיטואציע.... די דאזיגע ידיעה האט מיך פשוט פריטשמעליעט, איך האב זיך געזעגענט מיט די מענשען און האב זיך געלאזט אין שטאט אריין זוכען א נאכטלעגער און געוואויר ווערען עפעס חדשות וועגען ווילנע, מחמת איך האב געצווייפעלט אין דעם אמת פון דער ידיעה וואס די מענשען האבען מיר צוגעשטעלט.

איך האב זיך, סוף כל סוף, דערשלאגען צו אן אכסניה, וועלכע איז געווען איבערגעפאקט מיט מענשען און דער אייגענטימער פון דער אכסניה האט מיך ניט געלאזט אריבערטרעטען די שוועל אויס מורא אז איך וועל שוין צוריק ניט וועלען ארויסגיין, ער האט מיך פראסט און פשוט אנגעטריבען.

אבער מיר איז שוין ניט געגאנגען אין שלאפען, איך האב זיך פשוט געוואלט אנווארימען און איך האב צו איהם געמאכט אן הארצרייסענדען אפיל פאר רחמנות. איך האב איהם געוויזען די שמאטעס אויף מיינע פיס, מיין אפיל האט געווירקט און דער איד האט מיך אריינגעלאזט.

ער איז אוועק און איז, אין געציילטע מינוטען ארום, צוריקגעקומען מיט א זעקל שטרוי און האט מיר געמאכט א געלעגער אין קארידאר אויפן דיל. איך האב

אים הארציג באדאנקט און האב זיך צוגעשפארט אויף מיין שטרויענעם געלעגער. ניט ווייט פון מיר זענען געלעגען נאך אידען וועלכע האבען צווישען זיך גע־שמועסט, איך האב זיך צוגעהערט צו זייער געשפרעך; דער געשפרעך איז געווען וועגען דעם פאגראם אין ווילנע און וועגען ווילנע בכלל: צי לוינט זיך צו פארען קיין ווילנע אדער ניט; איין איד האט אויסגעפשט׳עלט אז עס לוינט זיך מחמת פון ווילנע קאן מען זיך אריבערכאפען קיין ארץ ישראל, בעת פון די סאוועטען איז אוממעגליך צו פארען קיין ארץ ישראל; א צווייטער איד האט גע׳טענה׳ט אז עס לוינט זיך ניט צו פארען קיין ווילנע, מחמת די סאוועטען האבען געגעבען ליטע א לפנים׳דיקע אויטאנאמיע און זיי וועלען בקרוב געפינען אן אויסרייד אונטער וועלכען זיי וועלען ליקווידירען דעם ליטווישען שטאט, אזוי אז דאס לויפען פון לידא קיין ווילנא איז א סארט לויפען פון די סאוועטען צו די סאוועטען . . .

איך בין געלעגען און האב אויסגעהערט די לאגישע ארגומענטאציעס פון ביידע אידען און איך האב ביי זיך פעסט באשלאסען צו שווארצען דעם גרעניץ קיין ווילנע „גוט איז א חיי שעה” — האב איך געטראכט, ביז די סאוועטען וועלען געפונען דעם אויסרייד, ביז זיי וועלען אריין קיין ווילנע, קאן מיר דער צופאל צושפילען און איך זאל דערווייל בינו־לבינו אויסוואנדערען קיין ארץ ישראל.

— די נייעס! . . . די נייעס! . . . איז געווארען א רעש צווישען די אויף דער ערד אויסגעלעגטע אידען, עס איז שטיל געווארען און אלע האבען אנגעשטעלט די אויערען אויף דער ראדיא.

די סאוועטישע ראדיא האט געמאלדען וועגען דעם פאגראם אין ווילנא, אין קריטישען טאן קאמענטירט איבער די סאציאלע אומשטענדען און אנדערע פאק־טארען וועלכע האבען גורם געווען דעם פאגראם און דער אנאנסירער האט פאר־ענדיקט אז די ליטווישע רעגירונג איז ניט בכח צו באהערשען די לאגע.

„איהר פארשטעהט אן עניו ! ? . . . — האט זיך אפגערופען אויפ׳ן קול דער איד וואס האט די גאנצע צייט גערעדט וועגען אן אויסרייד מצד די סאוועטען — אט דאס איז עס דאך וואס איך האב געזאגט, אט האט איהר אייך דעם אויס־רייד: „די ליטווישע רעגירונג קאן ניט באהערשען די לאגע . . .”

איך האב יענע נאכט קיין אויג ניט צוגעמאכט, זיך געקארטשעט אין אנגסטען אויפ׳ן געלעגער, די נאכט האט זיך געצויגען ווי פון פעך, די שפיץ־פינגער פון מיינע פיס האבען שטארק געשמארצט פון דער אפגייענדיקער קעלט; קיין ווילנע האב איך סיי ווי געוואלט פארען בכדי איך זאל, על כל פנים, זיין אין דער מסיבה פון דעם גאון ר׳ חיים־עוזר און איך האב זיך קיין עצה ניט געקאנט געבען: שווארצען דעם גרעניץ און — פטור אן עסק, אדער צוואווארטען א פאר טעג און פארען לעגאל מיט דער באן, פריי פון רייזע אפצאל.

די נאכט איז אוועק. כאור הבוקר האב איך גענומען מיין רוקזאק אויף די פלייצעס, ארומגעבונדען די פיס מיט די נאך ניט גענוג אויסגעטרוקענטע שמאַ־טעס, זיך צוצאלט מיט׳ן בעל אכסניה און בין אוועק אין בית המדרש אריין דאווענען.

* * *

דאַס בית המדרש איז געווען פול מיט קלומקעס פון אידען „בעזשענצעס״ וואָס האָבען דאָרטען גענעכטיקט. חוץ די „בעזשענצעס״ זענען דאָרטען אויך גע־ ווען היגע אידען וואָס האָבען בצבור געזאָגט תהלים פסוקים׳ווייז.

דער ליטווישער ניגון פון תהלים וועלכען איך האָב דאַמאָלט געהערט צום ערשטען מאָל האָט ביי מיר ארויסגערופען טרערען; איך בין צוגעפאַלען מיט׳ן קאָפּ צו דער וואַנט און האָב פּסוקים׳ווייז אויסגעקלאָגט עטליכע קאַפּיטלאך תהלים.

צווישען די אַלע „בעזשענצעס״ בין איך געווען דער איינציגער וואָס האָט געטראָגען שמאַטעס אויף די פיס, ניט אַנדערש אַז די שמאַטעס האָבען אויף זיך געצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם עולם, מחמת דער רב אליין, בכבודו ובעצמו, איז צו מיר צוגעגאַנגען און האָט מיר דערלאַנגט שלום, האָט מיט מיר געשמועסט אין לערנען און אין אַלגעמיין. הפּנים אַז איך האָב נושא חן געווען אין זיינע אויגען, מחמת ער האָט מיר געזאָגט אַז ער וואָלט מיך געלאַדען צו זיך אהיים אויף פּת שחרית, אָבער ער קאָן עס ניט טאָן צוליב די „גדולי הדור״ — צוליב די באָלשעוויקעס וועלכע האַלטען אַן אויג אויף יעדען באַזונדער וואָס איז א יוצא ונכנס צו איהם אין הויז אריין . . . ער האָט מיך גע׳עצה׳ט אַז איך זאָל פאָרען פון לידא קיין סאַלעטשניק און פון דאָרטען זאָל איך שוואַרצען דעם גרעניץ קיין ווילנא.

איך האָב איהם געפאָלגט און אַרום 2 אַזייגער נאָכמיטאָג בין איך שוין געווען אין סאַלעטשניק.

# סאַלעטשניק

דאָס טל־ומטר׳דיקע שטעטעלע סאַלעטשניק ליגט נאָהענט צו דער ליטווישער גרעניץ און געפינט זיך ניט ווייט פון איישישאָק וואָס געהער צו ליטע און איז זעהר נאָהענט צו ווילנע.

אין סאַלעטשניק וואוינען בערך פערציג אידישע משפחות און עס איז דאָרט ניט בנמצא ניט קיין קריסטליכער האָטעל און אויך ניט קיין אידישע אכסניה.

איך האָב אָפּגעשטעלט פאַרבייגעהער פון גאַס און האָב זיך נאָכגעפרעגט אויפ׳ן רב. קיין רב איז אין סאַלעטשניק אויך ניטאָ, פאַראַן אין סאַלעטשניק א שוחט וואָס „אַז מען באַדאַרף״ פּסק׳ענט ער אויך א שאלה, בין איך אוועק צום שוחט.

געקומען צום שוחט, האָב איך געטראָפן דעם שוחט׳ס פרוי מיט דער טאָכ־טער. זיי האָבען מיר געזאָגט אַז דער שוחט איז שטאַרק פאַרנומען אין זיין חדר מיוחד און עס וועט לאַנג ניט נעמען ביז ער וועט אַרויסקומען.

איך האָב זיך דערווייל, ניט געבעטענערהייט, צוגעזעצט.

די טאָכטער האָט מיך באַטראַכט, באַקוקט פון אַלע זייטען, מיך אויסגעפרעגט ווער איך בין, פונוואַנען איך קום וכדומה.

איך האָב איהר אין קורצען, מער ווייניגער, דערציילט וועגען זיך און איך האָב איהר אויך פאַרטרויעט מיין פּלאַן — צו שוואַרצען דעם גרעניץ קיין ווילנע.

דערהערט וועגען מיין פּלאַן, האָט זי זיך אָנגעצונדען ווי א פייער און איז מיך באַפאַלען מיט כל׳ערליי גאַליקע באַמערקונגען און באַליידיגונגען. זי איז אַרויס מיט א מאָדנעם פלאַם־פייערדיגען „מענה לשון״:

— נאָר אַזוי קאָמעדיאַנטען ווי איהר און אייער גלייכען, יוסטע באַלעבאַטימ־לאַך ! . . . ביעלאַרוטשקעס וואָס טוען ניט א האַנט אין קאַלטען וואַסער, פּויליאַ־קעס, ליידיקגייער, שטעקלדרעהער, פליאַסקעדריגעס, חסידישע פלעקער, האַלעדרי־געס — נאָר אַזוינע ווילען אַנטלויפען פון די סאָוועטען! . . .

דערהערט איהר מענה לשון, האָב איך זיך שטאַרק דערשראָקען, און האָב אָנ־געהויבען צו שטאַמלען ווי א כבד־פּה:

— אַנטשולדיגט, חבר׳טע ! מיינע אַלע קרובים, מיין משפחה, מיינע עלטערן געפינען זיך אין ווילנע און עס איז מיין הייסער באַגער צו זיין מיט זיי צוזאַמען.

— קליינבירגערליכע בורזשואַזע סענטימענטען ! . . . — האָט די „כאַוועריטע״ מיר, מיט בטול אין קול, געענטפערט.

— נו, איך וועל ניט לייקענען, אַז איך בין א קליינבירגער — האָב איך, מיט רחמנות אין קול, אַרויסגעשטאַמעלט.

— איהר זענט ניט בלויז א קליינבירגער, איהר זענט א צושראָקענער האָז! . . . א בלייענער פויגעל, א ליימענער גולם! . . . האָט מיך די כאַווערטע „באַרו־

היגט״ און זי האָט מיט א באַזונדערען פלייס גענומען „שטעפּען״ א נייעם מענה לשון:

— איהר זענט אַ פאַרדאַמטער אידיאָט! . . . איהר זענט אַ קאָנטר־רעוואָלר ציאָנער, א דאַרמאַיעד, איר זענט דער אָפּפאַל פון קלעריקאַלען געמויזעכץ, א בור־זשואַזער טויגעניכטס, אַן אָפּגעבליאַקעוועטע וואַזאַנע . . .

די טיר פון דעם שוחט׳ס חדר מיוחד האָט זיך געעפענט. דער שוחט איז גע־שטאַנען א בלאַסער, א צושראָקענער און האָט צו מיר געוואונקען מיט די אויגען איך זאָל הערען און שווייגען; אויך די אַלטע, דעם שוחט׳ס ווייב, האָט ארויפגעלעגט צוויי פינגער פון איהר רעכטער האַנט אויף איהרע ליפּען און האָט צו מיר גע־וואונקען . . .

איך האָב אַנגענומען א מויל מיט וואַסער און האָב געשוויגען.

די כאַוועריטע האָט אויפסניי גענומען לאָזען אין גאַנג איהר „מענה לשון״:

— חזירים! . . . טאַרטאַרס, ליידאַקעס, לויפּט־מענשען, וויסטע קאַליקעס, סמאַרקאַטע כאַדאַטאַיעס, מאַשעניקעס, פּאַרשיוועצעס, נוצלאָזע באַשעפּעניִשען, בורזשואַזע שישקעס, גייסטיקע קאַליקעס, צאַפּ־בערדל׳דיגע אידלעקעס, רעליגיעזע פינסטערלינגען, שאַכער־מאַכער אידלאַד, רעדעל־פיהרער אי טאַק דאַלשע — בלויז אַזוינע קאָנען קיין שלום ניט מאַכען מיט די סאָוועטען! . . .

איהרע „עפּיטעטען״ זענען מיר ניט געוועזען צום האַרצען, ביז איך אריין צום שוחט אין צימער, האָב פאַרמאַכט די טיר אונטער זיך, און האָב זיך מיט איהם שואל־עצה געווען מכח שווארצען דעם גרעניץ.

ער האָט מיר געענטפערט אז איך זאָל אָפּלאָזען דעם ענין אויף נאָך שבת — איה״ש נאָך שבת, האָט ער מיך פאַרזיכערט, וועט ער זיך פאַראינטערעסירען מיט מיין ענין.

איך האָב איהם געפרעגט אויב עס איז מעגליך אז איך זאָל ביי איהם נעכטיקען א פּאָר נעכט, האָט ער מיר געענטפערט אז ער האָט ניט קיין איבעריגע צימערען, אָבער אין בית המדרש איז דאָ וואו צו שלאָפען.

איך האָב פאַרלאָזט דעם שוחט׳ס הויז, האָב אין גאַס איינגעהאַנדעלט ברויט מיט הערינג לכבוד שבת און בין אוועק אין בית המדרש אריין.

* * *

אין בית המדרש האָב איך געטראָפען אַן ערך דריי מניינים „בעזשענצעס״, ישיבה־בחורים פון די מירער און קאַמענעצער ישיבות.

איך האָב מיט זיי געכאַפּט א שמועס און האָב ערפאַרען אַז אויך זיי שטרעבען קיין ווילנע און האָבען בדעה צו שווארצען דעם גרעניץ, רק זיי האָבען מורא איינצו־שטעלען, מחמת די גרעניץ ווערט לעצטענס שטאַרק באַוואַכט.

אין שוהל איז געווען קאַלט, די הרובע ניט געהייצט. איך האָב געפרעגט די בחורים פאַרוואָס זיי שלאָפען אין שול, פאַרוואָס זיי ווענדען זיך ניט צו די באַלע־באַטים אז די בעלי בתים זאָלען זיי נעמען אויף נאַכטלעגער, האָבען זיי מיר גע־ענטפערט אז זיי קאָנען ניט שלאָפען אין קיין פּריוואַטע הייזער צוליב צוויי אור־זאַכען: ראשית קאָן קיין באַלעבאָס ניט האַלטען ביי זיך אין הויז קיין בעזשענעץ,

סיידען ער מעלדעט וועגען דעם אין דער קאָמענדאטור, וכפי סאלעטשניק איז א גרעניץ־שטעטעל און די בעזשענצעס קומען אהער מיט׳ן איינציגען ציל צו שוואר־צען דעם גרעניץ, האָבען די סאלעטשניקער אידען מורא צו טראָגען די פאראנט־װאָרטליכקייט פאר׳ן איינגעשריבענעם ״בעזשענעץ״.

והשנית זענען די בעזשענצעס אפגעריסען, אפגעשליסען, פארברודיגט און פארלייזיקט און קיינער וויל ניט פאראומרייניגען די הויז . . .

דאנערשטיק אווענט זיינען ישיבה בחורים זיך נוהג צו זיצען שפעט אין דער נאכט, שמועסען, פארברענגען און עוסק זיין אין תורה ,אבער יענעם אווענט האט אין דרויסען גענומען א פראָסט, דער פראָסט האט זיך געהאלטען אין איין שטאר־קען און אין שול איז וואס אמאָל געווארען קעלטער און קעלטער. די בחורים האבען באשלאָסען צו גיין שלאָפען.

איך האב זיך צוגעלעגט שלאָפען אויף א שמאָלער, הארטער באנק. די אויגען האָבען זיך מיר גראד געקלעפט צום שלאָפען, אָבער די קעלט האט מיך ניט נאר שלאָפען ניט געלאָזט, נאר אפילו איינליגען אויף דער באנק האב איך ניט געקאָנט.

איך בין ארונטער פון דער באנק און האב גענומען אָטעמען אויף די פאר־פרוירענע שפּיץ־פינגער פון מיינע הענט; איך האב געקלאַפּט א פוס אין א פוס. איך און די איבעריגע בחורים האָבען גענומען רייבען די הענט, שפרינגען, טאנצען און ארומיאגען פון איין עק בית המדרש צום צווייטען.

די דאזיגע רעאקציע קעגען דער קעלט אין דער פארם פון טאנצען און שפרינגען האט אנגעהאלטען ביז פארטאג.

ארום 4 אזייגער פארטאָג איז געקומען דער שמש און מיט איהם נאך א פּאר זקנים, זיי האבען מיר דערלאנגט שלום.

איך בין געווען אין כעס סיי אויף די אידען, סיי אויפ׳ן שמש. פאר ניט לאָזען איבערנעכטיקען ביי זיך אין הויז קיין פארברודיקטען פּליט האב איך נאך געקענט געפינען א זכות, אָבער פאר ניט איינהייצען די הרובע, פאר לאָזען פרירען הונגע־ריגע נע׳ונד׳ניקעס — פאר דעם האב איך זיי ניט געקענט מוחל זיין און איך האב זיי גענומען זאָגען מוסר.

די אידען האָבען ארויפגעווארפען די שולד אויפ׳ן שמש, דער שמש האט גלייך איינגעהייצט די הרובע און מיר האבען זיך דערוואָרימט, אפגעכאפּט דעם אָטעם און זיך געשטעלט דאווענען.

מידע פון ארומטאנצען א גאַנצע נאַכט, האָבען מיר זיך נאָכ׳ן דאווגען, אויסגעצויגען אויף די האַרטע בענק און מיר האָבען זיך פיין אויסגעשלאָפען.

איך האָב מיט מיין איבערהעמד צוגעדעקט די באָרוועסע פיס, בעת די שמאַטעס מיט וועלכע איך פלעג ארומוויקלען די פיס האָב איך אויפגעהאַנגען טריקענען אויף דער וואַנט פון דער הרובע.

נאכ׳ן שלאף האב איך, בגנבה, גענומען וואַסער פון דער שטאָטישער מקוה, האָב אָהר זייף אויסגעוואַשען מיין העמד, האָב עס אויפגעהאַנגען אויף אַ סטענ־דער וועלכען איך האָב אוועקגעשטעלט לעבען דער הרובע און האָב עס אויסגע־טרוקענט.

צווישען די ישיבה־בחורים האָב איך אָנגעטראָפען אויף א חבר לדעה און

מיר האָבען ביידע באַשלאָסען איה״ש זונטיק צו שוואַרצען דעם גרעניץ.

איך בין אוועק צום שוחט, האָב ביי איהם איבערגעלאָזט מיין אויבערהעמד, די בידנע פּאָר רובל מיט די תפילין און בין צוריקגעקומען אין בית המדרש אריין.

אין פּאָליש פון בית־המדרש האָב איך געטראָפען א יונגע פרוי. די פרוי האָט זיך געבעטען רחמים ביי די „בעזשענצעס״ אז איינער פון זיי זאָל איהר א טובה טאָן און אריינקומען צו איהר אין הויז אריין „אַפּשרעקען״ איהר קינד וואָס וויל ניט עסען . . . זי האָט געסטראַשעט איר קינד אז אויב עס וועט ניט עסען, וועט זי אריינרופען א בעזשענעץ . . .

די ישיבה־בחורים האָבען זיך מפלפל געווען צו עס איז א מצוה אָדער ניט, און זיי האָבען זיך צו מיר, בדרך הלצה, געווענדעט מיט דער דאָזיגער שאלה:

איך האָב גע׳פּסק׳ענט אז עס איז א מצוה . . .

— וואָס פאַר אַ מצוה איז עס? — האָבען די חברה געפרעגט.

— עזוב־תעזוב! — האָב איך געענטפערט . . .

די חברה האָבען אויסגעשאָסען א גרויס געלעכטער און האָבען מיר גע־זאָגט אז זיי שאַרען מיר צו די מצוה.

איך בין מיט דער פרוי אוועק צו איהר אין הויז אריין. דאָס קינד האָט, דערזעהענדיג מיך, זיך דערשראָקען אימת מות און האָט גענומען שרייען מיט באַנומענע קולות: „מאַמע! כ׳וועל שוין עסען! . . . איכ׳ל שוין עסען!״

די פרוי האָט מיר דערלאַנגט א קיכעלע מיט 2 שטיקלאַך צוקער און האָט מיך משלח געווען.

איך בין אוועק מיט דער מתנה אין שול אריין און האָב געזאָגט דער חברה אז כ׳האָב געטאָן א מצוה שמתן שכרה בצדה.

* * *

נאָך קבלת שבת האָט יעדער פון די מתפללים גענומען אַ אורח אויף שבת. אויך איך בין אָנגעקומען אויף שבת צו א בכבוד׳יקען אידען און ווייל איך האָב שוין אַ ערך פון צוויי חדשים ניט טועם געווען קיין שבת׳דיקען מאכל, בין איך געווען שטאַרק צופרידען פון דער אייַנלאַדונג.

ביים טיש האָט דער איד מיט מיר געשמועסט וועגען די לעצטע געשעעני־שען, איך האָב דערצעהלט די בני־בית וועגען מיינע איבערלעבונגען און איך האָב זיי געגעבען אָנצוהערען, אַז איך וואָלט אַ בעלן געווען איבערצושלאָפען ביי זיי, לכל הפחות, איין נאַכט . . . לכבוד שבת, האָב איך געזאָגט, וואָלט איך א בעלן געווען מקיים צו זיין „הצעתי מטתי״ . . .

דער בעל־הבית האָט מיר געענטפערט: „פאַר דעם האָט איר ניט וואָס צו זאָרגען״ זיין ענטפער האָט מיך שטאַרק דערפרייט און פאַר גרויס נחת, האָב איך גענומען זאָגען תורה וועגען דער מצוה פון „לינת הצדק״.

מיין תורה האָט ארויסגערופען גרויס התעוררות סיי ביי מיר, סיי ביי די בני־בית, זיי האָבען מיר מכבד געווען מיט טיי און צוקער, וואָס דאָס איז דאַ־מאָלט בכלל און ביי מיר בפרט, געווען א יקר המציאות און איך האָב געהאַט אַן אמת׳ן עונג שבת.

מיר האבען געזונגען זמירות, געבענשט און דער בעל־הבית האט נאכ'ן בענ־שען זיך אפגע'סוד'עט מיט דער פרוי און איז צו מיר צוגעקומען און האט מיר א זאג געטאן:

— נו, קומט וועל איך אייך באגלייטען אהיים.

זיין ענטפער האט מיך שטארק אנטוישט און איך האב איהם געזאגט:

— און איך האב ניט אנדערש געדיינקט אז איר וועט מיך לאזען איבער־נעכטיגען ביי אייך, לכבוד שבת.

— „אשה — עיניה צרה באורחים...'' — האט ער מיר געענטפערט און האט אראפגעלאזט די אויגען.

— שלום בית איז א גרויסער ענין — האב איך געענטפערט און מיר האבען זיך געלאזט אין וועג אריין.

דער איד האט מיך צוגעפירט צו דער טיר פון בית המדרש, האט זיך פאר מיר אנטשולדיגט און איז אהיימגעגאנגען.

איך האב מעביר געווען די סדרה, האב אביסעל אריינגעקוקט אין א ספר, אין בית המדרש איז געווען ווארים און איך בין, א צופרידענער, איינגעהילט אין חסד און אין רחמים, אין שבת'דיקער קדושה און אין טהרה, געגאנגען שלאפען. יענע נאכט בין איך איינגעשלאפען מיט רעיונות וועגען חסדים וואס זיינען זיך מתגבר בכל יום, וועגען די יסורים וואס לייטערען דעם מענשען און זענען מתקן דעם נפש, דעם רוח און די נשמה.

דעם זיידענס געשטאלט איז מיר געשטאנען פאר די אויגען. איך האב יענע נאכט געזעהן דעם זיידען אין חלום, דער זיידע האט גערעדט וועגען דעם „עושה חדשות בכל יום, בכל עת, בכל שעה ובכל רגע''; וועגען די רמזים וואס דער כביכול איז מרמז דעם מענשען בכמה בחינות ואופנים שונים מיט וועלכע דער כביכול איז אויסען מקרב צו זיין דעם מענשען צום תכלית הנצחי, בכדי דער מענש זאל נכלל ווערען אין דעם אור אין סוף.

* * *

שבת אינדערפרי בין איך אויפגעשטאנען אן אויסגעלייטערטער. א באלעב־טער פון שבת'דיקער מנוחה און א באווירקטער פון צארטען טרוים האב איך גע־פילט מאדנע אויפגעלעגט און גוט.

דער עולם האט זיך געשטעלט דאווענען און איך האב געדאווענט מיט גרויס כונה און מתיקות, איך האב נאך קיינמאל ניט געפיהלט אזא גוטען טעם אין דאווענען און בין קיינמאל ניט געווען אזוי פאעטיש אנגעהויכט ווי יענעם פרימארגען.

טעם גן־עדן האב איך געפילט זאגענדיק:

„יום ליום יביע אומר
ולילה ללילה יחוה דעת...
אין אומר ואין דברים,
בלי נשמע קולם.

בכל הארץ יצא קום
ובקצה תבל מליהם. . .
לשמש שם אוהל בהם.״

הפנים אז דער איד וואָס האָט מיך גענומען פאַר אַן אורח אויף שבת האָט וועגען מיר גערעדט מיט׳ן עולם, מסתמא וועגען דער תורה, וואָס מיר האָבען גע־שמועסט ביים פרייטאָג־צו־נאַכטס׳דיגען טיש, מחמת איינער פון די גבאים איז צו מיר צוגעקומען, האָט מיר דערלאַנגט שלום און האָט מיר פאָרגעשלאָגען אַז איך זאָל זיך אַוועקזעצען אויבענאַן, אין סאַמע מזרח.

איך האָב איהם העפליך באַדאַנקט און האָב זיך אָפּגעזאָגט פון דעם כבוד.

מ׳האָט מיך מכבד געווען מיט אַן עליה און נאָך קריאת־התורה האָט מען מיך אויפסנייַ מכבד געווען מיט „זאָגען אַ פּאָר ווערטער״ פאַר׳ן עולם.

איך בין אַרויף אויפ׳ן באַלעמער און אָנשטאָט צו רעדען וועגען דער סדרה פון דער וואָך, האָב איך גאָר גערעדט „מעניני דיומא״: וועגען דער גרויסקייט פון דער מצות „הכנסת אורחים״ און איך האָב געגעבען אָנצוהערען די באַלעבאַ־טים פון שטאָט אַז אין שייכות צו די פּליטים זענען זיי פוגם אין דער דאָזיגער מצוה דערמיט וואָס זיי באַזאָרגען ניט די פּליטים מיט קיין געלעגערס און עס קומט זיי נעבאָך אויס צו שלאָפען אין די מלבושים, איך האָב גערעדט מיט הארץ און מיינע רייד האָבען עושה־רושם געווען.

נאָך דער דרשה האָב איך זיך גלייך געכאַפּט אַז איך האָב איבערגעכאַפּט די מאָס און איך האָב חרטה געהאַט אויפ׳ן שאַרפען טאָן וואָס איך האָב אָנגעשלאָ־גען אין דער דרשה, איך האָב זיך געכאַפּט אַז איך האָב ניט געטאָרט שאַפען קיין טומעל אַרום זיך און דאָ האָט מיין שאַרפער מוסר־טאָן אַרויסגערופען ביים עולם אַ דיסקוסיע און איך האָב מורא געהאַט אַז די דיסקוסיע קאָן נאָך אַרויסגעטראָ־גען ווערען אויסער די כותלי בית־המדרש און איך קאָן נאָך, חלילה, ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער „עם־קאַ־ווע־דע״.

איך בין שוין דערפאַר ניט געגאַנגען עסען צו מיין נעכטיגען בעל־הבית, אַ צווייטער איד האָט מיך גענומען אויף שבת, דער איד האָט מיר צוגעטיילט גרויס כבוד און האָט מיר אויך צוגעזאָגט אַ געלעגער.

מיר איז אָבער הפנים ניט באַשערט געווען צו שלאָפען ווי אַ מענש — אַהן די מלבושים, און דעם אידענס אַ זוהן (אַ פייערדיקער רעוואָלוציאָניסט) האָט מיר געזאָגט אַז לפי דעתו וואָלט ניט קרום געווען אַז איך זאָל וואָס שנעלער עוקר זיין פון שטאָט, מחמת מיין דרשה גייט אַרום פון מויל צו מויל און קינד און קייט האָבען צו טאָן מיט׳ן „בעזשענעץ וואָס טראָגט שמאַטעס אויף די פּיס״.

איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקען און האָב איהם געבעטען אַז ער זאָל מיר אין דעם פּרט קומען צוהילף, ווערען אַ „מסייע לדבר״ . . . און כך הוה: ער איז, אַהן מיין ווּיסען, אַוועק אום שבת צו אַ גוי און האָט איהם איינגעצאָהלט אַן אַדערויף 25 רובל און האָט מיט אים אָפּגעמאַכט אַז אַרום 10 אַזייגער אין אָוונט, מוצאי־שבת, זאָל ער נאָך מיר קומען און מיר אַריבערשוואַרצען דעם גרעניץ.

# מיין ערשטער פאַרזוך צו קרייצען דעם גרעניץ

ווען איך בין מוצאי־שבת אהיימגעקומען פון בית־המדרש און האָב ערפאַרען אז מ׳האָט, צוליב מיר, מחלל־שבת געווען, האָב איך זיך שטאַרק מצער געווען און דער ענין פון קרייצען דעם גרעניץ איז מיר ניט געווען צום האַרצען.

איך האָב יסורים געהאַט למאי מ׳האָט צוליב מיר מחלל־שבת געווען, אָבער איך האָב, פונדעסטוועגען, ניט ארויסגעוויזען קיין שום פּראָטעסט און האָב זיך גענומען מכין זיין אין וועג אריין.

איך בין צוערשט אַוועק צום שוחט און האָב ביי איהם אָפּגענומען מיינע בידנע פאַר קערבלאַך און בין פון דאָרט אַוועק אין בית־המדרש אריין, האָב אָפּגעזאָגט „ויתן לך״ און „וישלח יעקב מלאכים״ און האָב זיך געלאָזט אהיימגיין.

אויף מיין וועג אהיים, האָב איך געטראַכט וועגען דעם וועג וואָס איך באַדאַרף דורכמאכען בגנבה: פערצען וויאָרסט צופוס, אָהן שיך, מיט שמאַטעס אויף די פיס, און אין דרויסען איז פראָסטיק און בלאָטיק, דערצו האָבען מיר די שבת׳דיקע מאכלים פארשאַדט און איך האָב געהאַט בויכוועהטאָג.

איך האָב באַשלאָסען זיך אריינצוכאַפּען אין דער בעקעריי וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון בית־המדרש. אין דער בעקעריי איז שטענדיג פאַראַן געקאָכטע וואַסער און די ארבייטער דערלויבען צו געניסען פון דער וואַסער וויפיל נאָר מ׳וויל.

איך בין אריין אין בעקעריי. די ארבייטער האָבען מיך זעהר פיין אויפגענו־מען. זיי האָבען מיר דערלאַנגט א כלי מיט הייסע וואַסער. איך האָב ארויסגענומען פון קעשענע א שטיקעל צוקער און נאָך איידער איך האָב פאַספּייעט צו טאָן דעם ערשטען טרונק, איז צו מיר צוגעקומען א יונגערמאַן און האָט זיך צו מיר גע־ווענדעט:

— זאָגט נאָר, פּעטער: פונוואַנען זענט איהר?

דער וואָוויליונגערישער טאָן אין וועלכען די פראַגע איז מיר געשטעלט גע־ווארען, האָט מיר גלייך צוזאָויסען געגעבען, אַז איך האָב דאָ צו טאָן מיט אַ מלוכה־באַאַמטען, האָב איך, מעשה „אַ קניפּ אין באַק אַבי די פאַרב זאָל שטעהן״ זיך אָפּגערופען:

— איז עס טאַקע אַ מוז אַז איך זאָל מיך פאַר אייך פאַרשטעלען פון וואַנען איך קום?

— גאַנץ מעגליך אַז יאָ! . . . — האָט זיך דער יונגערמאַן אָפּגערופען און תוך כדי דבור, איז צו מיר צוגעקומען אַ רויטער ארמייער און האָט מיך גאַנץ געלאַסען אַ פרעג געטאָן: „סקאַזשי־קאַ, טאָוואַרישטש, קודאַ טי אידיאָש?״ (זאָג נאָר, חבר, וואוהין געהסטו?)

און נאָך איידער איך האָב באַוויזען צו ענטפערען אויף זיין פראַגע, האָט ער מיר באַפוילען אַז איך זאָל מיט איהם מיטגעהן צו דער „עם־קאַ־ווע־דע״ (אַ נייער נאָמען פאַר דער גע־פּע־או.)

דערהערט אזוינע דבורים, איז מיר דאָס ערשטע געקומען אויפ'ן געדאַנק די תפילין וועלכע איך האָב איבערגעלאָזט ביים שוחט און איך האָב געוואָלט בעטען דעם רויט־אַרמייער אַז ער זאָל מיט מיר קודם צוגעהן צום שוחט נאָך די תפילין, אָבער, צום גליק, האָט מיר דער שכל געדינט און איך האָב פאַרשטאַנען אַז צוליב מיינע תפילין וועל איך נאָך אַריינשלעפּען דעם שוחט אין אַן אומגליק. האָב איך אוועקגעשטעלט די כלי מיט דער הייסער וואַסער און האָב נאָכגעפאָלגט דעם רויט־אַרמייער.

דער וועג צו דער „עם־קאַ־ווע־דע" האָט זיך געצויגען, אין דער טונקעלקייט פון דער נאַכט, דורך בלאָטיגע אונטערגעסלאַך. איך האָב אַ פרעג געטאָן דעם רויט־אַרמייער, ווי לאַנג עס וועט נעהמען, ביז מיר וועלען אָנקומען צו דער „עם־קאַ־ווע־דע". ער האָט געענטפערט, אַז די „עם־קאַ־ווע־דע" איז אויסער דער שטאָט און עס וועט נעהמען ניט מעהר ווי איין שעה און מיר וועלען זיין אויפ'ן אָרט.

איך האָב זיך באַקלאָגט פאַר איהם, אַז די פיס דינען מיר ניט און האָב איהם געוויזען די שמאַטעס מיט וועלכע מיינע פיס זיינען געווען אַרומגעוויקעלט. ער האָט באַלויכטען מיינע פיס מיט אַן עלעקטרישען לעמפּעל, מיך באַדויערט און געענטפערט:

— נו, טאָוואַרישטש, געה לאַנגזאַם, ניט געאיילט.

איך בין געגאַנגען לאַנגזאַם און פאַרשיידענע רעיונות האָבען מיך באַגלייט אויף מיין וועג צו דער „עם־קאַ־ווע־דע". אַט יאָוועט זיך צו מיר אַזאַ געדאַנק: „מי שיש לו אלא חלוק אחד, חייו אינם חיים" (ווער עס האָט ניט מעהר ווי איין העמד, איז זיין לעבען קיין לעבען ניט). איך וויל זעהן צי מיין זכרון דינט מיר, צי מיין זכרון האָט זיך חלילה ניט מתקנא געווען אין מיינע פיס, שטעל איך זיך די פראַגע: וואו געפינט זיך דער דאָזיגער מאמר חז"ל? און איך ענטפער זיך אַליין: „אין ביצה, דף ל"ב, שורה כ"ו עמוד ב'". איך בין דאַנקבאַר דעם חונן לאדם דעת פאַר מיין זכרון וואָס, ניט קוקענדיג אויף מיינע שווידערליכע איבערלעבונגען, דינט ער מיר און איך טראַכט וועגען מיינע פיס און עס קומט מיר אויפ'ן זינען דער פסוק: „רגלי חסידיו ישמור". מיין זכרון פרישט אָפּ די אַלע וואַנדערונגען, די אַלע גלגולים וואָס איך האָב ביז איצט דורכגעמאַכט און ווידער קומט מיר אויפ'ן זינען אַ מאמר: „על ידי הטלטול זוכים לשם טוב". אַט אַזעלכע און עהנליכע געדאַנקען האָבען מיך די גאַנצע צייט באַגלייט ביז איך בין ענדליך אָנגעקומען צו דער „עם־קאַ־ווע־דע".

דער רויטער אַרמייער האָט מיך אַריינגעפיהרט אין אַ צימער וואו עס האָט געברענט אַ קליין עלעקטריש לעמפּעל און האָט מיר באַפוילען אַז איך זאָל זיצען און וואַרטען ביז ער וועט צוריקקומען.

איך האָב ניט לאַנג געוואַרט און ער איז צוריקגעקומען מיט אַ מעלדונג, אַז אַרום 12 אַזייגער ביינאַכט וועט מען מיך נעהמען אויף אַ „דאָפּראָס" (פאַרהער).

— און איצט, חבר, וויפיל איז דער זייגער ? — האָב איך זיך געווענדעט צום רויטען ארמייער.

— צעהן מינוט צו אַכט — האָט ער געענטפערט און איז אַוועק.

* * *

אַרום 12 אַזייגער זענען אריינגעקומען צוויי באַאמטע און האָבען מיך באַ־טראַכט, באַזוכט, דורכגענישטערט די קעשענעס, אויסגעפרעגט צי איך האָב עפּעס געלט, גאָלד, זילבער, בראַסלעטען אדער אויער־רינגלאַך. אָפּגעפאַרטיגט זיך מיט׳ן „אַביסק״, האָט מען מיך אריינגעפיהרט אין דער ביורא פון דער „עם־קאַ־ווע־דע״. ביים טיש איז געזעסען דער הויפּט קאָמיסאַר. זיין מילדער פּנים און זיין ליבליכער שמייכעל אויף די דינע ליפּען, האָבען מיר באַרוהיגט. ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און געבעטען זיצען. איך האָב זיך אוועקגעזעצט און די אויספאַרשונג האָט זיך אנגעהויבען :

— אייער נאָמען ?

— פנחס הירשפרונג.

— מיט וואָס האָט איהר זיך ביז איצט באַשעפטיגט ?

— מיט שטודירען.

— וואָס פאַר אַ שטודיום האָט איהר דורכגעמאַכט ?

— איך בין אַ סטודענט פון אַ ראַבינער סעמינאַר.

— און וואָס האָט אייך באַוואויגען צו וועלען קרייצען דעם גרעניץ ?

— איך האָב זיך געוואָלט דערשלאָגען קיין ווילנע.

— פאַרוואָס עפּעס קיין ווילנע ?

— מחמת דאָרטען זיינען פאַראַן אַ סך ראַבינער סעמינאַרען, וואו איך וואָלט געקאָנט פאָרטזעצען מיין שטודיום.

— וואָס־זשע, איהר האָט נאָך ניט באַקומען אייער דיפּלאָמאַ ?

— נאָך ניט.

— אַ שאָד ! . . .

— טאַקע אַ שאָד ! . . .

— ווייסט איהר אַז אידען ווערען אין ליטע פאַרעכענט פאַר בירגער פון אַ צווייטער קאַטעגאָריע ? . . . ווייסט איהר אַז ניט לאַנג צוריק איז אין ווילנע פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם אויף אידען, וועלכער איז אומאָפיציעל גוטגעהייסען גע־וואָרען פון דער רעגירונג ? און . . . ווייסט איהר אַז דער סאָוועטישער רעזשים קוקט קרום אויף דער האַנדלונג פון דער ליטווישער רעגירונג ? און . . . ווייסט איהר אַז ביים סאָוועטישען רעזשים זיינען ניטאָ קיין ראַסען־פאָראורטיילען און אידען זיינען גלייכבארעכטיגטע בירגער ?

— איך ווייס דאָס אַלעס און שאַץ אָפּ די פּאָזיטיווע זייטען פון דעם סאָווע־טען רעזשים.

— טאָ פאַרוואָס־זשע, חבר, ווילט איהר דעזערטירען פון דעם סאָוועטען־פאַרבאַנד ?

— פּשוט דערפאַר, ווייל אין סאָוועטען־לאַנד איז ניטאָ אַזאַ סעמינאַר וואו איך זאָל קענען פאַרענדיגען מיין שטודיום.

— זענט איהר אַן אַנטי־קאָמוניסט ?
— בשום אופן ניט !
— זענט איהר פּראָ־קאָמוניסטיש ?
— איך בין אַ רעליגיעזער קאָמוניסט.
— איהר זענט, הייסט עס, אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער !
— ניין, איך האָב אין מיין לעבען קיין שום אָנטייל ניט גענומען אין פּאָליטיק, און קיין שום אַקציע קעגען קאָמוניזם האָב איך ניט אונטערגענומען.
— אָבער איהר וואָלט פונדעסטוועגען געווען צופרידען, ווען דער קאָמוניסטישער רעזשים וואָלט געשטירצט געוואָרען ?
— איהר האָט אַ טעות.
— זענט איהר ניט אַמאָל אַ טראָצקיסט ?
— פאַר קיין פאַל ניט.
— און איך בין אייך חושד אין טראָצקיזם.
— איך ווייס ניט וואָס טראָצקיזם איז.
— אויב איהר זענט, לאָמיר צוגעבען, אַ רעליגיעזער קאָמוניסט, באַדאַרפט איהר וויסען וואָס טראָצקיזם איז.
— נו, ווייס איך נישט !
— פאַרוואָס ווייסט איהר נישט ?
— דערפאַר ווייל עס זיינען פאַראַן צוויי דעפיניציעס אויף טראָצקיזם.
— וואָס פאַר אַ דעפיניציעס ?
— איין דעפיניציע לערענט אַז : טראָצקיזם מיינט אומקאָמפּראָמיסליכער מאַרקסיזם, בעת אַ צווייטע דעפיניציע לויטעט אַז טראָצקיזם מיינט נאַציזם, מחמת טראָצקי איז אַן אַגענט פון דריטען רייך.
— די לעצטע דעפיניציע איז די ריכטיגע !
— אַלענפאַלס קאָנט איהר מיך ניט חושד זיין אין טראָצקיזם.
— פאַרוואָס ניט ?
— ווייל אויב טראָצקיזם מיינט אומקאָמפּראָמיסליכער מאַרקסיזם, בין איך דער וואָס זוכט דעם קאָמפּראָמיס בנוגע רעליגיע ; אויב ווידער טראָצקיזם מיינט נאַציזם, בין איך אַ קרבן פון נאַציזם.
— זאָגט מיר, חבר, זענט איהר אפשר הונגעריג ? זאָגט דעם אמת, שעמט אייך ניט.
— יאָ, חבר, איך בין הונגעריג.
ער האָט אַ קלונג געטאָן מיט אַ גלעקעל, אַ סאָלדאָט איז אריינגעקומען און ער האָט איהם באַפוילען אַז ער זאָל אריינברענגען אַ פּאָרציע זופּ מיט ברויט.
— אנטשולדיגט חבר, האָב איך זיך אָפּגערופען, דאָס ברויט וועל איך עסען, אָבער נישט דעם זופּ.
— דער זופּ איז ריין און פריש געקאָכט.
— אָבער איך קען דעם זופּ ניט עסען אויס רעליגיעזע מאָטיוען.
— אָבער איהר דאַרפט דאָך באַלד גיהן שלאָפען און עס איז אומגעזונט צו גיהן שלאָפען נאָכדעם ווי מען עסט זיך אָן מיט פּיסנעם ברויט.

— אפשר האָט איהר אַ גלאָז טיי ?

דער סאָלדאַט איז אַריינגעקומען מיט אַ טאַץ אויף וועלכער עס זיינען גע־לעגען דריי רעפּטלאַך ברויט און אַ טעלער זופּ. דער קאָמיסאַר האָט באַפוילען צוריקצונעהמען די זופּ און ברענגען אַ גלאָז טיי.

— אפשר קאָן איך אָפּוואַשען מיינע הענט ?

— פּאָזשאַלויסטאַ! — האָט דער קאָמיסאַר געענטפערט און האָט מיר אונ־טערגעטראָגען אַ קווארט מיט וואסער. איך האָב זיך געוואַשען, דער קאָמיסאַר האָט מיר דערלאַנגט אַ האַנדטוך, איך האָב אָפּגעווישט די הענט, געמאַכט „המוציא", אָפּגעגעסען, אָפּגעבענשט; נאָכדעם האָט ער מיר אונטערגעטראָגען אַ פּראָטאָקאָל און האָט מיר געהייסען אונטערשרייבען. איך האָב אונטערגעשריבען.

דער קאָמיסאַר האָט אַ קלונג געטאָן מיט'ן גלעקעל. אַ רויט־אַרמייער איז אַריינגעקומען. דער קאָמיסאַר האָט איהם באַפוילען ער זאָל מיך פיהרען אין קאָמערא אריין שלאָפען. דער סאָלדאַט האָט מיך אריינגעפיהרט אין אַ ברייטען זאַל וואו עס האָט געברענט אַ קליין טונקעל עלעקטריש לעמפּעל און האָט פאַר־האַקט די טיר הינטער זיך.

איך האָב באַטראַכט דעם זאַל און די איינריכטונגען אינוועניג, האָב איך פארשטאַנען, אז דאָס איז א פשוט'ע תפיסה פאר אַראַעסטאַנטען.

דער זאַל איז טאַקע געווען איבערגעפילט מיט אַרעסטאַנטען, מערסטענס אַחינו בני ישראל. זיי האָבען מיר איינציגווייז דערלאַנגט שלום און אַלע זיינען געווען נייגעריג צו וויסען פאַרוואָס מ'האָט מיך „אריינגעהאַקט אין חד־גדיא".

— פאַר אַ מסירה! — האָב איך געזאָגט.

— וואָס פאַר אַ מסירה ? — זיינען זיי געווען נייגעריג צו וויסען.

— מ'האָט מיך גע'מסור'ט אַז איך וויל שוואַרצען דעם גרעניץ קיין ליטע — האָב איך באַפרידיגט זייער נייגעריגקייט.

און יעדער באַזונדער האָט גענומען דערציילען פאַרוואָס מ'האָט איהם „אַריינגעהאַקט אין חד־גדיא אריין": כמעט אַלע זיינען אַרעסטירט געוואָרען פאַר ספּעקולאַציע. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי די אַרעסטאַנטען אויב ווער פון זיי האָט אַ פאַר תפילין, קיינער האָט קיין תפילין ניט געהאַט.

די דאָזיגע בשורה האָט מיר קיין רוה ניט געגעבען. די לופט אין תפיסה איז געווען אַן אומדערטרעגליכע, איך האָב די נאַכט קיין אויג ניט צוגעמאַכט.

אַרום זיבען אינדערפריה האָט מען אונז אַלעמען אויסגעטיילט פּאַרציעס ברויט. איך בין געווען הונגעריג, אָבער האָב ניט געקענט עסען פאַר'ן דאַווענען, האָב איך באַהאַלטען מיין פּאַרציע ברויט מיט דער דעה איך זאָל אַזוי לאַנג וואַר־טען, ביז דער הונגער וועט ווערען אומדערטרעגליך.

אַרום עלף אַזייגער אינדערפריה האָט מען מיך געשיקט רופען אין ביוראָ אריין. דער קאָמיסאַר האָט מיר געגעבען אַ פּאַרציע מוסר, געהאַלטען אַ לעקציע וועגען דער העפליכקייט פון די סאָוועטען און קריטיקירט די אומדאַנקבארקייט פון די, וואָס זיינען „גייסטיג אומפעהיג אויפצונעהמען דעם נייעם רעזשים" און ער האָט אויסגעלאָזט :

„מיר באַפרייען אייך בתנאי איהר זאָלט אויפגעבען דעם שגעון פון קרייצען דעם גרעניץ״.

איך האָב זיך געזעגענט מיט׳ן קאָמיסאַר און בין אַ לוסטיק־פריילאַכער אַרויס אויף דער פרייער לופט. איך האָב זיך געלאָזט אין שטאָט אַריין אַ באַרוישטער פון דער איידעלער באַנעהמונג, פון דער העפליכער באַציהונג וואָס דער קאָמיסאַר האָט צו מיר אַרויסגעוויזען.

* * *

מיין צוריקקומען אין שטאָט אַריין האָט אויפסניי אַנגעמאַכט אַ רעש אין שטעטעל. מענשען האָבען מיך פריידיג אויפגענומען מיט דער ברכה: „ברוך מתיר אסורים״ און ווידעראַמאָל בין איך געוואָרען דער צענטער פון אויפמערקזאַמקייט, די סענסאַציע פון טאָג, קינד און קייט האָבען גערעדט וועגען דעם „בעזשענעץ מיט די שמאַטעס אויף די פיס״ און מיר איז דאָס ניט געווען צום האַרצען. איך האָב באַשלאָסען צו ווערען אַ „נחבא אל הכלים״ און מילדערען דעם גערויש אַרום זיך.

איך בין אַוועק צום שוחט, האָב אָפּגענומען מיינע זאַכען, האָב אָפּגעדאַוועט און בין צוריק אַוועק אין בית־המדרש אַריין.

זיצענדיג אין בית המדרש האָב איך דערפיהלט גרויסע וועהטאָגען אין די פיס. איך האָב באַשלאָסען אויסצורוהען די פיס. קיינער פון די שטאָטישע אידען האָט מיך ניט געבעטען אויף נאַכטלעגער אויס מורא פאַר ווייטערדיגע נאַכוועהענישען...

דער חשק צו קרייצען דעם גרעניץ און זיך דערשלאָגען קיין ווילנע האָט ביי מיר מיט יעדען טאָג געהאַלטען אין איין שטייגען. איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם אַלטען ר׳ רפאל וואָס פלעגט זאָגען, אַז ווען אימיצער וויל טאָן אַ מצוה איז איהם דער אויבערשטער מזמין אַ מניעה, בכדי דער חשק זאָל גובר זיין די מניעה... די מניעה, הייסט עס, דאַרף מעורר זיין דעם חשק!... איך האָב באַשלאָסען אַנצושטרענגען דעם חשק און באַזייטיגען אַלע מניעות.

און ווידער האָב איך געטראַכט: די חז״ל זאָגען: „תורה וארץ ישראל אין נקנין אלא ביסורין״, און מיין שטרעבען קיין ווילנע איז דאָך כוללביידע זאַכען: איך פאָהר קיין ווילנע לערנען תורה און פון דאָרטען האָב איך דאָך בדעה זיך צו דערשלאָגען קיין ארץ ישראל. אגב איז דאָך ווילנע פאַר׳שמ׳ט פאַר ירושלים דליטא, נו, האָב איך זיך געוואָלט דערשלאָגען קיין ירושלים דליטא ווי אַן הכנה צו ירושלים דארץ ישראל... און איך האָב געהערט אַז פון וואָראַנאָווע איז לייכטער צו קרייצען דעם גרעניץ, האָב איך באַשלאָסען אויסצואוואַנדערען פון סאָלעטשניק קיין וואָראַנאָווע, וואָס געפינט זיך פופצעהן וויאָרסט פון סאָלעטשניק און איז ניט ווייט פון איישישאָק.

קיין פערד און וואָגען וואָס זאָלען פאָהרען קיין וואָראַנאָווע איז ניט געווען צו באַקומען, האָב איך זיך איינגעשפּאַנט און בין אַוועק צופוס קיין וואָראַנאָווע.

# וואַראַנאָוואַ

ווי נאָר איך האָב זיך דערנעהענטערט צום שטעטעל וואַראַנאָוואַ און האָב באַטראַכטעט די בריק וואָס פיהרט אין שטאָט אריין איז מיר דער ערשטער אנטקעגענגעקומען אַ מיליציאַנער, ער האָט מיך אָפּגעשטעלט, מיך אפילו ניט געפרעגט ווער איך בין און וואוהין איך גיי און האָט מיר באַפוילען: „טאָווארישטש! סליעדייטיע זאַ מנאָיו!" (חבר, פאָלגט מיר נאָך!).

ער האָט געשטעלט פיס און איך — נאָך איהם. ער האָט מיך פאַרפיהרט אין קאָמיסאַריאַט אריין.

אין קאָמיסאַריאַט האָב איך געטראָפען אַ היבש ביסעל אַנגעשטעלטע מאחינו בני ישראל. זיי האָבען מיך אויפגעכאַפּט ווי אַן אבן־טוב, זיך איבערגעקוקט צווישען זיך און געמאַכט אין רוסיש פאַרשיידענע שפּאַטישע, אָפּלאַכערישע באַמערקונגען אויף מיין חשבון.

דער פאַרוואַלטער האָט אין אַ חוזק־טאָן א פרעג געטאָן דעם מיליציאַנער וואָס האָט מיך געבראַכט: „גדיעי טי יעיאָ פּאָפּאַל, עטו פּטיצו?" (וואו האָסטו איהם דערטאַפּט, דעם דאָזיגען פויגעל?).

— וואַזשנאַיאַ פּטיצאַ! . . . אַ וואַזשנע פויגעל! — האָט זיך אָפּגערופען איינער פון די אַנגעשטעלטע.

— אַטשען וואַזשנאַיאַ פּטיצאַ! . . . א זעהר וואַזשנע פויגעל! . . .

האָט זיך אָפּגערופען אַ צווייטער און אַלע האָבען אויסגעשאָסען אַ געלעכטער.

איך האָב זיי באַטראַכט מיושב'דיק, רוהיק און געלאַסען און איך האָב געזאָגט צו זיך אליין:

וואָס איז דער חדוש? אין סאַמע מיטען ווינטער ברענגט מען צופיהרען א מענשען וואָס טראָגט זומערדיקע הלבשה, דערצו איז דער מענש באוואַקסען, פאַר חדשים לאַנג ניט ארומגעשוירען, טראָגט א רוקזעקעל אויף די פּלייצעס און שמאַטעס אַנשטאָט שיך. — אַז אַזאַ אויסטערלישע בריאה יאָוועט זיך אַראָפּ אין אַ קליין שטעטעל וואָס ליגט האַרט ביי דער גרעניץ, בודאי רופט אַזאַ באַשעפעניש ארויס דערשטוינונג און חשד און עס איז כדאי אַזוינעם אויסצופאָרשען; אויס פשוט'ער קוריאָזיטעט איז כדאי געוואויר צו ווערען פון איהם ווער ער איז און וואָס האָט איהם געבראַכט צוטראָגען אהער אין שטעטעל אריין; אָבער — האָב איך געטראַכט — צו וואָס דער געלעכטער? פאַרוואָס אַזאַ נישטיקער חוש פאַר א צווייטענס געפילען? פאַרוואָס אַזוי ווייניג חוש און פאַרשטענדעניש פאַר דעם צווייטענס איבערלעבונגען?

מיך האָט פאַרדראָסען אויף זייער אכזריות'דיקער באַנעהמונג; מיך האָט וויי געטאָן זייער חוזק־טאָן און זייער בטול־באַציאונג און איך האָב באַשלאָסען צו שפּילען דעם תם, דעם קליינשטעטעלדיקען כניאַק וואָס טויג זיך ניט אויס פון ראַנען אהין. . .

דער קאָמיסאַר האָט מיך געפרעגט וואָס פאַר א מינים סחורות איך האָב אין רוקזעקל און ניט וואַרטענדיג אויף מיין ענטפער האָט איינער פון דער חברותא פון מיר אַרונטערגענומען דאָס רוקזעקל, אויסגעפּאַקט דערפון די „קאָנטראַבאַנ־דע״: א אויבערהעמד מיט א פּאַר תפילין. . .

די חברה האָבען אויפסניי אויסגעשאָסען א געלעכטער און זיך געוויצעלט אויף מיין חשבון: איינער פון זיי האָט מיך א פרעג געטאָן:

— זאָג נאַר, צאַצקע טייערע, ווי אזוי הייסטו?

— פּנחס — האָב איך געענטפערט.

— אז ער הייסט פּנחס, רופט מען איהם: „פּיניע!״ —האָט זיך א צווייטער אָפּגערופען און אלע האָבען הנאה געהאַט פון דער גרויסער חכמה.

— זאָג זשע, פּיניע, ווען האָסטו בדעה צו שוואַרצען דעם גרעניץ? — האָט זיך דער קאָמיסאַר צו מיר געווענדעט.

— וואו איז ערגעץ דער גרעניץ? — האָב איך, מעשה תם, געענטפערט א פראַגע דעם קאָמיסאַר.

— מיט איהם איז די מעשה ווי מיט „ביינוש טראַגמיך״... — האָט דער קאָמיסאַר זיך געווענדעט צו דער חברה און האָט גענומען דערציילען א מעשה:

„ביי אונז אין שטעטעל איז געווען א בית־המדרש־ניק „ביינוש טראַגמיך״ האָט מען איהם גערופען; האָט מען וועגען איהם דערצעהלט אז מ׳האָט איהם, אין דער וועלט־מלחמה פון 1914 אָפּגעגעבען צו „פאָניע׳ן״ פאַר א סאָלדאַט און מ׳האָט איהם במחילה אָפּגעשיקט צום פראָנט.

„בעת ער האָט פאַרלאָזט די היים און האָט זיך געזעגענט מיט די עלטערען, האָט די מאַמע זיינע איהם אנגעזאָגט: „ביינוש! אז דו וועסט אנקומען אויפ׳ן פראָנט זאָלסטו ס׳ערשטע אריין אין פּלען אריין!״ . . .

„אז ביינוש איז געקומען אויפ׳ן פראָנט האָט ער גלייך גענומען פרעגען:

„וואו איז דאָ ערגיץ דער פּלען?״

„מיט איהם איז אויך די אייגענע מעשה ער פרעגט זיך: „וואו איז ער, ער־גיץ דער גרעניץ?״

די חברה האָבען אויפסניי אויסגעשאָסען א געלעכטער.

דער קאָמיסאַר האָט זיך אויפסניי צו מיר געווענדעט:

— וואָס ביזטו געקומען אהער קיין וואָראָנאָוויץ?

— איך בין געקומען אויסזוכען עפּעס אן ארבייט? — האָב איך געענטפערט.

— א וואַזשנער בעל מלאכה! — האָט דער קאָמיסאַר איראָניש אויסגערו־פען און די חברה האָבען זיך געהאַלטען ביי די בייכער פון געלעכטער.

— איז וואס זשע האסטו צו זאגעז, פיניע? — האט דער קאמיסאר זיך צו מיר אנגערופעז.

— איך האב צו זאגען — האב איך געענטפערט — אז איהר זאלט מיר גע־בען א שטיקעל ברויט מיט א גלעזעל טיי, וועט איהר זיך קונה עולם־הבא זיין!...

דער דאזיגער ענטפער האט ארויסגערופען ביי דער חברה א פרישען געלעכ־טער און איינער פון דער חברה האט זיך אנגערופען:

— „טאווארישטש קאמיסאר! לאמיר פון איהם פטור ווערעז, לאמיר איהם אפשיקען צום רב און — פטור אן עסק!... מיר'ן דאך פלאצען פון געלעכטער!...״

דער קאמיסאר האט מיר באפוילען איך זאל פארלאזען דעם קאמיסאריאט.

איך האב פארלאזען דעם קאמיסאריאט און האב זיך דערפרעגט צום רב.

# דער פּראָלעטאַריזירטער רב

אריינגעקומען צום רב אין הויז אריין, האב איך געטראָפן זיצן ביי א טישעל א מיטעליעהריגען אידען מיט אַ פּאַרגרעסערונגס־גלאָז אויפ׳ן לינקען אויג.

דער איד האט בודק געווען אַ זייגער און האט אונטערגעברומט אַ ניגון. איך האב פארשטאַנען, אז איך האב אנגעטראָפען אויף א פאלשען אדרעס און האב זיך געוואָלט ווענדען צום זייגערמאַכער, אז ער זאָל מיר אָנווייזען וואו דער רב וואוינט. אָבער נאָך איידער איך האב באַוויזען א וואָרט צו רעדען, האָט דער זייגערמאַכער אַרונטערגענומען דאָס פּאַרגרעסערונגס־גלאָז פון אויג, האט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ צו מיר, האט אוועקגעלעגט דער זייגער פון האנט און האט זיך אָפּגערופען:

— שלום עליכם אייך, ר׳ איד! ... וואָס האט איהר עפּעס צו זאָגען?

— כ׳האָב אייך געוואָלט בעטען איהר זאָלט מיר אָנווייזען וואו דער רב וואוינט.

— דער רב וואוינט טאַקע אָט דאָ, אין אָט דער הויז — האָט דער זייגערמאַכער געזאָגט.

— און ווען קאן מען איהם טרעפען אין הויז? — האב איך געפרעגט.

— אָט שוין בזו הרגע! ... — האָט דער זייגערמאַכער געענטפערט.

— ער קומט באַלד אריין? — האָב איך געפרעגט.

— ער איז שוין אריינגעקומען — האָט דער זייגערמאכער געענטפערט — איהר רעדט דאָך מיט׳ן רב, דאָס בין איך דאָך דער רב! ...

דערהערט אַזעלכע דבורים איז מיר דאָס ערשטע געקומען אויפ׳ן געדאַנק אַז איך האָב, מעשה שטן, ווידעראמאָל אָנגעטראָפען אויף א לץ וואָס וויל מיך „נעמען אויף דער העצקע״ און איך האב איהם, מעשה תם, א פרעג געטאָן:

— אין וועלכער ישיבה האָט איהר געלערענט?

— איך בין אַ תלמיד פון מירער ישיבה.

— און וואָס איז אייך עפּעס איינגעפאַלען צו פאַרריכטען זייגערס?

— ווייל יעדער איינער באַדאַרף האָבען אַ זייגער, ווי אין פסוק שטעהט: „אין לך אדם שאין לו שעה״ — האָט דער זייגערמאַכער געענטפערט.

— אָט דאָס גאָר? — האָב איך, מעשה תם, אַ זאָג געטאָן.

— אָט דאָס און נאָך עפּעס! ...

— וואָס נאָך?

— איך מוז דאָך ווייזען דער שטאָט וואו זיי האַלטען! ...

איך בין געזעסען, האָב באַטראַכט דעם זייגערמאכער, און האָב זיך געיישוב׳ט: איז ער דער רב?

דער זייגערמאַכער האָט אפּנים אויפגעכאַפּט מיינע געדאַנקען און בכדי איך זאָל זיך איבערצייגען אַז ער איז טאַקע דער רב, האָט ער צו מיר זיך אָפּגערופען:

„איכ׳ל אייך דערצעהלען א מעשה:

„ווען דער באַרדיטשעווער רב, ר׳ לוי־יצחק ז״ל איז נתגלה געוואָרען, האָבען

אַ סך מתנגדים מחליק געווען אויף איהם. און עס איז געווען איינער אַ מתנגד, וואָס האָט אָנגעווענדעט כּל׳ערליי עצות און תחבולות דורך וועלכע ער האָט געוואָלט מעורר זיין אַ מחלוקת אויפ׳ן רב ר׳ לוי־יצחק. אין יענער צייט זיינען זייגערס געווען אַ יקר־המציאות און כמעט אַ דבר חדש און מענשען האָבען ניט געוואוסט ווי אַזוי מען באַדאַרף אַנגעהן מיט אַ זייגער, ניט יעדער איינער איז געווען אַ בקי ורגיל אין עניין „זייגער״. האָט זיך מיישב געווען דער מתנגד, האָט גענומען אַ זייגער און איז מיט איהם אוועק צום באַרדיטשעווער רב געוואוּיער ווערען צי ווייסט דער רב וואָס אַ זייגער איז און אַפּילו אויב ער ווייס וואָס אַ זייגער איז, איז די פראַגע, צי ווייסט ער ווי אַזוי מ׳דאַרף זיך מיט איהם נוהג זיין. דער מתנגד איז געווען זיכער, אַז דורכ׳ן זייגער וועט איהם געלינגען מעורר צו זיין אַ מחלוקת אויפ׳ן רב ר׳ לוי־יצחק, ז״ל.

„דער מתנגד האָט געוויזען דעם זייגער צום באַרדיטשעווער און האָט איהם, מעשה תם, געפרעגט: „רבי, וואָס איז דאָס פאַר אַ כלי?״

— אַ זייגער — האָט ר׳ לוי יצחק געענטפערט.

— און ווי אַזוי איז מען זיך נוהג מיט׳ן זייגער? — האָט דער מתנגד געפרעגט.

„האָט ר׳ לוי־יצחק איהם דערקלערט דעם שכל פון דעם זייגער: דער כח המכריח מיט׳ן כח המושך וכדומה... און האָט געשטעלט אַ פראַגע דעם מתנגד:

— וואָס טוט מען אַז דער זייגער ווערט קאַליע?״

— פאַראַן אַ בעל מלאכה וואָס מען רופט איהם „זייגערמאַכער״ און ער קאָן פאַרריכטען אַ זייגער אויב ער ווערט קאַליע — האָט דער מתנגד געענטפערט.

„האָט „דער באַרדיטשעווער״ געפרעגט דעם מתנגד: „צי קאָן דער זייגערמאַכער מתקן זיין ד י צ י י ט וואָס דער זייגער איז געווען קאַליע?״

„האָט דער מתנגד געענטפערט: ניין, ער קאָן פאַרריכטען דעם זייגער, אָבער ניט די צייט. דאַמאָלט האָט דער באַרדיטשעווער זיך צושריגען אויפ׳ן מתנגד: „פאַראַן אַזאַ בעל־מלאכה וואָס קאָן מתקן זיין ניט בלויז די כלי וואָס ווייזט די צייט, נאָר ד י צ יי ט ג ו פ א, די גאַנצע צייט וואָס די כלי איז קאַליע געווען! כלומר: דער מענש איז בבחינת „מורה שעות״, דהיינו: דער מענש געהט אַפּ אַ שטיק צייט בדרך הישר, און דורך כל׳ערליי שטותים און בלבולים איז ער נוטה פון דרך הישר און אַז דער מענש איז נוטה פון דרך הישר הייסט עס, אַז דער מענש איז קאַליע געוואָרען, דער מענש איז געבליבען שטעהן... איז פאַראַן אַזאַ בעל־מלאכה וואָס קאָן מתקן זיין ד י ג אַ נ צ ע צ י י ט פון דעם מענשען׳ס אָפּגעשטאַנענקייט, ניט נאָר ד ע ם מ ע נ ש ע ן איז דער צדיק הדור מתקן, נאָר אַפילו ד י צ י י ט וואָס דער מענש האָט פוגם געווען קאָן ער אויך מתקן זיין״ . . .

„דער מתנגד איז אוועק אַהיים אַ פערשעהמטער...״

איך האָב אויסגעהערט די מעשה און האָב תופס געווען דעם טיפען מוסר השכל פון דער מעשה און האָב געפרעגט דעם זייגערמאַכער: „טאָ וואָס איז דער נמשל צום משל?״

און ער האָט מיר דערקלעהרט, אַז די נייע מאַכט־האָבער האָבען אויף איהם

געוואַלט מעורר זיין אַ מחלוקת באשר ער איז ניט קיין פּראָדוקטיווער עלעמענט און האָט דאַרום ניט קיין עקזיסטענץ־באַרעכטיגונג, וכפי ער האָט געוואַלט מתקן זיין א סך תקונים אין שטאָט, האָט ער זיך אויסגעלערענט זייגערמאַכעריי. צוליב דער זייגערמאַכעריי האָלט ער שוין אַן דעם כסא הרבנות און זיינע געגנער האָבען ניט קיין „פּתחון פה" קעגען איהם.

איך האָב זיך איבערצייגט, אַז ער איז טאַקע דער רב און אַ חוט של חסד איז געצויגען געוואָרען צווישען מיר און איהם.

איך האָב שטאַרק נושא חן געווען אין זיינע אויגען און ער — אין מיינע, ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט מיך אויפגענומען ביד רחבה ובסבר פנים יפות ; ער האָט מיך מקרב געווען ווי א ידיד נאמן — בלב ונפש און האָט אין מיר מעורר געווען אַ „התרוממות המוחין".

דער זייגער האָט געקלונגען פינף. מיר האָבען געדאַווענט מנחה און מעריב און נאָכדעם האָט די רבי'צין געגרייט צום טיש און מיר האָבען זיך געזעצט עסען אָווענט־ברויט. ער האָט מיך געבעטען איך זאָל זאָגען תורה וכפי איך בין, אין יענעם מאָמענט, געווען געניגט אויפצונעהמען אַנשטאָט ארויסצוגעבען, האָב איך איהם געזאָגט אַז איך בין מיד און האָב איהם געבעטען אַז ער זאָל מיך מזכה זיין מיט זיין תורה.

ער האָט געזאָגט תורה :

„. . . צוויי כוחות זיינען פאַראַן אין דער וועלט: דער „כח המכריח" און דער „כח המושך". דער צדיק איז בבחינת „עפר" און דער צדיק איז אויך בבחינת „כח המושך", „בבחינת משכן" פון שורש „משך" און יעדער באַזונדער דאַרף וויסען אַז די אַלע מניעות וואָס שטעלען זיך איהם אין וועג — אָט די אַלע מניעות זיינען בבחינת „כח המכריח", וואָס ווילען מרחיק זיין, אָפּהאַלטען דעם מענשען פון דעם צו וואָס ער ווערט נמשך לויט דער בחינה פון זיין תשוקה לפי שורש נשמתו . . . אָבער ווען דער מענש איז זיך מתגבר און ווערט נמשך צו דער נקודת האמת, איז דעמאָלט דער „כח המושך" זיך מתגבר אויפ'ן „כח המכריח", מחמת דער „כח המושך" איז דאָך שטאַרקער פאַר'ן „כח המכריח", ווייל דער „כח המושך" איז דאָך פון אייביגען ווערט, בעת דער „כח המכריח" — די מניעה, איז פון צייטווייליגען ווערט, רק לפי שעה, און ווען די מניעה ווערט באַזייטיגט און דער „כח המושך" פאַרנעהמט דעם אויבענאַן, ווערט דאַמאָלט דער מענש נתעלה און ער קריגט אַ תיקון דורך דעם וואָס ער איז „מעלה את כל הקדושות הנפולין".

איך האָב פאַרשטאַנען אַז די תורה איז ניט סתם תורה, איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער רב זאָגט איצט ניט קיין תורה לשם תורה, נאָר אַז ער באַצוועקט עפּעס וואָס האָט אַ שייכות צו מיר, האָב איך איהם געבעטען, אַז ער זאָל מיר זאָגען, וואָס ער איז מרמז מיט דער תורה און ער האָט מיר געזאָגט :

„איך זעה אַז איהר האָט גרויס השתוקקות צו ווילנע, ווילנע איז „דער כח המושך" און איהר האָט מניעות, די מניעות דאָס איז דער „כח המכריח" . . . נו, די מניעות זיינען רק לפי שעה, אָבער אַז איהר וועט גובר זיין די מניעות און וועט גרייכען ווילנע, וועט איהר דערמיט „מעלה זיין את כל הקדושות הנפולין"

און דער עיקר הדבר איז — אַז בתוך תוקף ההתגברות פון דער „כח המכריח'' זאָלט אהיר חלילה ניט פאַרגעסען אין דעם „כח המושך'' וועלכער איז שטאַרקער פאַר'ן „כח המכריח''.

ער האָט מיר פאַרגעשלאָגען אַז איך זאָל ניט צופיל מאַריך זיין, רק איך זאָל געהן שלאָפען און האָט מיר אָנגעוויזען אויפ'ן צימער וואו מ'האָט פאַר מיר צוגעגרייט אַ געלעגער און בכדי דער שלאָף זאָל מיר באַקומען האָט ער מיר געזאָגט, אַז איה''ש אינדערפריה וועט ער מיט מיר צוגעהן צו זיינעם אַ באַקאַנטען וואָס האָלט אַ שוך געשעפט און וועט מיר איינהאַנדלען אַ פּאָר גוטע שיך פאַר אַ שבוש געלט.

איך בין געגאַנגען שלאָפען מתוך הרחבת הדעת, הרחבת הלב, הרחבת הגוף והנפש. יענעם אָוועגט בין איך געשלאָפען אָהן דער הלבשה און ניט נאָר פון דער הלבשה בין איך געווען אויסגעטאָן, נאָר איך בין אויך געווען אויסגעטאָן פון זאָרג און מורא, פון פיין און פאַרדרוס.

דער רב' האָט ממתיק געווען אַלע מיינע מרירות'ן און האָט אין מיר מעורר געווען דעם כח הבטחון. איך בין יענע נאַכט געשלאָפען אין שטילער איינ־גענעמער רוה, אין שלוה און אין נחת.

אינדערפריה נאָכ'ן דאַוונען, נאָך פת שחרית, איז דער רב מיט מיר געגאַנ־גען איינהאַנדלען די פאַרשפּראָכענע פּאָר שיך. אויף מיין מזל איז לעבען דעם שוך־געשעפט געשטאַנען אַ מיליטערישער וואָגען אויף וועלכען מ'האָט אָנגעלאָדען די קאָנפיסקירטע סחורה פון דעם געשעפט.

אנטוישטע זיינען מיר ביידע צוריקגעגאַנגען אהיים.

אויפ'ן וועג אהיים האָבען מיר אָנגעטראָפען אויף אַ אידען וועלכער האָט אָוועקגערופען דעם רב אַן אַ זייט, האָט זיך מיט איהם אָפּגעסוד'עט און ביידע זיינען צוריקגעקומען און האָבען מיר געזאָגט, אַז איה''ש היינט דריי אזייגער בייטאָג, וועט מיך דער איד איבערפיהרען דעם גרעניץ און שכר טרחה וויל ער בלויז דרייסיג רובל.

איך האָב געפרעגט דעם אידען צי עס איז ראַטזאַם צו געהן בייטאָג, האָט מיר דער איד געענטפערט, אַז ער איז געניט אין דער מלאכה... אַז איך האָב כלל ניט וואָס מורא צו האָבען און איך זאָל זיך מכין זיין אויף דריי אזייגער בייטאָג.

# מיין צווייטער פאַרזוך צו קרייצן דעם גרעניץ

צו דער באַשטימטער צייט — דריי אַזייגער בייטאָג — איז דער איד צו מיר געקומען און מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אַריין. איך האָב, צוליב מיינע שוואַכע פיס, געמוזט גיין לאַנגזאַם און אַזוי אויך מיין באַגלייטער.

איך האָב זיך געשלעפּט לאַנגזאַם און אומזיכער און מיין באַגלייטער האָט מיך, די גאַנצע צייט, געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן אַז אַלץ איז „אָפּגעגעבן", באַוואָרנט און פאַרזיכערט, מיט איין וואָרט: אגיל ואשמח און — ניטאָ וואָס מורא צו האָבן...

מיר זיינען אַרויס אַ היבשן שטח אויסער דער שטאָט און דאָ האָבן מיינע מידע פיס אָנגעהויבן צו פּראָטעסטירן און איך האָב, בשום אופן, ניט געקאָנט נאָכהאַלטן דעם אידן. איך האָב, באין ברירה, געמוזט נאָך מעהר פאַרלאַנג־זאַמען די טריט. עס האָט לאַנג ניט גענומען און איך האָב חרטה געהאַט למאַי איך האָב זיך, מיט אַזעלכע פיס, אַרויסגעלאָזט אין וועג אַריין. איך האָב זיך אָנגעהויבן צו ישוב'ן: אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן איך זאָל מוחל זיין דעם אידן די פּאָר קערבלאַך וואָס ער האָט ביי מיר גענומען פאַר זיין טרחה, און איך זאָל מיך צוריקקעהרן אין שטאָט אַריין? אָבער פּלוצים האָט זיך צו מיינע אויערן דערטראָגן אַן אויסגעשריי:

— „טאָוואַרישטש, סטאָי! . . . ני ס'מעסטאָ! . . ." (חבר, שטעה! ריהר ניט פון אָרט!).

אויפ'ן פרייען פעלד האָט דאָס קול אָפּגעקלונגען הילכיג און קלאַנגפול און אַ ווידערקול האָט עס אַזוי שטאַרק ווידערהאַלט, אַז עס האָט זיך באַקומען ווי אַ מין בת־קול מן השמים.

איך בין געבליבן שטעהן ווי אַ צוגעשמידעטער צום אָרט און מיין באַגלייטער האָט מיר איינגערוימט אַ סוד אין אויער:

— לאָמיר מאַכן אַ ויברח!

— חס ושלום! — האָב איך געענטפערט.

דער איד האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פאַר מיין ענטפער און האָט זיך ביי מיר גענומען בעטען רחמים אַז איך זאָל איהם חלילה ניט אויסגעבן, מחמת ער איז אַ איד אַן אָרימאַן, אַ טאַטע פון קינדער וכדומה...

איך האָב איהם פאַרזיכערט, אַז ער האָט ניט וואָס מורא צו האָבן פאַר מיר.

דער גרעניץ וועכטער האָט זיך געהאַלטן אין איין דערנעהענטערן צו אונז שרייענדיג: „רוקי וו'ווערד!" (הענט אַרויף!).

ער איז צו אונז צוגעקומען, האָט אונז באַטאַפּט פון אַלע זייטן צי מיר האָבן ניט קיין געוועהר און נאָכדעם האָט ער אונז באַפוילן אַז מיר זאָלן איהם נאָכפאָלגן. איך האָב, מיט מיינע געשוואָלענע פיס, ניט געקענט נאָכפאָלגן נאָכ'ן פעסטען טראָט פון דעם פאָליצייער און איך בין אָוועקגעפאַלן, געבליבן

ליגען אַן אויסגעצויגענער אויף דער בלאָטיגער ערד. איך האָב זיך דערקלעהרט באַנקראָט... דער גרעניץ וועכטער האָט אויף מיר רחמנות געהאַט ער האָט מיך אויפגעהויבען פון דער ערד און האָט מיר דערלויבט צו מאַכען געציילטע לאַנגזאַמע טריט און אין אַ משך פון אַ שעה צייט האָבען מיר זיך, קוים מיט צרות, דער־שלעפּט צום „גראַניטשני פּאָסטען״.

ביים גרעניץ פּאָסטען איז געשטאַנען אַן אויטאָ אין וועלכער עס זיינען געזעסען עטליכע אַרעסטאַנטען, אַלע מאחינו בני ישראל. אויך אונז האָט מען מצרף געווען צו זיי. מיר זיינען אריין אין דער אויטאָ און עס האָט ניט לאַנג גענומען און די אויטאָ האָט זיך געלאָזט אין וועג אריין.

מיר האָבען קיין אַהנונג ניט געהאַט וואוהין מען פיהרט אונז — לשבט או לחסד — און אייניגע אידען האָבען אָנגעהויבען אַרויסצוזוברענגען פאַרשידענע השערות: איינער האָט געזאָגט אַז מ׳פיהרט אונז צו אַ פּונקט און פון דעם „פּונקט״ וועט מען אונז אָפּפיהרען צו אַן אייזענבאהן־סטאַנציע פונוואַנען מ׳וועט אונז מיט דער באַהן, אַפּשיקען קיין „טיף ראָסיי״ — קיין סיביר... צו די וייסע בערען. אַ צווייטער האָט געזאָגט אַז מ׳פיהרט אונז אויף שווערער אַרבייט. אַ דריטער — אַז מען פיהרט אונז צו דער דייטש־רוסישער גרעניץ און מ׳וועט אונז צוריק אויסליפערען צו די דייטשען.

אין דער לעצטער השערה האָב איך ניט אָנגעהויבען צו גלויבען און זי האָט ביי מיר קיין שום זאָרג ניט אַרויסגערופען, אדרבא, איך בין געווען מלא שמחה און האָב געדאַנקט השי״ת וואָס איך געפין זיך אין אַן אויטאָ און באַדאַרף ניט געהן צופוס. איך האָב ערשט איצט, זיצענדיג אין דעם אויטאָ, באַגריפען אַז מיט מיר האָט פּאַסירט אַ נס מן השמים און איך באַדאַרף גאָר בענשען גומל, מחמת ווען ניט דער גרעניץ־וועכטער וואָס האָט אונז אָפּגעשטעלט, וואָלט איך געבליבען שטעקען אין מיטען וועג און עס וואָלט געווען קרח מכאן וקרח מכאן: ניט איך וואָלט מיט מיינע פיס געקרייצט דעם גרעניץ און ניט איך וואָלט געווען ביכולת זיך צוריקצוקערען אין שטאָט אַריין; איך וואָלט, בלי שום ספק, פאַר־פרוירען געוואָרען אין מיטען פעלד און ווער ווייסט צי איך וואָלט געקומען צו קבר ישראל...

עס האָט גענומען אַן ערך אַ שעה אויף׳ן זייגער און די אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט, מ׳האָט אונז אויסגעלאָדען און, אונטער אַ שטרענגער וואַך, אריינ־געפירט אין אַ קאַנצעלאַריע וועלכע איז געווען פול מיט מיליטערישע באַאמטע.

איך האָב זיך גענומען אַרומקוקען, באַטראַכטען די אומגעבונג און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מיר געפינען זיך אין אַ מיליטערישער קאָמענדאַנטור, אָבער וואו, אין וועלכען דאָרף אָדער שטאָט — דאָס האָט קיינער פון אונז ניט געוואוסט און איך האָב אָנגעהויבען טראַכטען:

רבש״ע! היכן אני בעולם? וואו בין איך אין דער וועלט?

מיר איז געקומען אויפ׳ן געדאַנק דער זיידע וועלכער פלעגט מיט מיר תמיד קנעלען אַז „ס׳איז כדאי אַלע טאָג צו געדענקען דעם יום המיתה, און יעדער מענש באַדאַרף זיך אַלע מאָל פאַרטראַכטען: „וואו בין איך אין דער וועלט?״...

מ׳האָט אונז אַרויסגעפיהרט פון דער קאַנצעלאַריע אין אַ צווייטען צימער

וואו עס זיינען געלעגען אויף דער ערד נאָך אַרעסטאַנטען כמעט אַלע מאחינו בני ישראל. אין צימער האָבען געברענט א פּאָר קליינע עלעקטרישע לעמפּלאך. איך האָב זיך אַנגעהויבען אַרומקוקען איבער'ן צימער — ערשט עס איז גאָר קיין צימער ניט! עס איז אַ גרויסער זאַל און די גאַנצע אומגעבונג, דער געבוי פון די ווענט, פון די פענסטער און די גאַנצע אַרכיטעקטור פון דער געביידע, כאַפּען דעם אַנבליק פון אַ בית־המדרש, פון אַ היימישער תלמוד תורה אדער ישיבה און איך האָב זיך ווידעראַמאָל געשטעלט די פראַגע: וואו בין איך דאָ אין דער וועלט? צי בין איך וואָך אדער עפּעס קומט מיט מיר פּאָר אין חלום?

די טיר האָט זיך געעפענט, אַ באַאַמטער איז אַריינגעקומען און האָט אונז באַפוילען, אַז מיר זאָלען זיך לעגען שלאָפען, און מאָרגען אין דער פריה וועלען מיר גענומען ווערען אויף א „דאַפּראַס" (פאַרהער). איך האָב זיך צוגעלעגט אויף דער ערד שלאָפען, דאָס געלעגער איז געווען אויסגעבעט מיט שטרוי און דער צוקאָפּענס איז באַשטאַנען פון א קליין זעקעל, אַנגעפילט מיט שטרוי.

איך בין געלעגען און האָב געטראַכט: וואו פּאַרט זיינען מיר דאָ? דער־ווייל האָט זיך צו מיינע אויערען דערטראָגען דאָס שטילע שעפּטשען פון אַ אידען וואָס האָט זיך, הפנים, מתבודד געווען, זיך דורכגערעדט מיט'ן רבונו של עולם, כדבר איש אל רעהו:

„רבש"ע! דער זכות פון דעם הייליגען צדיק, דעם קדוש עליון, דעם „חפץ חיים", זאָל מגין זיין אויף מיר, דיין קנעכט שמשון בן האשה שרה־לאה, אַז מיר זאָל חלילה קיין בייז ניט געשעהן".

איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז מיר געפינען זיך אין ראַדין, אין דער גע־ביידע פון דעם חפץ־חיים'ס ישיבה, און מיין גאַנצער וועזען איז דורכגענומען גע־וואָרען פון אַ הייליגען ציטער, מיין האַרץ האָט גענומען פלאַטערען כלות הנפש ממש און, פאַר גרויס התפעלות, האָבען זיך מיר די טרעהרען געלאָזט פון די אויגען. איך האָב גענומען כליפּען ווי אַ פאַראורטיילטער וואָס איז גליקליכערווייז באַגנאַדיגט געוואָרען.

מיין שכן, וואָס איז געלעגען לעבען מיר, האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט זיך צו מיר צעטילערהייט אַנגערופען:

— פעטער! וואָס וויינט איהר?

— עס וויינט זיך מיר! — האָב איך געענטפערט, און איך האָב איהם גע־פרעגט ווי לאַנג ער געפינט זיך שוין אָט דאָ אין דער געביידע. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער נעכטיגט שוין דאָ די צווייטע נאַכט.

— אויב אַזוי — האָב איך צו איהם געזאָגט — מוזט איהר דאָך וויסען וואו איהר זענט אין דער וועלט... אין וועלכער שטאָט און אין וואָס פאַר אַ בנין.

— נו זיכער — האָט דער איד געענטפערט — מיר זיינען אין ראַדין אין דעם חפץ־חיים'ס ישיבה, וואו דער הייליגער רבי, דער חפץ חיים ז"ל, פלעגט האַלטען זיינע מוסר־דרשות.

איך האָב זיך צוגעלעגט, באַגראָבען דעם קאָפּ אין קישען און געגאָסען מיט טרערען אַזוי, אַז קיינער זאָל ניט הערען; אין יענעם מאָמענט האָב איך געפילט ווי צו זיין מיט זיך, מיט די אייגענע רעיונות, פון קיינעם ניט געשטערט.

איך האָב זיך גוט אויסגעוויינט און מיר איז גרינגער געוואָרען אויפ'ן געמיט, איך האָב געשפּירט דעם גייסט פון דעם הייליגען צדיק דעם „חפץ חיים" ווי ער וואָלט דאָ ארומגעשוועבט און געצערטעלט זיינע קינדער.

איך האָב געטראַכט: וויפיל תורה, וויפיל מוסר, וויפיל קדושה, וויפיל טיפע חכמה, וויפיל גייסטיגקייט, מענשליכקייט און איבערמענשליכקייט איז אויסגע־שטראַלט געוואָרען אין אָט דעם בנין פון אָט דער מערקווירדיגער פּערזענליכקייט, פון אָט דעם צדיק־הדור וואָס האָט זיך גערופען „חפץ חיים" און האָב געדאנקט השי"ת וואָס איך האָב די זכיה זיך צו געפינען צווישען די כותלי־הישיבה פון דעם „חפץ חיים".

און ווידער האָב איך געטראַכט:

„מיום שחרב בית המקדש נגזרה גזירה על בתיהם של צדיקים שיחרבו". און ניט ווילענדיג האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט פון מויל: „מה נורא המקום הזה!".

מיט אַזוינע רעיונות בין איך, אין גרויס צער און אין נחת, איבערגעלעגען די נאַכט, קיין אויג ניט צוגעמאַכט. מיר איז געקומען אויפ'ן זינען דער פּסוק: „מה לך נרדם? ! קום קרא אל ד' אלקיך!" און איך האָב שטילערהייט מתפּלל געווען צו השי"ת אַז דער זכות פון „חפץ חיים" זאָל מגין זיין אויף מיר בתוך כלל ישראל אַז מיר זאָלען בקרוב זוכה זיין לשלום גדול על כל העולם.

* * *

כאור הבוקר האָבען מיר זיך געשטעלט דאַווענען במנין און נאָכ'ן דאַווענען האָט מען אונז אויסגעטיילט פּאַרציעס ברויט.

איך האָב ווידעראַמאָל באַטראַכט די ישיבה:

די שאַפעס זענען געשטאַנען פּאַר'יתומ'טע, אויסגעליידיגטע פון די ספרים. וואוהין די ספרים זענען אַהינגעקומען — האָט קיינער פון אונז ניט געוואוסט. אויב די ספרים זענען ניטאָ — האָב איך געטראַכט — האָט די השגחה אנגעפילט דעם בנין מיט אידען וואָס האָבען דאָ — אין דער מסיבה פון רויט־אַרמייער — תפילה געטאָן, זיך מתבודד געווען פאַר השי"ת, טרערען פאַרגאָסען און מיט אַ הייליגען ציטער אויף די ליפען דערמאָנט דעם ליכטיגען אַנדענק פון דעם חפץ חיים זצ"ל.

* * *

אַרום 12 אַזייגער בייטאָג האָט מען אונז, איינציגווייז, גערופען צום פאַרהער. אויך מיין ריי איז געקומען:

דער קאָמענדאַנט האָט מיך אויפגענומען נישט איבעריק פריינדליך, געוואָר־פען אויף מיר אַן איראָנישען קוק און האָט מיך געגומען מוסר'ן למאַי איך האָב, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס איך האָב אין סאָלעטשניק פאַרשפּראָכען נישט מעהר צו שוואַרצען דעם גרעניץ — אויפסניי געמאַכט אַ פּאַרזוך צו קרייצען דעם גרעניץ.

מיר איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען. איך האָב זיך איבערצייגט אַז ער ווייסט וועגען מיר אַלץ און אַלעס, ווער און וואָס איך בין וכדומה.

איך האָב צו איהם אַפּעלירט פאַר רחמנות און מיטגעפיל און האָב איהם גע־

זאָגט אַז פון די גרוילהאַפטע איבערלעבונגען אונטער די נאַציס בין איך אַזוי צו־טומעלט אז איך ווייס אליין נישט וואָס איך טו. . .

ער איז געווען מלא רציחה און האָט מיר געזאָגט:

„זעהט ווי טאָלעראַנט מיר זענען צו אייך, מיר לאָזען אייך אַרויס אויף דער פריי!...״

פאַר גרויס איבעראַשונג האָב איך איהם גענומען לויבען און דאַנקען און בין אַזוי ווייט אַוועק, אַז מיין אויסדרוק פון אַנערקענונג צו איהם האָט אָנגענומען אַ געוויסע פאָרם פון חניפה... ער האָט מיר דערויף געמאַכט אויפמערקזאַם און האָט באַטאָנט, אז חניפה און אונטערטעניגקייט זענען איהם דערווידער און אז ער פילט שטאַרק געטראָפען דערפון וואָס מענשען זענען אַזוי בלינד און אומדאַנק־באַר: בלינד צום היסטאָרישען פראָצעס וואָס שפילט זיך אָפּ פאַר זייערע אויגען און אומדאַנקבאַר צו די וואָס באַטראַכטען זיי פאַר גלייכבאַרעכטיגטע. . .

ער האָט מיר באַפוילען צו פאַרלאָזען די קאַנצעלאַריע.

איך האָב פאַרלאָזט די קאַנצעלאַריע און האָב זיך געלאָזט אין שטאָדט אַריין.

# איך קרייץ די סאָוועטיש-ליטווישע גרעניץ

איך בין ארויס פון דער קאַנצעלאַריע און האָב זיך געלאָזט געהן איבער די גאַסען פון ראַדין.

די זון האָט געלויכטעט און דער פראָסט האָט אפּגעלאָזט.

אין דעם „מוסר שטיבל'' וואו איך האָב געגעכטיגט איז געווען וואַרים, מיינע דערפרוירענע פיס זענען אביסעל אָפּגעגאַנגען פון דער קעלט און זענען געקומען צו זיך און איך בין געווען אנגענעם איבערראַשט און אויפגעלעגט סיי פון דעם וואס מ'האָט מיך צום צווייטען מאָל פרייגעלאָזען, סיי דערפון וואס איך האָב געהאַט די זכיה צו נעכטיגען, צו דאַווענען און צו פאַרגיסען טרערען צווישען די פיר ווענט פון דעם חפץ־חיים'ס ישיבה.

איך בין אויך געווען באַרוישט דערפון וואס דער צופאַל האָט מיך געבראַכט קיין ראַדין — די שטאָט וואו דער חפץ־חיים זצ''ל האָט געלעבט און פונוואַנען ער האָט מרביץ־תורה געווען ברבים.

א געפיהל פון דאַנקבאַרקייט האָט מיך באַהערשט און איך בין געוואָרען שירה־דורשטיק, מיר האָט זיך פאַרוואָלט צו זאָגען הלל; פאַר גרױס נחת האָבען זיך מיר געשטעלט אין די אויגען טרערען פון שמחה און איך האָב גענומען זאָגען אינמיטען גאַס:

„מקימי מעפר דל, מאשפות ירים אביון''

„אודך כי עניתני ותהי לי לישועה . . .''

און איך האָב געטראַכט: רבש''ע ! פאַרוואָס בין איך אזוי זעלבסטקאָנצענטרירט ? פאַרוואָס בין איך אַזוי פאַרטאָן, פאַרזונקען אין דעם אייגענעם „איך'' ? איך האָב דאָך שיעור ניט פאַרגעסען אין מייניקע, אין מיינע עלטערען, משפחה קרובים, באַקאַנטע וכדומה . . . זיי זיינען דאָך אַלע אונטער די נאַציס . . . לעבען זיי ? אויב יאָ — וואו געפינען זיי זיך ? אין מיין היימשטעטעלע דוקלאַ זענען זיי געווויס ניטאָ . . . און טראַכטענדיג וועגען מיינע עלטערען זענען מיר געקומען אויפ'ן זינען ביאַליק'ס א פּאָר פערזען :

אבי — גלות מרה, אמי — דלות שחורה, —
לא ! לא מקלי אפחד, לא התרמיל נורא !
כי מהם אכזרים, מרים שבעתים
חיים בלי תוחלת ובלי אור עינים.

„מיין פאָטער — דער ביטערער גלות, מיין מוטער — דער פינסטערער דלות—
ניין ! ניט פאַר מיין וואַנדערשטעקען האָב איך מורא, ניט די טאָרבע איז שרעקליך!
שרעקליכער פון זיי, זיבען מאָל ביטערער איז אַ לעבען אָהן האָפנונג, אָהן ליכט פאַר די אויגען''.

אָבער מיר איז גוט ווייל איך האָב דעם בטחון ניט פאַרלוירען ! . . . איך האָב אין מיין לאַנגען וואַנדער־וועג אפשר צייטענווייז, פוגם געווען אין דער

מדת הבטחון, אבער לחלוטין אויפגעבען דעם בטחון — צו אזא פארצווייפעלטער מדרגה בין איך חלילה, קיינמאָל ניט דערגאנגען. אבער, טראכט איך, וואס פארט קאן איך דא אין ראדין אויפטאן ? צוליב מיין רעליגיעזער איינשטעלונג ווער איך דאך אויסגעשלאָסען פון דעם סאוועטישען לעבענסשטייגער און בכדי זיך דא איינצואָרדנען וועט דאך מיר חלילה אויסקומען אויפצוגעבען דאס פארוואס אונזערע עלטערען און זיידעס האבען זיך געלאזט אומברענגען על קדוש השם ! . . . און איך באשליס ביי זיך אז קרייצען דעם גרעניץ איז פארבונדען מיט אזא מין מסירת נפש וואס איז בבחינת קידוש השם.

איך שפאַן אַרום איבער די גאַסען פון דער שטאָט און באַטראַכט מיט נייגעריקייט די הייזער, די מענשען און דער באוואוסטזיין אז איך בין אין ראדין, אין דער שטאָט וואו דער חפץ חיים האט געלעבט — דער דאָזיקער באוואוסטזיין צערטעלט מיך און גלעט מיך און איך ווער דורכגענומען פון אַ פריידיג געפיהל, אַ געפיהל פון התרוממות הנפש און איך טראכט:

אין בעל הנס מכיר בנסו ! . . . איך הויב אן דעראינערען אַלץ וואס איך האב דורכגעלעבט סיי ערב דער מלחמה, סיי לעצטענס אין דער מלחמה, סיי אונטער פוילען, סיי אונטער די נאַציס און איך זעה נסים ונפלאות. איך באַטראַכט עס פאַר אַ נס וואס איך בין נאָך אַזוי פיל מאַטערנישען פארבליבען צווישען די לעבעדיגע, איך טראַכט : „לא אמות כי אחיה ואספר מעשי ד׳ ״ און מיט אַלע כחות קלאַמער איך זיך און רייס זיך צום לעבען, עס קומט מיר אויפ׳ן זינען דער פסוק פון תהלים :

„בזאת ידעתי כי חפצת בי כי לא יריע אויבי עלי״.

און אזוי שפאַנענדיג א פארזונקענער אין דעם איבערפלוס פון רעיונות איז מיין אויג געפאַנגען געוואָרען פון עטליכע שטיקלאך זייף וואס האבען ארויסגעקוקט פון א שויפענסטער אין גאַס אריין.

איך האב זיך אפגעשטעלט לעבען דעם שויפענסטער, באטראכט די ארטיקלען וואס זענען דארטען געלעגען פאר׳יתומ׳ט, פארשטויבט און אין גרויס אומארדנונג און בין אריינגעגאנגען אין געוועלב אריין אייננהאנדלען א שטיקעל זייף.

אין געוועלב האב איך געטראָפען א פרוי, די אייגענטימערין פון דעם קרעמעל און אַיין איינציקער קונה איז דארט געווען וואס זיינע אויגען האבען אויפגעשיינט ווען ער האט מיך דערזעהען, ער האט מיר דערלאנגט שלום און האט מיט מיר פארפירט א געשפרעך: ווילאנג איך בין אין שטאט, פונוואנען איך קום וכדומה.

איך בין נאך אַלץ געווען באוועלטיגט דערפון וואס איך געפין זיך אין ראדין און אויך דערפון וואס איך האב געהאט די זכיה איבערצוגעכטיקען באהלה של תורה און דאס דאָזיגע הויכגעפיל האב איך ניט געקאנט דערשטיקען אין זיך, איך האב געמוזט האבען אימיצען פאר וועמען איך זאל דאס דאזיגע מעכטיקע געפיל אראפרעדען פון הארצען — האב איך זיך טיילווייז באפרייט פון מיין אנטציקונג וואס האט זיך געריסען צום אויסדרוק דורך דעם וואס איך האב געטיילט מיינע געפילען מיט דעם אידען און בכדי מיין מאדנער עקסטאז פאר דער שטאט ראדין זאל ניט אויסקוקען לעכערליך און איבערטריבען אין די אויגען פון דעם

אידען, האב איך איהם באמערקט אז ביי א היגען אידען קאן די שטאט ניט ארויס־רופען אזא ציטערדיק געפיל ווי ביי א ישיבה־בחור וואס קומט פון מרחקים . . .

— איך קום ניט פון מרחקים — האט דער איד מיר איינגערוימט א סוד אין אויער — איך קום ערשט נעכטען פון איישישאק און כאטש ראדין רופט ביי מיר אויך ארויס א געפיל פון דרך ארץ, וואלט איך, פונדעסטוועגען, ניט פארבלי־בען ביי די רויטע אין ראדין . . .

דערהערט אז דער איד קומט ערשט נעכטען פון איישישאק וואס געהער צו ליטע, מיט דער אבזיכט ניט צו פארבלייבען „ביי די רויטע" האב איך אויף איהם אנגעשטעלט א פאר פאר'חדוש'טע אויגען, ווי איינער רעדט: צו וואס זשע זענט איהר געקומען אהער אז איהר האט דא ניט בדעה צו פארבלייבען?

דער איד האט פון מיינע אויגען ארויסגעלייענט מיין פראגע און האט מיר אריינגעשושקעט אין אויער אריין:

— . . . איך בין געקומען אהער ניט אליין . . . מיינער א ברודער איז אויך מיט מיר געקומען, מיר זענען א גאנצע חברה . . .

איך האב גלייך פארשטאנען וואוהין דער איד צילט. איך האב באטראכט דעם אידען מעהר פארזיכטיק : א איד וואס טראגט א פיינע בארד, מאכט א בכבודיק'ען איינדרוק אָן — פון באלעבאטישען אויסזעהן. איך האב אים געפרעגט וואס עס הערט זיך עפעס „פון יענער זייט".

דער איד האט מיר דערציילט אז פון יענער זייט איז ניט שלעכט, אידען האבען פרנסה און אלץ גייט כשורה.

— ווי אזוי זשע קומט מען אבער אהין ? האב איך א זאג געטאן מיט אן האלבען מויל.

— „פאר שלושים רובל" — האט דער איד געענטפערט — וועל איך אייך אריינפירען גלייך קיין איישישאק און פון דארטען נעמט איר די באן קיין ווילנע.

איך בין געווארען אפענהארציק מיט דעם אידען, איך האב אים דערציילט אלץ וואס איך האב דורכגעמאכט אין מיין פארזוך צו קרייצען די גרעניץ און דער איד האט מיך פארזיכערט אז ביי איהם קאן אזוינס, פאר קיין פאל, ניט טרעפען מחמת ביי איהם איז „אפגעבעט" און דער ברודער זיינער האט „מרגלים" . . .

איך האב איהם געפרעגט ווער די „מרגלים" זיינען. האט ער מיר געענט־פערט אז די פויערים וואס וואוינען ביים גרעניץ־פאס לאזען זיי וויסען ווען די גרעניץ וואך איז טעטיג און ווען — ניט, אזוי אז דער דערפאלג איז געזיכערט אלע הונדערט פראצענט.

דער איד האט ביי מיר אויפסנייע אפגעשפרישט דעם חשק צו גרייכען ווילנע און איך בין איינגעגאנגען אויפ'ן עסק בתנאי אז איך זאל אים דעקען זיין שכר טרחה נאכדעם ווי מיר וועלען איה"ש בשלום אנקומען קיין איישישאק.

דער איד האט זיך הפנים געגעוויטיקט אין „קונדען" און ער איז איינגעגאנגען אויף מיין באדינג.

מיר האבען אפגערעדט זיך צו טרעפען ארום דריי אזייגער נאך מיטאג טאקע ביי דער פרוי אין געוועלב.

* * *

דריי אַזייגער בייטאָג האָבען מיר זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אריין: דער איד, זיין ברודער, איך און נאָך דריי פליטים.

ווי נאָר מיר זיינען אַרויס פון יענער זייט שטאָט, האָבען ביידע ברידער זיך דורכגערעדט וועגען דעם פּלאַן פון אונזער מאַרש, און איין ברודער האָט געפרעגט דעם צווייטען צי ער האָט שוין פון מיר באַקומען דעם „סלוק"...

די דאָזיגע פראַגע איז געווען מעהר אולטימאַטום ווי פראַגע און וואָלט מיר קיין צרות ניט געווען באַשערט, וואָלט איך גלייך געווען גע'סלוק'ט די דרייסיג רובל, אַזוי ווי אָבער קיין צופיל געלט האָב איך ניט פאַרמאָגט און מיין כוס פון צרות איז נאָך הפנים ניט געווען פאַרפול, האָב איך זיך ניט צוגעאיילט מיט'ן צאָהלען.

מיר האָבען פאָרטגעזעצט דעם גאַנג. דער וועג איז מיר באַקאַנט, איך בין שוין אויף אָט דעם אומגליקליכען וועג, דוכט מיר, געגאַנגען, אָבער איצט קומט מיר אָן לייכטער דער גאַנג, מחמת אינדרויסען איז וואַרימער און די חברותא איז אַ גרעסערע, איז היימליכער צו געהן.

מיר געהען און שווייגען, עס נעהמט אונז ניט לאַנג און מיר קומען צו צו אַ וועלדעל. איך דערקען דאָס וועלדעל און עס ווערט מיר אומהיימליך . . .

די נאַכט פאַלט צו, עס ווערט קיהלער, מיר זיינען מיד פון וועג און מיר שטעלען זיך אָוועק אָפּרוהען. איך באַטראַכט דעם אַרום: די בוימער זיינען נאַקעט, אין וואַלד איז שטיל, קיין שאָרך ניט צו הערען, איך דערמאָן זיך אין מיינע פריהערדיגע פאַרזוכען צו קרייצען דעם גרעניץ און עס באַפאַלט מיך אַ אומעט. איך באַמיה זיך צו פאַרטרייבען דעם אומעט, שטעל איך זיך דאַווענען מנחה.

איך דאַווען על רגל אחת, בחפזון און עס נעהמט מיר ניט לאַנג און איך בין אָפּגעפאַרטיגט מיט'ן דאַווענען. איך קוק זיך אַרום: אַן אומגליק האָט מיך געטראָפען! איך בין איינער אליין אין וואַלד, די חברה איז אַוועק, זיי האָבען מיך גערן אָדער אומגערן איבערגעלאָזט!... עס באַפאַלט מיך אַ פּחד און איך הויב אָן קלערען וועגען צוריקקעהרען זיך אין שטאָט אריין.

איך שטעל די ערשטע טריט אויף צוריק און איך הער דאָס טיאַפּקען פון מענשליכע טריט. עס באַפאַלט מיך אַ שרעק און איך ווייס ניט וואָס צו טאָן: פאָראויסגעהן, צוריקגעהן אָדער גאָר נעהמען לויפען וואוהין די אויגען וועלען טראָגען? איך בלייב שטעהן אויפ'ן אָרט. די מענשליכע טריט ווערען האַסטיגער, איך שטעל זיך אָוועק אונטער אַ בוים און איך זעה ווי עס דערנעהענטערען זיך אַ גאַנצע גרופּע אידען. איך וואַרט זיי אָפּ און בין זיך מצרף צו זיי, אָבער זייער „פיהרער" לאָזט מיר וויסען אַז איך זאָל זיך „אָפּטשעפּען", מחמת ער דאַרף ניט קיין „נאַכשלעפּעניש", קיין „פינפטען ראָד צום וואָגען"...

איך ווער אויסער זיך פון פאַרצווייפלונג און איך הויב אָן יאָמערען אויפ'ן קול, איך דערשרעק זיך פאַר מיין אייגענעם געיאָמער און וויין אינדערשטיל. איך אַפּעליר צו דער גאַנצער גרופּע פאַר רחמנות און שלאָג פאָר געלט, אָבער דער „פיהרער" איז איינגעשפּאַרט און איך קאָן דאָס ביי איהם ניט פועל'ן אפילו פאַר געלט. באין ברירה בלייב איך שטעהן און די גרופּע דערווייטערט זיך פון מיר...

איך בין אָפּגעשטאַנען אַ פּאָר מינוט און האָב באַשלאָסען פאָרטצוזעצען דעם

גאנג איינער אליין, אויף גאט'ס באראט. איך געה אפ א היבשען שטיק וועג, איך דאווען מעריב און בין שטארק מכוון ביים „ותקננו בעצה טובה מלפניך": איך בעט זיך ביים רבש"ע ער זאל מיך מתקן זיין מיט אן עצה טובה וואס צו טאן: פארטזעצען דעם גאנג פאראויס אדער זיך צוריקקעהרען אין שטאט אריין און בשעת מעשה האב איך חרטה למאי איך האב זיך לכתחילה ניט צוריקגעקערט אין שטאט אריין... איך שטעל זיך שמונה־עשרי, איך טו תפילה בלחש און ווידער־אמאל הער איך מענשליכע טריט וואס זיינען מיר מבלבל די רעיונות און שטערען מיר די תפילה. עס באפאלט מיר א פחד און דער פחד איז גורם א הסתלקות הדעת, איך פארליר דעם חשבון און איך ווייס ניט אויף וואס פאר א וועלט איך בין . . . איך הער אויך א שושקעריי. דאס שושקעריי ווערט וואס אמאל העכער און די טריט דערנעהענטערען זיך. איך באהאלט זיך ווידעראמאל אונטער א די־קען בוים און לויט'ן באוועגען פון די מענשען, לויט זייער צאל און לויט'ן קול פון דער שושקעריי האב איך אין זיי דערקענט מיין גרופע. איך בין ארויס צו זיי און האב זיי געפרעגט למאי זיי האבען מיר איבערגעלאזט, האבען זיי מיר גע־ענטפערט, אז איך בין אליין שולדיג אין דעם, מחמת איך האב זיך אפגעזונדערט פון דער גרופע, ניט געגאנגען געגוג געשלאסען מיט דער גרופע.

דער „פיהרער" פון מיין גרופע האט מיר געלאזט וויסען, אז מיר שטעלען זיך דא אפ ביז 10 אזייגער אין אווענט און נאכדעם וועלען מיר פארטזעצען דעם גאנג. איך האב ניט געוואלט פרעגען אויף דעם שכל פון דער דאזיגער האנדלונג, מחמת איך האב זיי חושד געווען אז זיי ווילען מיך אויפסנייי באטריגען, כאטש איך האב ניט געקאנט פארשטעהן, פארוואס איך האב פארדינט אזא אומברחמנות'־דיגע באהאנדלונג.

* * *

10 אזייגער אין אווענט האבען מיר זיך גענומען מכין זיין אין וועג אריין. דער „פיהרער" האט זיך, ביחידות, ארויסגעלאזט אין וועג אריין „אויסשפירען די ליניע". עס האט ניט לאנג גענומען און ער איז צוריקגעקומען מיט דער פריי־לאכער מעלדונג, אז קיין פאליציי־פאטרולען זיינען ניטא.

מיר האבען זיך, מיט לאנגזאם באוועגליכע טריט, פארזיכטיג געלאזט אין וועג אריין. פאר מיר איז דאס לאנגזאמע באוועגען זיך געווען ווי געוואונשען, מחמת מיינע פיס האבען אויפסנייי אנגעהויבען וויי צו טאן.

דער „פיהרער" איז געגאנגען עטליכע טריט פאראויס, א מאך געטאן מיט דער האנט ווי א סימן אז מיר מעגען איהם נאכפאלגען, און אזוי האט עס אנגעע־האלטען אן ערך א שעה צייט ביז מיר זיינען צוגעקומען צום זעלביגען ארט וואו א פאליציי־פאטרול האט מיך ערשט נעכטען אפגעשטעלט.

די פיס זיינען מיר ווי אונטערגעהאקט געווארען. איך בין געווארען שטארק נערוועז און האב אויפמערקזאם געמאכט דעם „פיהרער'ס" ברודער, אז אט דא, אויף אט דעם ארט, האט מען מיך ערשט נעכטען פארהאלטען.

דער „פיהרער" האט אונז באפוילען אז מיר זאלען זיך אפשטעלען און ער

איז אויפסניי אַליין אַוועק אויסשפּירען דעם וועג. עס האָט ניט לאַנג גענומען און ער איז צוריקגעקומען מיט אַ ידיעה, אַז גרעניץ־פּאַטרולען זיינען טעטיג.

— טאָ וואָס בלייבט אונז צו טאָן? — האָב איך מיט אַ ציטער אין קול אַ פרעג געטאָן.

דער „פיהרער״ האָט געענטפערט, אַז ניט ווייט פון דאַנען וואוינט זיינער אַ באַקאַנטער פּויער, איינער פון זיינע „מרגלים״, וועלען אַלע, אויסער מיר, אריינ־געהן צום פּויער אין כאַטקע אריין און דאַרטען וועלען זיי אַזוי לאַנג וואַרטען ביז די גרעניץ־וועכטער וועלען אויפהערען צו פּאַטרולירען.

— און איך? וואָס זאָל איך טאָן? — האָב איך זיך געווענדעט צום „פיהרער״.

— איהר וועט דאָ וואַרטען אַזוי לאַנג ביז איך וועל קומען נאָך אייך — האָט ער געענטפערט.

איך בין געוואָרען איבעראַשט פון זיין ענטפער. איך האָב געזעהן אַז זיי דיסקרימינירען געגען מיר און, ניט קוקענדיג אויף דער ערנסטקייט פון מאָמענט, בין איך געווען שטאַרק נייגעריג צו וויסען מיט וואָס איך האָב זיך לגבי זיי פאַרזינדיגט. איך בין צו זיי צוגעשטאַנען מיט תחנונים, מיט כל'ערליי הפצרות און פּיוסים אז זיי זאָלען מיר אויפקלעהרען זייער האנדלונג לגבי מיר.

דער „פיהרער״ איז געווען אין כעס און האָט געענטפערט, אַז צוליב מיר, וועט דער פּויער קיינעם ניט אריינלאָזען...

פאַרוואָס דער פּויער וועט גראָד צוליב מיר קיינעם ניט אריינלאָזען, האָט ער ניט דערקלעהרט, ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האנט און איז אַוועק.

אין איין הרף־עין איז אויך דער ברודער אַוועק און מיט איהם — די איי־בעריגע אידען. אַוועקגעהענדיג האָבען זיך ביי מיר די אידען געבעטען, אַז איך זאָל זיי, חלילה ניט נאָכפאָלגען, מחמת צוליב מיר וועלען זיי, חלילה וחס, אַלע אומגליקליך ווערען...

אַרויפצווינגען זיך אויף זיי האָב איך ניט געוואָלט, בלייבען דאָ אויף אַ „מקום המוכן לפורעניות״ האָב איך מורא געהאַט, בין איך געשטאַנען אַ ווײַלע אין גרויס פּחד און האָב באַשלאָסען, על כל פּנים משנה מקום זיין.

איך האָב זיך לאַנגזאַם געלאָזט געהן אין דער זעלבער ריכטונג וואוהין מיין חברותא איז געגאַנגען. איך בין אַזוי לאַנג געגאַנגען ביז איך בין צוגעקומען צו אַ פּויערישער כאַטקע. לעבען דער כאַטע איז געשטאַנען אַ פּויערישער וואָגען און אַרום דעם וואָגען זיינען געלעגען עטליכע סטויגען היי. מיר איז איינגעפאַלען אַ געדאַנק: איך זאָל אַרויפלעגען אויפ'ן וואָגען אַ סטויג היי און זיך ארונטער־רוקען אונטערן היי, און — אומר ועושה: איך האָב גענומען אַ סטויג היי, אַרויפ־געלעגט אויפ'ן וואָגען און האָב זיך פאַרזיכטיג ארונטערגעלעגט אונטער'ן היי.

ליגענדיג אונטער'ן היי האָב איך זיך גענומען אָפּגעבען דין וחשבון פון דעם וואָס איך האָב דאָ אָקאַרשט אָפּגעטאָן און איך האָב אָנגעהויבען טראַכטען וועגען דעם פּועל יוצא דערפון. איך האָב זיך משער געווען אַז אין אָט דער כאַטקע מוזען זיך געפינען ביידע ברידער מיט דער גרופּע אידען, פּשוט דערפאַר ווייל אויסער אָט דער כאַטע זיינען קיין אנדערע כאַטקעס ניט געווען אין דעם גאַנצען

ארום. איך האב באשלאסען צו זיין אויף דער וואך אז ווי נאר מיין גרופע וועט ארויסקומען פון דער כאטקע, זאל איך זיי נאכפאלגען.

אונטער׳ן היי האב איך זיך עטוואס דערווארימט און עס האט מיך גענומען מאטערען צום שלאף; מיט אלע כוחות האב איך זיך גענומען ווערען קעגען דעם שלאף און אויף מיין מזל זיינען אנגעקומען א טשאטע הינט, די הינט האבען גענומען ארומשמעקען דעם וואגען, דאס היי און האבען אנגעהויבען צו האווקען. אויף זייער בילען האבען זיך אויך אנדערע הינט אפגערופען און עס האט מיר גענומען ציטערען א צאן אין א צאן. איך האב מיך פארגעשטעלט אז אויף דעם געוואי פון די הינט וועט אנקומען דער פויער, וועט אפלעדיגען דאס היי פון וואגען, וועט מיך אננעהמען פאר א גנב, וועט מיך גוט אנשלאגען און וועט מיך נאך איבערגעבען צו די פאטרולירענדיגע גרעניץ וועכטער... און — ווער ווייסט וואס פאר א שטראף איך וועל באקומען פאר מיין דריטען פארזוך צו קרייצען דעם גרעניץ...

דער פויער איז אבער ניט געקומען. אנשטאט דעם פויער זיינען געקומען עט־ליכע גרעניץ באאמטע מיט עלעקטרישע לעמפלאך אין די הענט. זיי האבען בא־לויכטען דעם ארומיגען געגענד, דורכגענישטערט די ניט־געריהרטע סטויגען היי און דעם פלויט ארום דער כאטע, בעת דעם וואגען אין וועלכען איך בין געלעגען, האבען זיי אויסגעמיטען.

אין יענעם מאמענט בין איך געווען א „מכיר בניסו״. איך האב געזעהן אן אויגענשיינליכען נס מן השמים!...

דאס האווקען פון די הינט איז מילדער געווארען. איך האב זיך פאר שרעק צונויפגעדריקט, זיך איינגעקארטשעט מיט אלע כוחות באופן אז דאס היי איבער מיר זאל זיך ניט באוועגען און בין אזוי געלעגען איבער א שעה צייט.

איך האב געענדערט מיין פאזיציע, זיך געמאכט באקוועמער, געלעגען און געווארט: אפשר וועלען מיינע שווארצער ארויסקומען מיט דער גרופע, אדער אפשר וועט גאר דער אייגענטימער פון דעם וואגען ארויסקומען... עס האט ניט לאנג גענומען און דער פויער איז ארויסגעקומען. דורך די שפארונעס פון וואגען זעה איך ווי ער שטילט איין די הינט, טרייבט זיי אריין אין דעם דער־בייאיגען שטאל. איך ווער ארומגענומען פון אן אומבאשרייבליכער שרעק. איך באגרייף וואס מיך דערווארטעט און עס געהט מיר דורך א סקרוך איבער׳ן לייב.

דער פויער איז צוריק אריין אין כאטע. איך ליג אין וואגען און דערווארט יעדע מינוט אז דער פויער זאל ארויסקומען שפאנען דעם וואגען און מיך וואונ־דערט פארוואס דער פויער האט ניט געשאנקען קיין אויפמערקזאמקייט צום וואגען, צום היי וואס איז געווען אין אומארדנונג אנגעלעגט אויפ׳ן וואגען. עס האט גע־נומען א היבשע צייט און דער פויער איז ניט ארויסגעקומען.

איך האב פארשטאנען אז דער פויער האט איינגעשטילט די הינט און האט זיך צוריקגעלעגט אין בעט אריין שלאפען.

בין איך געלעגען אין וואגען און האב געטראכט: פארוואס האט דער „פיהרער״ פון אונזער גרופע אויף מיר געווארפען אזא אומ׳חן? אפשר דערפאר ווייל איך האב איהם לכתחילה ניט באצאלט די דרייסיג רובל שכר טרחה וואס

ער האָט פון מיר פאַרלאַנגט? אדער אפשר גאָר דערפאַר ווייל מ׳האָט מיך שוין צוויי מאָל געכאַפּט ביים פאַרזוך צו קריכצען דעם גרעניץ? און — פּלוצלונג דערהער איך אַ שטילע שושקעריי.

דאָס ערשטע וואָס מיר איז געקומען אויפ׳ן געדאַנק אין יענעם מאָמענט איז, אַז דער פויער האָט באַמערקט היי אויפ׳ן וואָגען, האָט ער זיך ניט ווייסענדיג געמאַכט און איז אַוועק און האָט געבראַכט די גרעניץ וועכטער.

דער דאָזיגער חשד האָט אויף מיר אָנגעוואָרפען אַ נייע אימה. מיין האַרץ האָט גענומען האַסטיג קלאַפּען אַזוי, אַז מיינע אויערען האָבען אויפגענומען יע־דען שאָרך פון האַרצען. עס האָט מיר פאַרשלאָגען דער אָטעם און איך האָב גע־פיהלט אַז איך ווער דערשטיקט, אַז קיין לעבעדיגען וועט מען מיך שוין פון אונטערן היי ניט אַרויסנעהמען. איך האָב זיך געגוויטיגט אין לופט און איך האָב באַשלאָ־סען: יעבור עלי מה! איך וועל אַרויסשטעקען דעם קאָפּ און זיך אָנשעפּען מיט לופט!...

איך האָב זיך געשטעלט אויף די קני, האָב פאַרזיכטיג אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און האָב גענומען שעפּען לופט מיט דער ברייטער האַנט. שעפּענדיג לופט האָט מיך גלייכצייטיג דורכגענומען די ביינאַכטיגע קעלט און צו מיינע אויערען האָט זיך דערטראָגען אַ באַקאַנטע שטימע:

— לא יוצלח וואָס איהר זענט! קריכט שוין אַמאָל אַרויס פון וואָגען און געהט אייך געזונטערהייט! געהט וואוהין די אויגען וועלען אייך טראָגען!... צוליב אייך זיינען מיר אַלע שיעור ניט אריינגעפאַלען צום פּאַטרול!...

דאָס האָט צו מיר גערעדט דער „פיהרער“ פון דער גרופּע און לעבען איהם איז געשטאַנען זיין ברודער און האָט איהם אונטערגעהאַלטען אַ טאַן...

איך בין אַרויס פון וואָגען. דער פויער האָט געכאַפּט אַ בעזים און האָט מיך גענומען אַרומבעזימען, אַרומבערשטלען פון אַלע זייטען...

איך האָב פאַרגעשלאָגען די דרייסיג רובל וואָס איך קום זיי פאַר׳ן שוואַרצען דעם גרעניץ און האָב אָנגעהויבען אַפּעלירען פאַר רחמנות.

ביידע ברידער זיינען געווען צו מיר האַרט און קאַלט, געשעפטסמעסיג אויס־גערעכענט. זיי האָבען פאַרלאַנגט אַנשטאָט דרייסיג רובל גאַנצע פופציג, גלייך אויפ׳ן אָרט, מזומנים: „קלאַפּ און צעהל!“...

איך האָב אָהן שום טענות ומענות אַרויסגענומען אַ פופציגער און האָב זיי דערלאַנגט.

איך בין מיט זיי אריינגעגאַנגען צום פויער אין הויז אריין. איך האָב זיך דער־וואַרימט, האָב געטרונקען אַ גלאָז מילך און מיר האָבען זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אריין.

מיין זייגערעל האָט זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב געפרעגט איינעם פון די ברי־דער, ווי שפּעט עס איז. ער איז צו מיר געווען זעהר העפליך און האָט מיר געענטפערט: „10 מינוט נאָך 2“.

מיר זיינען געגאַנגען איבער טאָלען און בערג, איבער ריטשקעס וואַסער און וועלדלאַך, ביז מיר זיינען אַן ערך 3.30 פאַרטאָג צוגעקומען צו דער גרעניץ־זאַנע וועלכע איז באַשטאַנען פון אַ ריזיגער ליניע סטופּעס באַפעסטיגט מיט שטעכיגע

דראטען. די שווארצער האבען אונז אינסטרואירט: „רוהיג און לאנגזאם דורכ־קריכען די שטעכיגע דראטען". מיר האבען אזוי געטאן. עס האט אונז ניט לאנג גענומען און מיר זיינען אריבער פון יענער זייט שטעכיגע דראטען. מיין הלבשה האט זיך צוריסען און דאס בלוט פון די פלייצעס, פון די פיס און פון קאפ האט פון מיר גערונען.

פאר גרויס איבעראשונג האב איך קיין שום וועהטאג ניט געשפירט און קור־קענדיג אויף מיינע צוקאליעטשעטע פיס און אויף דעם בלוט וואס האט טראפענס־ווייז אראפגעקאפעט אויף דער עטוואס פארשנייטער ערד, וועלכע איז באלויכטען געווארען פון דער לבנה, האב איך צו זיך געזאגט: „ואומר לך: בדמיך חיי! ואומר לך: בדמיך חיי!"

דער „פיהרער" האט אונז אפגעגעבען „מזל טוב" און האט אונז געווארענט אז מיר זאלען ערשט איצט זיין פארזיכטיג, ניט קרעכצען... נאר לאנגזאם און פארזיכטיג פארזעצען דעם גאנג בכדי מיר זאלען אויסמיידען דעם ליטווישען פאטרול, וועלכער קאן אונז נאך חלילה אריבערשטעלען צוריק צו די סאוועטען...

מיר האבען זיך אנגענומען מיט נייעם מוט און מיר האבען זיך, דורך זייטיגע וועגען, אריינגעשלייכט קיין איישישאק.

דער „פיהרער" האט אונז פארפיהרט צו זיך אין הויז אריין און פון דארטען האט ער אונז איינציגווייז געפיהרט אין בית המדרש אריין.

איך האב זיך מיט א נאדעל עטוואס פארצירעוועט די צוריסענע הויזען, זיך ארומגעוואשען דאס פארבלוטיגטע פנים און בין אויך, ארום 6 פארטאג, אוועק אין בית המדרש אריין.

# איישישאַק

אין שוהל האָב איך, אויסער די אידען מיט וועמען איך בין בשותפות אַריבער דעם גרעניץ, כמעט קיינעם ניט געטראָפען.

מיינע גרעניץ־שותפים זענען געשטאַנען ביי דער הרובע און האָבען זיך געוואַ־רימט און פון זייערע פּנימער האָט אַרויסגעשטראַלט אַ מילדע, ליבליכע שטילקייט, אַ פאַרפרומטע דאַנקבאַרקייט.

ביי אַ ווינקעל־וואַנט אין מזרח, איז געשטאַנען אַ איד, מיט׳ן טלית אַריבער־געוואָרפען איבער׳ן קאָפּ, און האָט שטיל, אין זיך, געכליפּעט.

פון דער הרובע־וואַנט האָט זיך געשפּרייט איבער דעם בית־המדרש אַ ליבליכע וואַרימקייט וואָס איז זיך צוגאַנגען איבער אַלע מיינע גלידער. איך האָב זיך, מיט שטילע טריט, געלאָזט אין דער ריכטונג פון דער מזרח־וואַנט, פונוואַנען עס האָט זיך געצויגען דאָס כליפּען פון דעם אידען מיט׳ן אַריבערגעוואָרפענעם טלית איבער׳ן קאָפּ.

איך האָב צוגעצויגט מיין אויער: שטילע, צאַרטע טענער האָבען געטריפט פון אונטער׳ן טלית אַרויס:

שימו לב אל הנשמה,
לשם שבו ואחלמה
ואורה כאור החמה —
שבעתים כאור הבקר!
אודה לאל לבב חוקר,
ברן יחד כוכבי בקר!...

דורך די האַלב־פאַרפרוירענע פענסטער האָב איך אַ קוק געטאָן אין דרויסען אַרויס: די „כוכבי בוקר" זענען שוין כמעט ווי פאַרשוואונדען, דאָס קרעהען פון הענער האָט געלאָזט וויסען וועגען דעם אָנקום פון טאָג.

איך האָב ווידעראַמאָהל געצויגט מיין אויער צו די צאַרטליכע טענער וואָס האָבען, ווי פרימאָרגען־טוי, געטריפט פון אונטער׳ן טלית אַרויס:

הדור נאה זיו העולם, נפשי חולת אהבתיך,
אנא אל: רפא נא לה, בהראות לה נועם זיוך,
אז תתחזק ותתרפא, והיתה לה שמחת־עולם!

די דאָזיגע ווערטער אָנגעקליידט אין האַרציגע טענער האָבען אין מיר מעורר געווען דאָס וואָס עס האָט זיך ביי מיר אַליין געוועבט אין האַרצען און אויף דער נשמה; די דאָזיגע טענער האָבען אין מיר אַרויסגערופען דאָס חדרי־חדרים׳דיגסטע

און איך בין אַוועק צו אַ צווייטער ווינקעל־וואַנט אויסגיסען ס׳הארץ פאַר׳ן יודע תעלומות.

עס האָבען גענומען געצעהלטע מינוטען און דאָס בית־המדרש איז געגאַנגען אויף רעדלאַך: מתפללים קרוב צו דריי מנינים זענען זיך צוזאַמענגעקומען און עס האָט זיך גענומען טומלען און רעש׳ן אַרום די פליטים; שלום־עליכם׳ס זענען געפלויגען פון אַלע זייטען און מיר איז ניט באַשערט געווען אויסצוגיסען מיין הארץ ביחידות.

דער שמש האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש, מ׳האָט געזאָגט ברכות, און מ׳האָט זיך געשטעלט דאַווענען.

דער האַרציגער קבלת־פנים פאַר אונז, פליטים, האָט מיך שטאַרק איבער־רעש׳ט, און אַן אָפּגעפרישטער פון דער ברודערליכקייט וואָס די מתפללים האָבען אונז צוגעטיילט, האָב איך זיך געשטעלט דאַווענען מיט שטילער, פאַרבאָהאַלטענער, טיף־אינערליכער שמחה.

נאָכ׳ן דאַווענען האָט אונז דער עולם מתפללים אַרומגערינגעלט, אויפסניי מיט אונז געשמועסט, אונז באַטראַכט מיט רחמנות־בליקען און גע׳עצה׳ט חלילה ניט צו פאַרבלייבען אין איישישאָק, נאָר פאָרען „אַהין . . . קיין ווילנע, קיין ירושלים דליטא״ . . .

דער עולם איז זיך צוגאַנגען. מיינע „גרעניץ־שותפים האָבען זיך, מידע פון וועג, אויסגעצויגען אויף די האַרטע בענק וואָס זענען געשטאַנען ניט ווייט פון דער הרובע. אויך איך האָב בדעה געהאַט זיך צוצולעגען, אָבער פּלוצים איז לעבען מיר אויסגעוואַקסען אַ מגושמ׳דיג אידעל, אַ קליינס, אַ געפּאַקטס, מיט אויגען וואָס באַוועגען זיך שנעל הין און צוריק און האָט, מיט גרויס הכנעה, מיר דערלאַנגט שלום־עליכם.

ער האָט מיך אַוועקגערופען אין אַ זייט און האָט מיר איינגערוימט אַ סוד אין אויער אַז איך זאָל איהם, חלילה וחס, ניט מבייש זיין און געהן צו איהם אַהיים אויף פּת־שחרית.

איך האָב באַטראַכט דעם אידען, ער איז געשטאַנען און האָט אומגעדולדיג געוואַרט אויף מיין ענטפער, קוקענדיג מיר גלייך אין פּנים אַריין מיט זיינע שנעל־באַוועגליכע, אומשולדיגע אויגען.

איך האָב גענומען מיין רוקזעקעל אין דער האַנט. דעם אידענ׳ס אויגען האָבען אויפגעלויכטען און אַ ברייטער שמייכעל האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף זיין פּנים.

מיר האָבען זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דאָס אידעל איז אַוועק אַ גאַנג, ער האָט שמיידיק געשטעלט די פיס פאַראויס און פון זיינע בגלופינ׳דיגע באַוועגונגען איז געווען צו מערקען אַז ער איז „אין זיבעטען הימעל״ פון דער גרויסער מציאה וואָס ער האָט אין מיר דערטאַפּט, פון דער אומגעריכטער מתנה וואָס איז איהם צוגעשיקט געוואָרען מן השמים.

איך האָב גלייך געזעהן אַז איך האָב דאָ צו טאָן מיט אַ פריילאַכען קבצן, מיט אַן „עמד״־טיפּ.

אין געצעהלטע מינוטען אַרום זענען מיר שוין געווען ביים אידען אין הויז. אַריינקומענדיג אין הויז אַריין האָט ער גלייך מודיע געווען זיין אידענע:

— בלומקע סערדצע! כ'האָב ברוך־השם „פּאַציאַפּעט" אַ פּליט!... גע־גרייט זאָל ווערען צום טיש!...

און עס האָט זיך גענומען קאָכען: זי האָט געדעקט דעם טיש מיט אַ שניי־ווייסען טישטוך און ער האָט גענומען דערלאַנגען איינס נאָכ'ן צווייטען: ברויט, וואַסער און זאַלץ, אַ האַנדטוך מיט אַ שיסעל פאַר „נטילת ידים", פּוטער, האָניג און קעז און דערביי האָט ער מודיע געווען אַז „דאָס איז אַלץ אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויפ'ן טיש, בכדי מ'זאָל עס עסען ... ניט קוקען אויף דעם, נאָר — טועם זיין...".

איך האָב געגעסען און דער איד האָט געהאַלטען אין איין דערלאַנגען: הערינג מיט זויערע אוגערקעס, טיי מיט צוקער וכדומה און צו זיין שמחה איז ניט געווען קיין שיעור און קיין ערך.

איך האָב געגעסען און דער איד מיט זיין בלומקע זענען געשטאַנען ביי דער זייט און האָבען מקבל־נחת געווען. איך האָב זיי פאַרגעשלאָגען אַז אויך זיי זאָלען זיך זעצען צום טיש און אפשר האָבען זיי אַ דריטען פאַר אַ מזומן, האָבען זיי ביידע מיטאַמאָהל זיך אָפּגערופען:

— מיר האָבען אונזער קדיש, דעם בן יחיד אין ווילנע, אין אַ ישיבה!

איך האָב אָפּגעגעסען, אָפּגעבענטשט און דער איד האָט מיך גענומען אַרומ־פירען איבער'ן הויז: אַן אָרים שטיבעלע, מיט באַשיידענע ריין־אויפגעראַמטע צימערען; אין איין צימער האָב איך אַנגעטראָפען אויף אַ שוסטערשען וואַרשטאַט מיט כל'ערליי שוסטערשע מכשירים.

דער וואַרשטאַט האָט מיר דערמאָנט אין לעדער, אין שיך וכדומה... דער ריח פון די לעדער־אָפּשניצלאַך, וואָס זענען געלעגען אַנגעוואָרפען אַרום דעם וואַר־שטאַט, האָט זיך דערטראָגען צו מיינע נאָזלעכער און איך האָב אַראָפּגעלאָזט די אויגען צו מיינע פיס, וועלכע זענען געווען אַרומגעהילט מיט שמאַטעס און איבערגע־בונדען מיט שטריקלאַך...

דער איד האָט אַ קרעכץ געטאָן און אויף איהם קוקענדיג האָט אויך זיין פרוי קרעכצענדיג, צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ...

אַ שטילשווייגעניש האָט אַנגעהאַלטען פאַר אַ ווייל. איך האָב באַטראַכט דעם אידען: די אויפגעלעגטקייט זיינע איז פאַרשוואונדען; איך האָב פאַרשטאַנען אַז ער ערגערט זיך דערפון, וואָס ער איז ניט בכח מיך צו באַזאָרגען מיט שיך. און איך האָב זיך שטאַרק מצער געווען...

דער איד האָט זיך אָפּגערופען: „לעדער איז אַ יקר־המציאות, אפילו קיין אַלטע שיך האָב איך אויך ניט, אָבער אַ פּאָר אַלטע קאַלאָשען קאָן איך אייך געבען במתנה". און ער איז גלייך אַוועק און האָט מיר געבראַכט אַ פּאָר אַלטע קאַלאָ־שען. צו זיין פרייד איז ניט געווען קיין שיעור און קיין ערך און אַזוי אויך זיין פרוי: איהר פרייד איז געווען אָהן אַ סוף און אָהן אַן עק.

איך האָב זיך, פונדעסטוועגען, געפילט זעהר אומבאַקוועם און האָב זיי געזאָגט אַז איך זעה ניט איין פאַרוואָס זיי זאָלען מיר אַוועקשענקען אַ פּאָר קאַלאָשען בחנם.

דער איד האָט אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען, מיך באַטראַכט מכף רגל ועד ראש און האָט מיר געענטפערט:

— נשקשה ניט, כ׳האב דרך־ארץ פאר אזוינעם וואס קאן „אין די דריבנעטש־קע״... איך האב אנגעטאן די קאלאשען, האב הארציג באדאנקט דאס פאר פאלק, האב זיי אנגעוואונשען כל טוב און בין צוריק אוועק אין בית המדרש אריין.

* * *

אין בית־המדרש האב איך געטראפען זיצען, ארום לאנגע שמאלע טישען, עט־ליכע צענדליג בחורים וואס האבען זיך שטארק מפלפל געווען אין למוד הפוסקים. דער ניגון פון זייער לערנען האט ביי מיר אפגעפרישט נישט לאנג פארגאנגענע זכרונות פון מיין ישיבה׳שען לעבען און איך האב זיך צוגעזעצט לעבען איינעם פון די טישען. איך האב זיי פארענטפערט א שווערע סוגיא און זיי האבען פון מיר הנאה געהאט, איך האב זיי געפרעגט ווען די באהן געהט אפ קיין ווילנע, האבען זיי מיר געענטפערט אז איך זאל קודם געהן צום רב שמועסען מיט איהם אין לערנען און נאכדעם וועלען זיי מיר „מגלה זיין דעם סוד״ ווען די באהן געהט אפ קיין ווילנע...

באין ברירה, בין איך, אין דער באגלייטונג פון א ישיבה־בחור, אוועק צום רב. דער רב, א איד א זקן, א גרויסער תלמיד חכם און א מזג־טוב, האט זיך מיט מיר שטארק משמח געווען, מיך מקרב געווען און מיר האבען געשמועסט אין לערנען.

איך האב איהם, אגב אורחא, דערצעהלט, מעהר־ווייניגער, וועגען די גלגולים וואס איך האב דורכגעמאכט ביז איך האב זיך דערשלאגען קיין איישישאק. ער איז געווען שטארק גערירט און האט פארגאסען א טרער... ער האט מיך געטרייסט, מיר דערקלערט דעם זין און די טובה וואס קומט ארויס פון צער און פון יסורים און האט אויסגעלאזט: „קינד מיינער! יהי חלקי עמך!... לפום צערא אגרא!״

זיינע טרייסט ווערטער האבען מיך שטארק דערמוטיקט און דער שמועס איז אריבער אויף ווילנע, עס איז געקומען צו רייד וועגען דעם פאגראם וואס איז דארט לעצטענס פארגעקומען; דער רב האט געזאגט אז די צייטונגען האבען שטארק אי־בערטריבען די געשעהענישען אין ווילנע, און ער איז זיכער אז מעהר וועלען זיך אזוינע אומארדנונגען ניט ווידערהאלען.

ער האט מיך געראטען איך זאל פארען קיין ווילנע, מחמת אלע ישיבות האבען זיך אהין געראטעוועט: די מירער ישיבה מיט איהרע איבער דריי הונדערט תל־מידים, די קאמעניצער ישיבה, די ביאליסטאקער, די קלעצקער, די אסטראווצער וכדומה...

אין דעם גאנצען צעטעל ישיבות וואס דער רב האט אויסגערעכענט איז די לובלינער ישיבה ניט דערמאנט געווארען, נאטירליך אז דאס האט מיך וועה געטאן און איך האב שווער אפגעאטעמט.

איך האב געפרעגט דעם רב אויב איהם איז באקאנט דעם נאמען פון דעם גאון ר׳ מאיר שאפירא, דער גרינדער פון דער „ישיבת חכמי לובלין״.

— וואס פאר א שאלה! — האט דער רב געענטפערט — אין יענער ישיבה האט מען דאך ניט אריינגענומען קיין תלמיד סיידען ער האט געקאנט 200 בלאט גמרא מיט תוספות בעל־פה און דער תלמיד האט געמוזט האבען א גוטע הבנה!

איך האב דערצעהלט דעם רב וועגען מיין רבי׳ן, דעם גאון שאפירא, וויפיל

פּאַטערליכע מיה און זאָרג, געלט און צייט מיט ענערגיע דער גאון האָט געווידמעט פאַר דער ישיבה, פאַר די תלמידים וכדומה און איך האָב אויסגעדריקט מיין באַדויערען למאַי די לובלינער ישיבה מיט איהרע דריי הונדערט תלמידים, גדולי־תורה, איז ניטאָ צווישען די גערעטעוועטע.

איך האָב איהם דערצעהלט אַז דער גאון האָט באַטראַכט די ישיבה פאַר זיינס אַ לעבענסווערק, אַז צוליב'ן אויפבוי פון דער ישיבה איז ער געבליבען אַ בעל־חוב אויף גאַנצע 40 טויזענט דאָלער, אַז ער האָט יומם־ולילה געזאָרגט פאַר דעם דאָזיגען חוב און די דאָזיגע זאָרג האָט איהם באַוואויגען צו נעמען אַ לעבענס־פאַרזיכערונג (אינשורענס) אויף פערציג טויזענט דאָלער, וועלכע ער האָט איבערגעשריבען לטובת דער ישיבה, בכדי אין פאַל פון זיין פּטירה, זאָל דער חוב פאַר דער ישיבה געדעקט ווערען.

דער רב האָט געשאָקעלט מיט'ן גרייז־גרויען קאָפּ:

— „אית מאן דפרע בגופי, ואית מאן דפרע בממוני...״

— אַזוי טאַקע, מיט אַט די ווערטער, כהאי לישנא, האָט זיך דער גאון אויסגעדריקט וועגען דעם חוב — האָב איך געזאָגט צום רב.

אין דעם האָט זיך די טיר געעפענט און אַ צייטונגסמאַן האָט אַריינגעבראַכט די קאַוונער „אידישע שטימע״. איך בין געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ אידישער צייטונג, האָב איך זיך מיט זשעדנע אויגען צוגעכאַפּט צו דער צייטונג.

אויפ'ן רב האָט עס געמאַכט אַ מאָדנעם איינדרוק און ער האָט זיך צו מיר אָפּגערופען: וואָס־זשע, איהר האָט גאָר קיין אידישע צייטונג קיינמאָל אין די אויגען ניט אָנגעזעהן?!

— אַנטשולדיגט רבי — האָב איך געענטפערט — פון „יענער זייט״ זעהט מען בלויז די רוסישע צייטונגען „פּראַוודאַ״ און „איזוועסטיאַ״, זענען זיי פול מיט לאַנגע באַריכטען וואָס האָבען מיך ניט אינטערעסירט און וועגען דער „פּראַוודאַ״ מיט דער „איזוועסטיאַ״ שמועסט מען אַז אין דער „פּראַוודאַ״ איז ניטאָ קיין „איזוועסטיאַ״ און אין דער „איזוועסטיאַ״ איז ניטאָ קיין „פּראַוודאַ״...

דער רב האָט זיך האַרציג צולאַכט און האָט מיר גוטמוטיג געענטפערט: „נו, קוקט, קוקט אַריין אין צייטונג״.

איך האָב דורכגעקוקט די צייטונג: קיין וואָרט ניט וועגען די מעשים תעתועים פון די נאַצים... איך האָב זיך דערמאָנט אַז אויך אין די סאָוועטישע צייטונגען ווערט גאָרניט געשריבען וועגען די נאַצישע „מעשים־טובים״... אויף דער לעצטער זייט פון דער צייטונג האָב איך אָנגעטראָפען אויף אַ קעפּעל: „אין דער וועלט פון ישיבות״ און צווישען די פילע ישיבה־אַנאָנסען האָב איך אויך אָנגעטראָפען אַן אַנאָנס אַז אין ווילנע גרינדעט זיך אַ „ישיבת חכמי לובלין״ און די איניציאַטאָרען דערפון זענען צוויי פליטים, תלמידים פון דער ישיבה: הרב אברהם־מרדכי הערשבערג און הרב משה ראָטענבערג, וועלכע האָבען זיך געראַטעוועט קיין ווילנע און די ישיבה געפינט זיך צייטווייליג אין דעם קוידענאַווער שטיבעל וואָס איז אין שול־הויף אויף דער דייטשישער גאַס.

איך בין אויפגעשפּרונגען פאַר שמחה און האָב באַוויזען דעם אַנאָנס פאַר'ן

רב, אויך דער רב האָט הנאה געהאַט פון דער דאָזיגער מעלדונג און ער האָט מיר גלייך פאַרגעשלאָגען געלט אויף הוצאות קיין ווילנע.

איך האָב איהם האַרציג באַדאַנקט און האָב איהם פאַרזיכערט אַז איך האָב ב״ה אויף הוצאות, נישמעהר איך בין מיד און שלעפעריק און דערפאַר מוז איך אָפּלייגען די רייזע אויף אַ טאָג.

דערהערט אַזוינע דבורים האָט זיך דער רב אויפגעהויבען פון אָרט, האָט אויף זיך אַרויפגעכאַפּט דעם טכוירענעם טולופּ און האָט מיך אַוועקגעפירט צום שטאָטי־שען גביר אויף נאָכטלעגער.

ביים גביר אין הויז האָט מען מיך אויפגענומען ביד רחבה, מיט עסען און טרינקען און מ׳האָט מיר פאַרגעשלאָגען איך זאָל זיך אַרומוואשען אין אַ וואַנע הייסער וואַסער „מחמת נאָך אַ הייסער באָד שלאָפט זיך געשמאַק״... איך האָב זיך לאנג ניט געלאָזט בעטען און איך האָב זיך, פאַר׳ן שלאָף, גוט אויסגעבאָדען, אַרומגעזייפט און אַרונטערגעוואַרפען פון זיך צוזאַמען מיט דער אומריינקייט אויך די זאָרג פאַר׳ן מאָרגען...

איך בין יענע נאַכט געשלאָפען אין אַ ריינער בעט, מיט אַ ריינעם גוף, מיט אַ געלייטערטע נשמה, מיט רעיונות וועגען חסדים גדולים און רחמים רבים, וועגען השגחה כללית און השגחה פרטית וכדומה.

אינדערפריה האָב איך זיך געזעגענט מיט די גבירישע בני־בית, מיט׳ן רב און מיט די ישיבה־בחורים, האָב גענומען די באהן און אויפ׳ן צווייטען טאָג, פרייטאָג אינדערפריה, בין איך שוין געווען אין ווילנע.

# ווילנע

די גאַסען פון ווילנע זענען פאַרפלייצט מיט פליטים. איך בין איינער פון זיי און בין, פונקט ווי זיי, איבערגליקליך וואס איך בין שוין ענדליך אין ווילנע — אין ירושלים דליטא! ...

איבער די שטאַטישע גאַסען פאַראַדירן רויטע אַרמייער און זינגען דעם „אינ־טערנאַציאָנאַל״. אין מיינע אויגען קוקט עס אויס מאָדנע, צופרעג איך זיך ביי די פליטים וואס די רויטע אַרמייער טוען דאַ און איך קריג אַן ענטפער אַז די רויטע אַרמייער זיינען נויטיג אויף „צו באַשיצען ליטע׳ס זעלבסטשטענדיגקייט״...

איך האָב זיך דערפרעגט אויפ׳ן קוידענאַווער שטיבעל וואס געפינט זיך אין שול־הויף אויף דער דייטשישער גאַס און בין גלייך אַוועק אַהין.

מיינע חברים, הרב הערשבערג און הרב ראַטענבערג, זענען געווען אויסערגע־וויינליך איבער׳רעש׳ט פון מיין אומדערוואַרטעטען באַזוך, און זיי האָבען מיך אויפ־געגומען מיט בכיות מתוך שמחה.

הרב הערשבערג האָט מיך גלייך אַוועקגעפירט צום פליטים־קאָמיטעט, וואו איך האָב זיך רעגיסטרירט; פון דאָרטען האָט ער מיך אָפּגעפירט אין מאַגיסטראַט אַריין, וואו איך האָב זיך אויפסניי רעגיסטרירט און האָב באַקומען אַ קאַרטעל פאַר ברויט, פוטער און צוקער.

צוליב ערב־שבת האָבען מיר זיך גלייך אומגעקערט אין קוידענאַווער שטיבעל וואו מיינע חברים האָבען פאַר מיר פאַרגעלעגט זייערע פּלענער פאַר דער גרינדונג פון דער ישיבה. זיי האָבען מיר דערציילט אַז כמעט אַלע ישיבות האָבען זיך גע־ראַטעוועט מיט זייערע הנהלות, וועלכע האָבען מיט זיך מיטגעבראַכט געלט און תלמידים, בעת די לובלינער ישיבה איז כמעט גענצליך פאַרבליבען אין לובלין וואס איז אָקופּירט פון די נאַציס, און די געציילטע תלמידים וואס האָבען זיך יאָ אַרויס־געראַטעוועט פון לובלין, זענען געקומען קיין ווילנע בערום ובחוסר כל.

זיי האָבען זיך באַקלאָגט אַז אין געוויסע ליטווישע קרייזען איז מען ניט סימ־פּאַטיש געשטימט צו דער אידייע פון גרינדען אַ ישיבה אַהן תלמידים. זיי האָבען פאַרגעשלאָגען הרב הערשבערג, אַז אַנשטאָט צו גרינדען אַ ישיבה מיט אַ באַגרע־ניצטער צאָהל תלמידים, זאָל מען בעסער די תלמידים איינטיילען אין אַנדערע ישיבות, אין ישיבות וואס זענען לעגאַל אַריבערגעקומען פון דעם סאָוועטיש־אָקופּיר־טען טייל בעת די סאָוועטען האָבען געהאַלטען אין פאַרהאַנדלען מיט פאַרשטעהער פון דער ליטווישער רעגירונג וועגען אַ זעלבסטשטענדיגער ליטע, מיט ווילנע אַלס הויפּט־שטאָדט. (די פאַרהאַנדלונגען האָבען אָנגעהאַלטען איבער אַ וואָך צייט און במשך פון אָט דער צייט האָבען זיך דערוויילט אַלע ישיבות — אויף דער פאַראַרדע־נונג פון דעם גאון ר׳ חיים עוזר גראָדזענסקי — אַריבערגעפּעקעלט קיין ווילנע.)

מיינע חברים, הרב הערשבערג און הרב ראַטענבערג, האָבען געוואָלט מיין הסכמה אויף אַזאַ שריט, אָבער איך האָב בשום אופן ניט געוואָלט צושטימען צו אַ

שריט וואָס זאָל גענצליך אויפגעבען די האָפענונג אויף צו גרינדען אַ „ישיבת חכמי לובלין" און איך האָב דעם ענין אָפּגעלעגט אויף נאָך שבת.

* * *

מיר האָבען זיך גענומען מכין זיין צו קבלת שבת. דאָס קוידענאָווער שטיבעל איז געווען פול מיט פּליטים און עס איז געווען פּאַרפּלייצט מיט'ן חיל פון פּרעה'ס דריטער מכה... די באַלעבאַטים וואָס זענען געקומען צו קבלת שבת האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון צו זעצען זיך אויף די בענק אויס מורא „שלא תעלה „כנת" אדם עליהם".

נאָכ'ן דאַווענען האָבען מיר זיך געזעצט צום טיש. אַ פרוי האָט אונז דער־לאַנגט ווייַן אויף קדוש און אַ זופּ פון ביינער. נאָכ'ן זופּ האָט די פרוי סערווירט טיי אָהן צוקער און אין דעם איז באַשטאַנען אונזער שבת'דיגע סעודה.

איך האָב געפרעגט הרב הערשבערג ווער די פרוי איז, האָט ער מיר דערצעהלט אַז זי הייסט „חאַשע" און איז זעהר אַ פרומע, זי קאָכט אַ גאַנצע וואָך פאַר די גע־צעהלטע תלמידים גרינסען און ערב־שבת לאָזט זי זיך אַרויס איבער די יאַטקעס און די קצבים „וואַרפען איהר צו אַ ביין" לטובת די פּליטים.

— איז וויפיל קריגט זי דערפאַר באַצאָהלט? — בין איך געווען נייגעריק צו וויסען.

— ווער באַצאָהלען וואָס באַצאָהלען! — האָט הרב הערשבערג געצויגען מיט די אַקסלען — זי איז אַן אשת־חיל, אַ בת־טובים און טוט אַלץ פאַר עולם־הבא...

איך האָב אָפּגעבענשט ברכת המזון, האָב מעביר געווען די סדרה און ווייל איך האָב ניט באַוויזען זיך צו באַשטעלען ערגעץ אַ געלעגער, בין איך אַריינגעגאַנגען אין „שטיבעל" אַריין איבערשלאָפען. דאָס שטיבעל איז געווען איבערגעפּאַקט מיט פּליטים, מיט קלומקעס און מיט חילות קריכענדיגע... און ווייל עס איז ניט געווען וואו דעם קאָפּ אַוועקצולעגען, האָב איך זיך צוגעשפּאַרט אויף די קלומקעס, אָבער איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט איינשלאָפען, ווייל דאָס חיל פון פּרעה'ס דריטער מכה האָט אויף מיר געמאַכט אַ אינוואַזיע, אַזוי אַז איך האָב קוים דער־צויגען צום ליכטיגען פריהמאָרגען, און ווען איך בין פאַרטאָג אַרויס פון שטיבעל האָב איך געפילט דעם טעם פון יציאת־מצרים, וו אין פסוק שטעהט: „בכל דור ודור חייב אדם לראות את עצמו כאלו הוא יצא ממצרים..."

אין ווילנע זענען געווען איבער 15,000 פּליטים און יעדער פון זיי איז געווען באַשאַנקען מיט דער קריכענדיגער מתנה פאַר וועלכער די ווילנער איינוואוינער האָבען קיין איבעריגע סימפּאַטיע ניט אַרויסגעוויזען. איך האָב דעם גאַנצען שבת־דיגען טאָג געווידמעט צום אַרומזוכען אַ פּלאַץ וואו איבערצושלאָפען און כ'האָב ניט געקענט געפינען און מענשען האָבען מיר פאַרגעשלאָגען אַז איך זאָל זיך ווענדען צום „הכנסת־אורחים" פאַר אַ נאַכטלעגער.

איך בין גלייך אַוועק צום ,הכנסת־אורחים" און האָב זיך פאַרגעשטעלט פאַר'ן פאַרוואַלטער אַלס איינער פון די גרינדער פון דער „ישיבת חכמי לובלין".

דער פאַרוואַלטער, אַליין אַ פּליכטלינג פון בערלין און אַ שטיקעל בר־אוריין, האָט מיר געענטפערט אַז קיין פרייע בעטען זענען ניט בנמצא, אָבער ער וועט מיט

מיר מאַכען אַן אויסנאַם: ער וועט פאַר מיר שאַפען אַ בעט בתנאי אַז איך זאָל בין מנחה־למעריב לערנען אַ פּרק משניות פאַר די מתפללים פון שולכעל, וואָס איז געווען איינגעאָרדענט ביים „הכנסת־אורחים".

איך האָב מיט פאַרגעניגען זיך אַנגעכאַפּט אין דעם פאָרשלאַג און מוצאי־שבת האָב איך שוין דאָרטען איבערגענעכטיגט אויף אַ ריינעם געלעגער.

זייענדיג געזיכערט מיט נאַכטלעגער און מיט עסען האָב איך און מיינע חברים הרב הערשבערג און הרב ראַטענבערג, זיך ענטוזיאַסטיש אַ נעם געטאָן צו דער אַר־בייט פון אָרגאַניזירען אַ „ישיבת חכמי לובלין".

מיר זענען זונטאָג נאָך מיטאָג אַוועק צום גאון ר' חיים־עוזר גראָדזענסקי נאָך אַ הסכמה און נאָך אינסטרוקציעס ווי אַזוי אַנצוגעהן מיט דער אַרבייט לטובת דער גרינדונג פון דער ישיבה.

ניט גרינג איז אונז אָנגעקומען דאָס צוקומען צום גאון. אין די הונדערטער האָבען מענשען, סיי אינדרויסען, סיי פון יענער זייט טיר, געוואָרט אין דער ריי אויף צוצוקומען צו ר' חיים־עוזר'ן, צום שר־התורה, צום העכסטען אויטאָריטעט פון דעם אָרטאָדאָקסישען וועלט־אידענטום.

איינער איז געקומען מיט אַ האַרבער שאלה אין לערנען, אַ צווייטער איז זיך געקומען שואל־עצה זיין מכח אַ פּריוואַט־פּערזענליכען עניין, אַ דריטער — מכח אַ געזעלשאַפטליכען עניין, אַ פערטער — נאָך אַ בקשה, אַ פינפטער — נאָך תמיכה פאַר תלמידי־חכמים, פאַר הצלת־נפשות, פאַר פּדיון־שבויים וכדומה... און דער גרויסער גאון, דער גרייז־גרויער זקן, וועלכער איז דעמאָלט געווען קרוב צו שמונים, האָט אַלעמען אויפגענומען און אַלעמען צופרידענגעשטעלט מאַטעריעל און מאָראַ־ליש: דער גאון האָט קיינעם ניט אָפּגעזאָגט, קיינעמס כבוד חלילה ניט פּוגם גע־ווען אויף אַ האָר, פאַר אַלעמען האָט ער געהאַט אַ גוט וואָרט, אַ גלייכווערטעל מיט וועלכען ער האָט מגביה געווען דאָס מענשליכע שפלות. מענשען זענען געשטאַנען אין דער ריי און אַזוי שטעהענדיג האָבען זיי געשמועסט בשבחו של ר' חיים־עוזר. איך האָב זיך צוגעהערט צו זייערע רייד:

דערצעהלט איינער, מיט גרויס יראת הכבוד, אַז ער קאָן שוין, ברוך השם, דעם גאון זייט יאָהרען און יאָהרען פאַר איינעם וואָס איז זיך ממש מוסר־נפש פאַר לומדי־תורה און זיין חביבות־התורה איז אין לשער! למעלה מדרך־הטבע!...

דערצעהלט אַ צווייטער, אַז אַ איד פון ניי־זעלאַנד וואָס האָט געהערט וועגען דעם גאון און האָט ניט געוואוסט וואו דער גאון וואוינט, האָט אַדרעסירט אַ בריוו: „גראַנד־ראַבין חיים־עוזר גראָדזענסקי, אייראָפּע". און דער בריוו איז אָנגעקומען.

צווישען דעם עולם אידען וואָס איז געשטאַנען אין דער ריי זיינען געווען אַ סך מתנגדים און אויך חסידים,ביידע האָבען גערעדט וועגען ר' חיים־עוזר'ן ווי חסידים וועגען זייער רבי'ן, ביידע האָבען זיך דערלאַנגט די הענט אויף ווילנער ערד.

מיר האָבען זיך ענדליך דערשלאָגען צום גאון; מיר האָבען זיך פאָרגעשטעלט אַלס תלמידים פון דער „ישיבת חכמי לובלין", וועלכע ווילען דאָ, אין ווילנע גרינ־דען אַזאַ ישיבה.

דער גאון האָט באַגריסט אונזער פאָרלאַנג און האָט אונז פאַרשפּראָכען זיין הילף, ער האָט אונז אויף אַ זעהר איידעלען, צאַרט־פאַטערליכען אופן געגעבען אַנ־

צוהערען אַז ער איז אַ זעהר פאַרנומענער מענש און ספּעציעל פאַרנומען איז ער לעצטענס מיט׳ן איינאָרדענען די ישיבות, וועלכע זענען אַריבער קיין ווילנע פון דער סאָוועטיש־אָקופּירטער טייל.

אין דעם איז אַריינגעקומען דער סעקרעטאַר זיינער און האָט אַריינגעבראַכט דריי טעלעגראַמעס. דער גאון האָט זיי גלייך געעפענט, איבערגעלייענט און דיקטירט זיין ענטפער אויף אַלע דריי טעלעגראַמעס, דער סעקרעטאַר האָט אויפגעשריבען דעם ענטפער און איז אַרויס פון צימער.

איין טעלעגראַמע איז געווען פון ניו־יאָרק, די צווייטע — פון יאָהאַנעסבורג און די דריטע — פון ארץ־ישראל.

איך האָב באַוואונדערט די שנעלע אָריענטאַציע און די געשיקטקייט פון דעם זקן.

דער גאון, ווי נאָר ער האָט זיך אָפּגעפאַרטיקט מיט׳ן ענטפער אויף די טעלעגראַמעס, איז ער געבליבען זיצען פאַר אַ ווייל, האַלטענדיג זיין רעכטע האַנט אויפ׳ן שטערען און נאָכדעם האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט אונז געזאָגט:

— יונגעלייט! אפשר האָט איהר תלמידים, היימישע, באַקאַנטע וואָס געפינען זיך אויף יענער זייט און איהר קאָנט זיי אַריבערברענגען אַהער, נאָר די מניעה איז אין געלט, וועט איהר ביי מיר קריגען דעם נויטיגען סכום געלט, לעת עתה זענען דאָ אין ווילנע איבער 1000 ישיבה־בחורים און... 1000 בחורים איז ניט גענוג...

איך האָב דערצעהלט דעם גאון אַז איך האָב אַ באַקאַנטען רב אין אַטוואַצק, איינער פון די מנהלים פון אונזער ישיבה און דאָס אַריבערשוואַרצען דעם גרעניץ באַדאַרף קאָסטען כך וכך, האָט ער גלייך אַרויסגעכאַפּט די סומע און האָט מיר דערלאַנגט אין דער האַנט אַריין.

נאָכדעם האָט ער גענומען מרבה זיין בשבחו של הרב ר׳ מאיר שאַפּירא, ער האָט איהם על רגל אחת כאַראַקטעריזירט, אַרויסגעזאָגט אַ פּאָר אָריגינעלע געדאַנקען וועגען איהם און איך האָב זיך דעמאָלט איבערצייגט אַז אויסער דעם וואָס דער גאון איז אַ בקי בכל חדרי התורה, איז ער אויך באַשאַנקען מיט אַ טיפער, נאַטירליך־איינגעבוירענער חכמה.

איך האָב פאַרשטאַנען אַז איך טאָר, על פי יושר, ניט פאַרנעמען דעם גאונ׳ס צייט און אַוועקגעהן פון איהם האָב איך ניט געוואָלט, האָב איך איהם געבעטען, אַז ער זאָל מיר זאָגען ווען מיר קענען זיך נאָכאַמאָהל צוזאַמענטרעפען.

דער גאון האָט געענטפערט אַז קודם זאָל איך אַריבערברענגען פון אַטוואַצק קיין ווילנע דעם מנהל פון דער ישיבה און נאָכדעם זאָל איך מיט איהם צוזאַמען אַריבערקומען.

איך און מיינע חברים, הרב הערשבערג און הרב ראָטענבערג, האָבען פאַרלאָזט דעם גאונ׳ס הויז און מיר זענען, גליקליכע, אַוועק אַהיים אין קוידענאַווער שטיבעל אַריין.

* * *

געקומען אַהיים האָבען מיר ניט געוואוסט וואָס פריהער צו טאָן: אָפּגעבען זיך מיט ישיבה־ענינים אָדער זיך קודם באַמיהען אַריבערצוברענגען פון אַטוואַצק אונזער חבר, דעם מנהל הרב געלבפיש.

דאָס וואָס דער גאון האָט אונז באַפוילען קודם אַריבערצופּרעגגען דעם מנהל און נאָכדעם מיט איהם צוזאַמען אַריבערקומען צו איהם איז אונז ווי מ׳זאָגט ,,אריין אין דער נאָז׳׳ און מיר האָבען עס אויסגעטייטשט אַז אָהן דעם מנהל טאָרען מיר זיך פאַר איהם ניט באַווייזען...

האָבען מיר באַשלאָסען אַז ,,טוב שתאחז בזה, וגם מזה אל תנח ידך׳׳: הרב הערשבערג און הרב ראַטענבערג האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט אַרום דער ישיבה, בעת איך האָב אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו אָרגאַנזשירען אַ ,,שוואַר־צער׳׳ וואָס זאָל אונז צושטעלען הרב געלבפיש פון אָטוואָצק.

עד לחשבון האָבען מיר דערווייל געלאָזט וויסען אין דער פרעסע אַז מיר האָבען די הסכמה פון דעם גאון ר׳ חיים־עוזר אויף דער גרינדונג פון דער ,,ישיבת חכמי לובלין׳׳ און דאָס האָט, נאַטירליך, אָוועקגעמאַכט מיט דער קריטיק פון די עלע־מענטען וואָס האָבען אַרויסגעוויזען אַ נעגאַטיווע באַציהונג צו אונזערע פּלענער.

איך האָב זיך געזעהן מיט אַ ,,שוואַרצער׳׳ און אין טעג אַרום איז שוין הרב געלבפיש געווען אין ווילנע.

מיר זענען מיט איהם אַוועק צום גאון. איידער מיר האָבען געהאַט די זכיה צוצוקומען צום גאון האָבען מיר דערווייל געהאַט אַ געשפּרעך מיט זיין סעקרע־טאַר, זעהר אַ בכבוד׳יגער איד און אַ למדן מופלג.

דער סעקרעטאַר האָט גערעדט מיט גרויס דרך־ארץ, ליבע און יראת הכבוד וועגען דעם גאון. ער האָט אונז דערצעהלט, אַז דעם גאון׳ס איין־און־איינציג טעכ־טערל, אַ קינד פון 12 יאָהר איז געשטאָרבען און דער גאון, באַגרייפענדיג, אַז דער גורל פון זיין קינד איז פאַרזיגעלט און איהרע שטונדען זענען געצעהלטע, האָט ער צוגעאיילט דעם סעקרעטאַר מיט׳ן שרייבען די תשובות אויף די פילע שאלות וואָס ער האָט באַקומען. דעם סעקרעטאַר האָט עס געוואונדערט און ער האָט געפרעגט דעם רבי׳ן למאי דאָס איילעניש?

— משום אבילות, משום שבעה — האָט דער גאון געענטפערט. און כך הוה: אין געצעהלטע שטונדען אַרום איז שוין דער גאון געווען אַן אבל.

איך האָב געפרעגט דעם סעקרעטאַר ווען דער גאון שרייבט זיינע שאלות ותשובות, האָט ער מיר געענטפערט: ,,בין גברא לגברא׳׳.

דער גאון האָט אונז אויפגענומען ווי אַלטע באַקאַנטע. ער האָט אונז שטאַרק מקרב געווען און האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס מיט הרב געלבפיש מכח אַרי־בערברענגגען נאָך ישיבה־בחורים פון דעם סאָוועטיש־אָקופּירטען טייל. ער האָט זיך אויסגעפרעגט אויף דעם גאַנג פון אונזערע טעטיגקייטען אַרום דער ישיבה, האָט אונז דערלאַנגט אַ פּאַסיגע סומע געלט און האָט אונז פאַרשפּראָכען צו שרייבען קיין אַמעריקע נאָך הילף פאַר אונזער ישיבה און צו זיין שמחה איז ניט געווען קיין שיעור און קיין ערך.

אויך דאָס מאָהל האָט ער, פון צייט צו צייט, אונז געגעבען אָנצוהערען וועגען דער באַגרעניצטקייט פון צייט ,,אין אבידה כאבידת הזמן׳׳ — האָט ער אַלעמאָהל באַמערקט און האָט אונז גע׳עצה׳ט אַז מיר זאָלען זיך אַרויסלאָזען אויף דער פּראָ־ווינץ מיט אַ קאַמפּאַניע לטובת דער ישיבה.

מיר האָבען זיך זעהר און זעהר ניט געוואָלט שיידען מיט׳ן גאון, אָבער מיר

האבען, באין ברירה, זיך געמוזט שיידען, מיר האבען איהם האַרציג באַדאַנקט און האבען פאַרלאָזט זיין אהל.

* * *

ווי נאָר מיר האבען געמאַלדען אין דער פרעסע וועגען דעם גאונ׳ס צושטימונג צו דער גרינדונג פון דער ישיבה האט עס אונז אַנגעהויבען געהן „דורך טיר און דורך טויער״: תלמידים פון אַזוינע ישיבות וואָס זייערע מנהלים האבען ניט באַוויזען אריבערצוקומען קיין ווילנע, האבן זיך א לאָז געטאָן צו אונז אין ישיבה אריין. ישיבה־בחורים וואָס האבען זיך געראטעוועט קיין ווילנע פון דעם נאַצי־אָקופּירטען טייל זענען צו אונז געקומען און מיר האבען אויך אַריינגעצויגען אין דער אַרבייט דעם גאון ר׳ צבי אייזענשטאַדט, אַ פּליט פון קראקע, איינער פון די גרעסטע גבירים אין פוילען, וועלכער פלעגט בשעתו אַליין אויסהאלטען ישיבות.

פאַרשטענדליך, אַז צוליב איהם האט די ישיבה־געקראגען גרויס פּאָפּולאַריטעט און מ׳האט אַנגעהויבען צו זאָגען שיעורים.

אונזערע תלמידים זענען געווען נאַקעט און באָרוועס, איך האָב נאָך אַלץ ניט באוויזען זיך איינצוהאנדלען קיין פאָר שיך, איך האָב דאָס ניט געקאָנט און ניט געוואָלט טאָן צוליב די תלמידים, וועלכע זענען אַריין אין ישיבה בערום ובחוסר כל... מיר האָבען דאָרום באשלאָסען איבערצולאָזען די ישיבה אויף דעם גאון ר׳ צבי אייזענשטאַדט, בעת הרב הערשבערג און הרב ראָטענבערג האבען זיך אַוועקגעלאָזט קיין קאָוונע מיט אַן אַקציע לטובת דער ישיבה און איך בין מיט דער זעלבער אויפגאַבע אַוועק קיין שאַוועל.

# שאַוועל

די רייזע קיין שאַוועל האָט מיך היבש געשראָקען: איך בין, ביז צו יענער צייט, נאָך קיינמאָהל ניט אויפגעטראָטען עפענטליך; מיין אָפּגעריסענקייט און מיין גאַליציאַנער דיאַלעקט האָבען מיר אונטערגעזאָגט אז מיין אונטערנעמונג וועט ניט געקרוינט ווערען מיט קיין דערפאָלג; איך בין אויך געווען אין צווייפעל אויב ליט־ווישע אידען וועלען זיך ענטוזיאַסטיש אָפּרופען אויף אן אַפּיל לטובת א חסידישער ישיבה.

אָבער איך האָב זיך טועה געווען בכל הפרטים: די ליטווישע אידען האָבען מקיים געווען דעם „ואהבתם את הגר" מיט אַלע פּרטים און דקדוקים; תורה איז אין ליטע עפּעס אַזוינס וואָס יעדער איינער אָטעמט דערמיט און עס איז כלל ניט נויטיג צו פּראָפּאַגאַנדירען דאָס דאָזיגע אַרטיקעל, דאָס חביבות צו תורה איז ביים ליטווישען אידען א נאַטירליך אָרגאַניש געפיל און מיין דערפאָלג אין שאַוועל איז געווען אַן איבערטרעפליכער.

ווי נאָר איך בין אַרונטער פון דער באַהן איז מיר, אויף מיין מזל, אונטערגע־קומען אַ איד וואָס האָט מיר אַנטקעגען געטראָגען אַ האַרציגען שלום עליכם.

איך האָב געבעטען דעם אידען ער זאָל מיר אָנווייזען וואו דער רב וואוינט, האָט ער מיר געענטפערט:

— קומט מיט מיר, וועל איך אייך צופירען צום רב.

מיר האָבען זיך געלאָזט אין וועג אַריין און דער איד האָט מיך געבעטען איך זאָל איהם דערלאַנגען מיין וואַליז.

איך האָב קיין חשק ניט געהאַט דאָס צו טאָן.

דער איד, אַ גאַנץ בנעימות׳דיגער, אַ נעט־געקליידעטער, איז געוואָרען צודרינג־ליך, אַז איך זאָל איהם טאָן „אַ פערזענליכע טובה" און איהם לאָזען טראָגען מיין סעטשעל, מיר איז דער דאָזיגער ענין אויסגעקומען אביסעל פריקרע און איך האָב זיך געווענדט צו דעם אידען:

— למאי זאָל איך אייך מטריח זיין?

— למאי זאָלט איהר זיין א מונע חסד מחברו? לאָזט מיך משמש זיין אַ תלמיד חכם.

— פונוואַנען ווייסט איהר אַז איך בין אַ תלמיד חכם?

— אַט זעהט איהר דאָך אַז איך ווייס . . . הכרת פניו ענתה בו . . .

— אָבער איך קאָן עס ניט טאָן, מיר איז ניט אָנגענעם אַז איהר זאָלט מיך משמש זיין.

— פאַרוואָס ניט?

— מחמת איך האָב עס בקבלה פון מיין רבי׳ן דעם גאון ר׳ מאיר שאַפּירא.

— ? . . . ? . . . ? . . .

— מיין רבי, זכותו יגן עלינו, האָט ניט געוואָלט אַז מ׳זאָל איהם משמש זיין,

ער פלעגט טענה'ן: „... ממה־נפשך: בין איך נישט קיין תלמיד־חכם איז דאָך ניטאָ וועמען משמש צו זיין... אלא וואָס־זשע־דען איך בין יאָ אַ תלמיד־חכם — וויל איך אַליין מקיים זיין די מצוה פון „שימוש תלמידי חכמים"!

דער איד האָט אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר פּאַר'חדוש'טע אויגען און האָט זיך אָפּגערופן:

— אייער רבי האָט עס געזאָגט ווי אַ דבר הלצה, און איהר נעמט עס טאַקע פּשוטו כמשמעו... אויב אַזוי פאַלט דאָך אַוועק דער גאַנצער ענין פון „שימוש תלמידי חכמים" און דער כלל איז, אַז: „זה נהנה וזה לא חסר — כופין על מדת סדום", פאַר מיר איז עס אַ פאַרגעניגען אייך משמש צו זיין און קיין היזק בין איך אייך חלילה ניט גורם דערמיט, טאָ פאַרוואָס זאָלט איהר זיין אַן איינגעשפּאַרטער איד און אַרויסווייזען אַ מדת סדום?!...

איך האָב זיך פאַרשעמט און האָב דערלאַנגט דעם אידען די וואַליזע.

דער איד האָט מיך אָפּגעפירט צום רב. דער רב האָט מיך שטאַרק מקרב געווען, אַרויסגעוויזען אַ חבה יתירה.

איך האָב געשמועסט מיט'ן רב וועגען דעם צוועק פון מיין באַזוך און דער רב האָט מיר געגעבען אַ גרויסען יישר כח און האָט מיר פאַרשפּראָכען צו זיין אַ מסייע לדבר.

איך בין פאַרבליבען ביים רב אויף מיטאָג. דער איד וואָס האָט מיך משמש געווען און האָט מיך באַגלייט פון וואַגזאַל צום רב האָט ביים רב אין הויז אַרויס־געכאַפּט אַן אַסיגנאַציע פון הונדערט ליט (בערך 20 אַמעריקאַנער דאָלער), וואָס אין ליטע איז דאָס צו יענער צייט געווען אַ מנה־יפה, און האָט מיר דערלאַנגט, וחוץ לזה איז דער דאָזיגער איד אַרויס איבער דער שטאָדט און האָט מפרסם געווען דעם ענין פון מיין באַזוך און אידען פון אַלע עקען שטאָדט זענען זיך אַנגעלאָפען צום רב מיך מקבל פנים זיין.

דאָס ערשטע מאָהל אין מיין לעבען איז מיר דעמאָלט אויסגעקומען צו זעהן דאָס גוואַלדיגע איבערגעגעבענקייט פון דעם ליטווישען אידען צו תורה. פאַר גרויס נחת האָבען זיך מיר די טרערען געשטעלט אין די אויגען און מיט אַלע כוחות האָב איך אין זיך געשטיקט די טרערען.

איך האָב לגמרי פאַרשפּאַרט איינצורייסען וועלטען, כ'האָב קיין סך ניט באַ־דאַרפט רעדען, לחלוטין קיין אַפּיל ניט געמאַכט, די אידען האָבען מיך פאַרשטאַנען אויפ'ן וואונק ווי אין פּסוק שטעהט: „די לחכימא ברמיזא"...

זיי האָבען גלייך, ביים רב אין הויז, אָפּגעהאַלטען אַן אַסיפה און זיי האָבען פאַרמירט אַ קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער שטאָדט מאַסף־ממון צו זיין.

עס האָבען גענומען געציילטע שטונדען און אַ ניע קאָמיטע וואָס האָט זיך געגרינדעט מחוץ דעם רב'ס הויז איז צו מיר געקומען מיט א בקשה:

— „כפי אין ווילנע זענען, קיין עיך־הרע פאַראַן ישיבות לרוב, בעת אין שאַ־וועל איז אַפילו קיין איין ישיבה אויך ניטאָ, וואָלט מען מן היושר באַדאַרפט איינ־אָרדנען די „ישיבת חכמי לובלין" אין שאַוועל".

האָב איך זיי דערקלערט אַז אין ווילנע איז דאָ דער „ועד הישיבות" וואָס שטיצט

אַלע ישיבות, וחוץ לזה איז אין ווילנע פאַראַן דער גאון ר׳ חיים־עוזר וואָס גיט השגחה אויף די ישיבות.

האָבען די אידען געענטפערט אַז זיי דאַרפען ניט קיין שטיצע מחוץ לעיר, אַז שאַוועל איז בה״ש אַליין בכח אויסצוהאַלטען אַ ישיבה.

איך האָב באשלאָסען אָפצוקילען דעם חשק פון די אידען פאַר אַ ישיבה אין שאַוועל, האָב איך „אַריינגעוואָרפען אַ באָמבע״ : איך האָב זיי מגלה סוד געווען אַז די „ישיבת חכמי לובלין״ איז אַ חסידישע ישיבה און איך בין געווען זיכער, אַז זיי וועלען מיר אנטווישטע, דערלאַנגען די ממתקים און וועלען מיך, בכבוד גדול, משלח זיין פון שטאָדט... לאָזט זיך אויס אַ מעשה אַז די אידען האָבען אַ קנאַפּען באַגריף וועגען חסידות און זיי שטעלען אויף מיר אויס מויל און אויערען און פרעגען מיך וואָס דאָס איז אַזוינס אַ „חסידישע ישיבה״

האָב אַך זיך גענומען מכין זיין פאַר אַ פאַרטראַג איבער חסידות, אָבער נאָך איידער איך האָב באַוויזען צו עפענען ס׳מויל, האָט זיך איינער פון דער עדה אידען אָפּגערופען :

— אַ חסידישע ישיבה הייסט אַ ישיבה פון גערער רבי׳ן.

האָט זיך אַ צווייטער איד אָפּגערופען : — וואָס שייך אַ ישיבה פון גערער רבי׳ן ?

— דאָס איז אַ ישיבה — האָט דער ערשטער איד געזאָגט — וואָס מ׳זינגט אַ סך, מ׳טאַנצט און מען מאַכט תנועות מיט העויות...

— פונוואַנען ווייסטו דאָס ? — האָט זיך אַ דריטער איד אָפּגערופען.

— איך ווייס דאָס פון מאַדזשיצער רבי׳ן — האָט דער איד געענטפערט : מה דאַך דער מאַדזשיצער רבי קאָן אַזוי שעהן זינגען, אַ פשיטא שוין דער גערער רבי !...

און די אידען האָבען, בפה אחד, צוגעשטימט צו אַ „חסידישער ישיבה״ און זיי זענען מיך באַפאַלען אַז איך זאָל צו זיי געהן עסען, יעדער פון זיי האָט מיך גע־ריסען צו זיך און איך האָב זיך ביי זיי געבעטען : „איך קאָן דאָך ניט עסען ביי אַלעמען״.

דאָ האָט זיך דער רב אַריינגעמישט און האָט געזאָגט :

— רבותי ! ווער עס וועט שאַפען מעהר געלט, ביי דעם יעניגען וועט אונזער גאַסט עסען און שלאָפען.

דער עולם איז זיך צוגאַנגען, בלויז דער איד וואָס האָט מיך באגלייט פון דער באַהן צום רב אין הויז אַריין איז געבליבען, ער איז צו מיר צוגעשטאַנען אַז איך זאָל ביי איהם עסען און שלאָפען, אַז די ישיבה זאָל זיך בפירוש אַריבערציהען פון ווילנע קיין שאַוועל און ער נעמט אויף זיך אויסצוהאַלטען צוויי ישיבה בחורים מיט עסען און שלאָפען.

יענע נאַכט האָב איך טאַקע גענעכטיגט ביי אָט דעם אידען, מחמת ער האָט

געטענה'ט אַז ער האָט אויף מיר אַ חזקה צוליב דעם וואָס ער האָט מיך דער ערשטער באַגעגענט, משמש געווען און די ערשטע 100 ליט מנדב געווען.

אין טעג אַרום בין איך אָפּגעפאָרען קיין ווילנע מיט געלט, מיט הלבשה, מיט אַ פּאָר נייע שיך אויף די פיס און מיט טיפער אַכטונג און פאַרערונג פאַר די אידען פון שאַוועל וועלכע פאַרקערפּערען אין זיך אַלע מדות פון חסידות ניט וויסענדיג אַפילו וואָס חסידות איז.

פאַר'ן אָפּפאָרען פון שטאָדט האָב איך געגעבען צו פאַרשטעהן די דאָרטיגע אידען אַז פון עמיגראַציע שטאַנדפּונקט איז פאַר די ישיבה בחורים ווילנע אַ מעהר צוגעפּאַסטער פּונקט ווי שאַוועל און זיי האָבען מיט מיר איינגעשטימט.

# דער דזשאָינט

געקומען קיין ווילנע האָב איך שוין געטראָפען מיינע חברים הרב הערשבערג און הרב ראָטענבערג, וועלכע האָבען זיך צוריקגעקערט פון קאָוונע, אויך זיי זענען געווען אויסערגעוויינליך איבעראשט פון דער ענטוזיאַסטישער אויפנאַמע וואָס זיי האָבען באַקומען אין קאָוונע. אויך זיי האָבען געבראַכט מלבושים מיט אַ היבשער סומע געלט.

פאַר דער צייט פון אונזער אַפוועזענהייט זענען דערווייל צוגעקומען נייע תלמידים, אַזוי אַז די ישיבה האָט שוין געהאַט איבער 50 תלמידים.

מיר האָבען זיי אַלעמען באַקליידט מיט אונטערוועש, מיט זאָקען, אויבערהעמ־דער, שיך, אויבערמאַנטלען וכדומה, אַלץ פון קאָוונע און שאַוועל אַריבערגעבראַכט.

פאַר דער צייט פון אונזער אַפוועזענהייט איז הרב געלבפיש, צוליב זיין פּאָפּו־לאַריטעט, אויפגענומען געוואָרען פון דער „ישיבת כולל קאָוונע" און הרב אייזענ־שטאַדט האָט אונז אָנגעזאָגט אַ בשורה: אַז דער „דזשאָינט" האָט אָנגעהויבען צו פונקציאָנירען.

אָפּצושאַצען די קאָנסטרוקטיווע טעטיגקייטען פון „דזשאָינט" איז דאָ ניט דער פּלאַץ, איך וויל בלויז אָנווייזען אַז ער האָט קודם כל געמילדערט דעם גרויסען עלענט, די פאַרלוירענקייט פון די איבער 15,000 פּליטים וואָס האָבען זיך דעמאָלט געפונען אין ווילנע. דער „דזשאָינט" האָט קודם כל דערקלערט אַן אויסראָטונגס־קאַמף צו די חילות פון פּרעה׳ס דריטער מכה . . . וועלכע האָבען זיך געהאַלטען אין איין פּרוכפּערען און מעהרען. דער „דזשאָינט" האָט אויסגעטיילט זייף מיט בילעטען אויף אומזיסטע בעדער צו יעדען פּליט.

חוץ דעם האָט ער אַלע פּליטים באַזאָרגט מיט אַ מאָנאַטליכען געהאַלט פון 40 ליט (אַן ערך 8 אַמעריקאַנער דאָלער), פאַר וועלכע מ׳האָט זיך אין ווילנע גאַנץ פיין געקאָנט אַדורכלעבען. דער „דזשאָינט" האָט אויך אַלעמען באַזאָרגט מיט הלבשה.

אויף אָנצופירען די מלחמה מיט די חילות פון פּרעה׳ס דריטער מכה האָט דער „דזשוינט" באַפולמעכטיגט דעם „טאָז" (ראשי־תיבות: „טאָווארישטשעסטוואָ אכראַניעניאַ זדאַראָוויאַ"), אַ צווייג פון „דזשאָינט" וואָס האָט זיך אָפּגעגעבען מיט אויפהיטען דאָס געזונט פון דעם פּליט, א מין „ושמרתם את נפשותיכם" געזעלשאַפט מיט דער מאָטאָ: „ הבא לטהר מסייעין לו" און דער „טאָז" האָט געטאָן זיין אַר־בייט געטריי און איבערגעגעבען: דער „טאָז" האָט די פּליטים אָרומגעוואַשען, אָרומגעזייפט, דעזינפעקצירט זייערע מלבושים, בעת דער „דזשאָינט" האָט זיי באַ־קליידט און באַשיכט, אַרויסגענומען פון די בתי־מדרשים און צושטעלט אין פּרי־וואַטע הייזער.

אין דער שפּיץ פון דער דאָזיגער „זויבערער" אַרבייט איז געשטאַנען איינע אַ מאַדאַם טראַפּיאַנסקאַיאַ, אַ פּליטה פון וואַרשע; זי האָט געזאָרגט פאַר דער ריינקייט

פון דעם פליט ווי אַ מאַמע פאַר איהר קליינע אומבאהאָלפענע קינדערלאַך און איהר נאָמען איז פון די פליטים דערמאָנט געוואָרען מיט אַ ברכה אויף די ליפען.

אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען האָט די דאָזיגע „מאַמע" אָפּגעקלונגען צו אונז אין ישיבה אַריין אַז מיר זאָלען איהר ווי אַמגיכסטען צושיקען אַ פאַרשטעהער וואָס זאָל פאַרטרעטען דעם היגיענישען דעפאַרטמענט פון דער ישיבה.

— ביי אונז אין ישיבה איז אַזאַ דעפאַרטמענט ניט בנמצא — האָב איך גע־ענטפערט.

— וועט איהר אַזוי גוט זיין, און זעהן אַז עס זאָל יאָ זיין בנמצא!... — האָט זי, אין אַ העפליכען טאָן, געענטפערט און נאָכאַמאָהל ווידערהאָלט איהר בקשה אַז מ׳זאָל גלייך, אָהן שום תירוצים, צושיקען אַ „היגיענע־פאַרשטעהער".

מיר האָבען אָפּגעהאַלטען אַ שנעלע באַראַטונג און איך בין דעלעגירט געוואָרען צום „טאָז".

געקומען אין ביוראָ פון „טאָז" בין איך אויפגענומען געוואָרען פון דער זעהר ליבליכער מאַדאַם טראַפּיאַנסקאַיאַ, זי האָט מיר, אין קורצען, דערקלערט, אַז די ישיבה מוז האָבען אַ ספּעציעלען משגיח, וואָס זאָל אַכטונג געבען אויף דער ריינ־קייט פון די תלמידים און זי האָט פאַרשפּראָכען אויסצואַרבעטען ביים „דזשאָינט" ספּעציעלע, גרעסערע פאַרציעס זייף פאַר אונזערע תלמידים און אויך נייע מלבושים וכו׳ און נאָך אַ באַדינג האָט זי אונז געשטעלט: אַז מיר זאָלען זיך אַרויסקלייבען פון דעם קוידענאָווער שטיבעל, ווייל איין שטיבעל פאַר 50 תלמידים איז טעכניש אומהיגיעניש, זי האָט בכן, פאַרגעשלאָגען צו דינגען אַ הויז מיט גרויסע באַקוועמע צימערען וואו מ׳זאָל קאָנען איינאָרדענען אַן אינטערנאַט, וואו די תלמידים זאָלען איינפירען אַ קאָלעקטיווען לעבענסשטייגער.

די זעהר עטישע מאַדאַם טראַפּיאַנסקאַיאַ האָט מיר פאַרגעשלאָגען אַז איך זאָל איבערנעמען דאָס אחריות פון אויפהאַלטען די אָרדנונג לויט אַלע כללים פון היגיענע.

צוזעהענדיג מיט וואָס פאַר אַ מוטערליכער זאָרג די דאָזיגע פרוי רעדט וועגען די סאַניטאַרע באַדינגונגען פון די פליטים, האָב איך מיט פאַרגעניגען צוגעשטימט צו אַלץ וואָס זי האָט פאַרגעשלאָגען און האָב איהר פאַרשפּראָכען מיין פולסטע קאָ־אָפּעראַציע.

איך בין גלייך אוועק אין ישיבה אַריין, האָב איבערגעגעבען מיינע חברים דעם אינהאַלט פון מיין געשפּרעך מיט מאַדאַם טראַפּיאַנסקאַיאַ און איך בין נאָך אַ קליי־נער באַראַטונג, דערהויבען געוואָרען צום ראַנג פון „שר הטהרה".

איך האָב זיך גלייך אַרויסגעלאָזט איבער דער שטאָדט זוכען אַ פּאַסיגע הויז פאַר דער ישיבה, עס האָט מיר לאַנג ניט גענומען און איך האָב געדונגען אַ הויז אויף אַלעגאַרדאַ גאַס, איינע פון די שטאַטישע הויפּט־גאַסען.

אָפּגעפּאַרטיגט זיך מיט׳ן דינגען אַ הויז, האָב איך זיך גענומען צו דער „טהרה"

איך האָב אויסגעטיילט יעדען תלמיד עקסטרע פּאַרציעס זייף, עקסטרע בילעטען אויף אומזיסטע בעדער, דעזינפעקצירט די אַלטע מלבושים און אויסגעטיילט נייע.

אויף דער איניציאַטיווע פון דער מאַדאַם טראַפּיאַנסקאַיא האָט אונז דער „דזשאַינט" צוגעשטעלט נייע בעטען, נייע קאַלדרעס מיט בעטגעוואַנט און איז טעג אַרום האָבען מיר זיך, בשעת טובה ומוצלחת, אַריינגעקליבען אין אונזער נייער דירה.

אונזער שמחה איז געווען אין לשער און מיר האָבען באַשטימט אַ טאָג אויף צו פייערען אַ „חנוכת הבית".

# עס איז נאָך ווייט צו דער שמחה

זייענדיג שטאַרק אַריינגעטאָן אין דער אַרבייט פון מטהר זיין די ישיבה בחורים, פון אַריבערקלייבען זיך אין אַ נייער הויז און פון איינאָרדנען אַלץ לויט׳ן וואונש פון „טאז״, האָב איך לחלוטין אויפגעגעבען די גאַס, זיך ניט אינטערעסירט אין קיין זאַך אויסער אין דער ישיבה.

ווען איך האָב זיך אָפּגעפּאַרטיגט מיט מיין אַרבייט אַרום דער ישיבה און אַלע הכנות אויף צו פּראַווען אַ „חנוכת הבית״ זענען שוין געמאַכט געוואָרען, האָב איך דערשפּירט אַ הונגער נאָך דער גאַס, נאָך נייע מענשען, נאָך חדשות וכדומה.

איך האָב באַשלאָסען זיך דורכצוגעהן צו ר׳ חיים־עוזר׳ן.

אויף מיין וועג צום גאון האָב איך אָנגעטראָפען אויף נייע פליכטלינג־פּנימער, די פליכטלינגען האָבען געאיילט ווי געטריבען פון אַ ווילדער מורא, איך האָב ניט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט פאָר מיט די נייע־געקומענע פליטים, האָב איך אָפּגע־שטעלט איינעם פון זיי און האָב איהם געפרעגט וואוהין ער לויפט עס אַזוי שמיי־דיק, האָט ער מיר געענטפערט: „כ׳האָב מורא — לויף איך ! . . .״ און ער איז גלייך אַוועק.

איך האָב פאַרשטאַנען אַז עפּעס חדשות איז נולד געוואָרען, אָבער אין וואָס די סכנה באַשטעהט — האָב איך ניט געוואוסט.

איך האָב געזעהן ווי די פליטים איילען פאַרביי אין גרויס שרעק, אָבער פאַר וועמען זיי אַנטלויפען און וואוהין זיי לויפען האָב איך קיין אַהנונג ניט געהאַט, האָב איך אויפסניי אָפּגעשטעלט אַ פליט און בכדי ער זאָל פון מיר ניט אַנטלויפען האָב איך איהם גענומען באַרוהיגען:

— גאָט איז מיט אייך ! . . . שרעקט אייך ניט ! . . . וואָס איז געשעהן ?

דער פליט האָט פרייער אָפּגעאָטעמט און האָט מיר דערצעהלט אַז עס טראָגען זיך אַרום קלאַנגען אין שטאָדט אַז די פּאָליציי האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין אַ געיעג אויף פליכטלינגען און פיל פון זיי זענען שוין אַרעסטירט געוואָרען.

איך האָב באַרוהיגט דעם צום־טויט איבערגעשראָקענעם פליט מיט דער הבטחה אַז פון דער רעה וועט נאָך אַרויסקומען אַ גרויסע טובה, בעת איך אַליין בין געוואָ־רען שטאַרק אומרוהיג און האָב זיך געלאָזט געהן אין ועד הישיבות אַריין.

אין ועד הישיבות האָט געהערשט אַ מורא׳דיגע פּאַניק, פיל ישיבה־בחורים פון כל׳ערליי ישיבות זענען זיך צוזאַמענגעלאָפען אַהין און פון זיי בין איך גע־וואויר געוואָרען אַז צוויי פון אונזערע תלמידים זענען אַרעסטירט געוואָרען און גע־פינען זיך אונטער גראַטעס.

אויסער די ישיבה־בחורים זענען אין ועד הישיבות געווען סתם אַנגעלאָפענע פליכטלינגען, טייל פון זיי ערשט נעכטען אַריבערגעקומענע און זיי האָבען צווישען זיך געשמועסט אַז די טעג פון ליטע׳ס זעלבסשטענדיגקייט זענען געצעהלטע.

איך האָב צוגעשטימט צו זייער אָפּשאַצונג און האָב זיי פונדעסטוועגען, גע־

פרעגט אויף וואס זיי באַזירען זייער השערה, האָבען זיי מיר געענטפערט, אַז זיי דרינגען עס ראשית פון דעם פאַקט, וואס פאַר די לעצטע טעג שטראָמען אַריין קיין איישישאָק ריזיגע סאָוועטישע אַרמייען מיט פולער מיליטערישער אויסשטאַטונג „און" — האָט איינער פון זיי געזאָגט — „זיי קומען דאך ניט קיין איישישאָק אויס מורא פאַר אַן איבערפאַל מצד ליטע..."

והשנית באַזירען זיי זיך אויף דעם פאַקט וואס פאַר די לעצטע פאַר וואָכען איז די סאָוועטישע גרעניץ־וואַך מילד צו די וואס שוואַרצען דעם גרעניץ, מאַכט זיך ניט זעהענדיג און לאָזט דורך מאַסען פליטים קיין ווילנע...

איך האָב באַשלאָסען איינצושטעלען און צוגעהן צו ר' חיים־עוזר'ן.

איך בין אַרויס אויף דער גאַס. אין גאַס האָט געהערשט אַ מורא'דיגע פאַניק ניט נאָר צווישען די פליכטלינגען, נאָר אַפילו צווישען די היגע איינוואוינער, וועל־כע האָבען אופגענומען די נייעס ווי אחים לצרה.

אין גאַס בין איך געוואויר געוואָרען איינצעלהייטען: די פאָליציי האָט גע־מאַכט אַן איבערפאַל אויפ'ן האָטעל „נאָמיאַט" וואו עס האָבען זיך אויפגעהאַלטען פליכטלינגען, די פאָליציי האָט פאַרלאַנגט אַז די פליכטלינגען זאָלען זיך לעגיטי־מירען, דערביי האָבען זיי דערקלערט אַז אַלע פליכטלינגען, וואס זענען אַריינגעקו־מען אין לאַנד נאָכ'ן 28־טען אָקטאָבער ווערען דערקלערט אומלעגאַל.

(דער 28־טער אָקטאָבער פון דעם יאָהר 1939 איז אַ היסטאָרישע דאַטע, ווייל יענעם טאָג האָט ליטע, לויט אַן אָפּמאַך מיט די סאָוועטען, צוריקגעקראָגען ווילנע, די הויפּטשטאָדט וועלכע פוילען האָט, מיט יאָהרען צוריק, איבערגעוואַלד אָפּגעריסען פון ליטע.)

דערהערט אַזאַ געשיכטע בין איך, אין גרויס איילעניש, אַוועק אַהיים און האָב משחד געווען דעם סטרוזש פון הויף מיט אַ מנה יפה, אַז ער זאָל מיך איינשרייבען אין מעלדונג־בוך פון אַ פריהערדיגער דאַטע, אַזוי האָבען אויך געטאָן די איבעריגע ישיבה־בחורים און אויף זיי קוקענדיג האָבען זיך צו אונז אין הויף אַריין אַ לאָז געטאָן פיל פליטים צו וועלכע דער סטרוזש האָט קיין געלט ניט דערלעגט . . .

* * *

אָפּגעפּאַרטיגט זיך מיט'ן סטרוזש האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט צו ר' חיים עוזר'ן. אויפ'ן וועג צו ר' חיים־עוזר'ן האָב איך באַגעגענט מיינעם אַ באַקאַנטען, אַ ווילנער יונגערמאַן, אַ סאָוועטישער סימפּאַטיקער, וועלכער האָט מיט וואָכען צוריק געשוואַרצט דעם גרעניץ פון ווילנע צו די סאָוועטען.

איך האָב אים אָפּגעשטעלט און האָב אים געפרעגט ווען, ווי אַזוי, און פאַרוואָס ער איז צוריקגעקומען קיין ווילנע.

ער האָט זיך עטוואָס פאַרשעמט און האָט מיר געענטפערט אַז ער איז ערשט נעכטען געקומען, אַז ביי דער גרעניץ איז קיין וואַך ניטאָ און אויב עס איז יאָ אַמאָל דאָ אַ פּאַטרול — מאַכט ער זיך בלינד... און אויף מיין פראַגע פאַרוואָס ער איז צוריקגעקומען קיין ווילנע, האָט ער געענטפערט:

„...איך בין צוריקגעקומען איבער'ן דריטען „כל".

איך האָב ניט פאַרשטאַנען זיין ענטפער און האָב געבעטען אַ דערקלערונג.

ער האט מיר דערקלערט:

...דריי קאל׳ס זענען פאראן:

„כל נדרי״

„כל חמירא״

און „קאל־כאז״.

„אלע דריי „כל׳ס״ זענען מרמז אויף „ניט עסען״. ווען מ׳זאגט „כל נדרי״ מוז מען זיך אפזאגען פון עסען אויף בלויז איין טאג.

„ווען מ׳זאגט „כל חמירא״ מוז מען זיך אפזאגען פון עסען חמץ אויף גאנצע זיבען טעג.

„ווען מ׳זאגט „קאל־כאז״ (קאלכאז: קאלעקטיווע פארוואלטונג) מוז מען זיך אפזאגען פון עסען אויף אייביג!...״

איך האב זיך געשיידט פון דעם יונגענמאן און האב זיך דערשלאגען צו ר׳ חיים־עוזר׳ן.

דער אריינגאנג צו ר׳ חיים־עוזר׳ן איז געווען פריי, קיין ריי מיט מענשען אין די הונדערטער איז דעם מאהל אינדרויסען ניט געשטאנען.

ר׳ חיים־עוזר׳ן אליין האב איך געטראפען ביים שרייב־טיש שרייבענדיג שאלות־ותשובות און ארום טישעל זענען געשטאנען עטליכע שטאדטישע עסקנים, וועלכע האבען זיך מיט איהם שואל־עצה געווען בנוגע די פליכטלינגען. די עסקנים האבען אויסגעדריקט זארג, בעת ער, ר׳ חיים־עוזר, האט צונישט געמאכט זייער מורא, אויסגעלאכט זייער זארג, שרייבענדיג בשעת־מעשה זיינע תשובות.

איך בין געשטאנען ביי דער זייט און האב געשטוינט און געגאפט אויף דעם גאונ׳ס גלייכגילטיגקייט... דער גאון האט אויפגעהויבען דעם קאפ, מיך דער־זעהן, און האט מיר דערלאנגט שלום.

— רבי! וואס וועט זיין מיט די פליטים? — האב איך זיך געווענדעט צו ר׳ חיים־עוזר׳ן.

— עס וועט זיין לויט׳ן רצון פון דער השגחה! — האט דער גאון געענטפערט.

— אבער מען דארף דאך עפעס טאן?... — האב איך זיך אפגערופען, מיט א האלבען מויל.

— נו געוויס דארף מען טאן! — האט דער גאון זיך געווענדעט צו מיר און צו די עסקנים און ער האט ארויסגעבראכט אז „הכסף יענה את הכל״: „די גרוי־סע ארגאניזירטע הילפס־טעטיגקייט פון „דזשאינט״ האט ארויסגערופען קנאה ביי דער רעגירונג און „באטשאלסטווא״ וויל אויך אפלעקען א ביינדעל...״

ר׳ חיים־עוזר׳ס השערה האט ביי די עסקנים ארויסגערופען א דיסקוסיע און איינער פון זיי האט זיך אפגערופען:

— ר׳ חיים־עוזר איז גערעכט! מערקט נאר: אין קאוונע האט די רעגי־רונג געגרינדעט א ספעציעלען פליכטלינג־קאמיסאריאט, שטעלט זיך די פראגע: צו וואס אזא אינסטיטוציע ווען די פליכטלינגען זענען פאר דער רעגירונג כלל קיין פראבלעם ניט? די פליכטלינגען פאלען חלילה ניט אויף קיינעמס לאסט, אדרבה: זיי האבען אריינגעבראכט א שפע אין לאנד, דער „דזשאינט״ שפייזט זיי, זארגט פאר זייערע סאניטארע באדינגונגען, באשיכט זיי, באקליידט זיי און באזארגט זיי

מיט אַ מאַנאַטליכען געהאַלט, דער פליכטלינג איז דאָרום אַ ברכה פאַר׳ן לאַנד, בכן מוז מען צושטימען צו ר׳ חיים־עוזר׳ס השערה אַז „נאַטשאַלסטוואַ״ וויל פשוט אין דער יד אַריין! . . .

און זיי האָבען, נאָך אַ קליינער באַראַטונג, אויסגעוויילט אַ דעלעגאַציע וואָס זאָל פאָרען קיין קאָוונע אינטערוועניִרען ביים פּליטים קאָמיסאַריאַט.

מיר איז אַרונטער אַ שטיין פון האַרצען און איך האָב זיך שואל־עצה געווען מיט איינעם פון די עסקנים צי עס איז כדאי אַז די אומלעגאַלע ישיבה־בחורים זאָלען נעכטיגען אין ישיבה, האָט ער מיר געענטפערט אַז ליתר־בטחון, זאָלען זיי, לעת־עתה, ניט נעכטיגען אין ישיבה.

איך בין גלייך אַוועק אין ישיבה אַריין און האָב וועגען דעם געלאָזט וויסען מיינע חברים הרב הערשבערג און הרב אייזענשטאַדט.

זיי האָבען מיך פאַרזיכערט אַז זיי וועלען שוין באַזאָרגען געלעגערס פאַר די תלמידים אין פּריוואַטע הייזער און האָבען מיר פאָרגעשלאָגען אַז איך זאָל אויפסניי אַריבערגעהן צו ר׳ חיים־עוזר׳ן און זיך מיט איהם באַראַטען מכח דער באַפרייאונג פון אונזערע אַרעסטירטע תלמידים.

איך בין גלייך צוריקגעגאַנגען צו ר׳ חיים־עוזר׳ן.

ביי ר׳ חיים־עוזר׳ן האָב איך קיינעם פון די עסקנים ניט געטראָפען, דעם מאָהל האָב איך דאָרטען געטראָפען הרב רובינשטיין און אויך דר. וויגאָדסקי (פּרעזידענט פון דער ווילנער קהלה און געוועזענער מיטגליד פון פּוילישען סיים), וועלכער איז אינטים באַפריינדעט מיט׳ן ליטווישען פּרעזידענט פּראָפעסאָר סמעטאָנאַ.

הרב רובינשטיין און דר. וויגאָדסקי זענען ביידע געזעסען מן הצד און האָבען געפירט אַ געשפּרעך.

איך בין צוגעגאַנגען צו ר׳ חיים־עוזר׳ן און האָב זיך אַנטשולדיגט פאַר מיין באַאומרוהיגען איהם.

ר׳ חיים־עוזר האָט מיך זעהר העפליך אויפגענומען און האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט זיך שריפטליך געווענדעט קיין א״י צו הרב עמיאל, אַז ער זאָל מיר שיקען אַ סערטיפיקאַט אויף צו פאָרען קיין ארץ־ישראל.

— רבי! — האָב איך זיך אָנגערופען — איהר האָט גאָר אינזינען צרות־הפרט בעת אַלע זענען פאַרטאָן אין צרות הכלל? . . .

— איך האָב אויך געשריבען צו הרב הערצאָג אַז ער זאָל אויס׳פועל׳ן טויזענט סערטיפיקאַטען פאַר טויזענט ישיבה־בחורים וואָס זאָלען פאָרען קיין ארץ־ישראל אויף אַ סטודענטען קוואָטע — האָט ר׳ חיים־עוזר געענטפערט.

— אָבער באשר הוא שם זענען אַלע ישיבה־בחורים באַהערשט פון אַ מוראַ־דיגען פּחד, צוליב זייער אומלעגאַלקייט — האָב איך זיך געווענדעט צום גאון.

ר׳ חיים־עוזר האָט אַ שמייכעל געטאָן און האָט געענטפערט:

— . . . בר־דעת אין לו להתפחד מפני קול בעלמא! . . . פּחד איז גורם מכשול, פּחד פירט צו הסתלקות הדעת, נישטאָ וואָס מורא צו האָבען . . . הכסף יענה את הכל, דאָקטאָר וויגאָדסקי פאָרט קיין קאָוונע, ער וועט זיך דורכשמועסען מיט׳ן פּרעזידענט.

איך האָב דערציילט דעם גאון וועגען די אַרעסטירטע ישיבה בחורים און וועגן דעם אַז מ׳שמועסט אַז די סאָוועטען וועלען בקרוב מאַכען אַ סוף צו ליטע׳ס זעלבסט־

שטענדיגקייט און אַז דער סאָוועטישער גרעניץ־פּאַטרול לאָזט דורך פּליכטלינגען דורכ'ן גרעניץ, מאַכט זיך בלינד וכדומה...

האָט מיר דער גאון געענטפערט, אַז ליטע'ס זעלבסטשטענדיגקייט באַאומרוהיגט איהם ניט, אַז וואָס דער מאָרגען קאָן ברענגען ווייס קיינער ניט און אויב עס איז טאַקע אמת אַז די גרעניץ איז פריי, וואָלט כדאי געווען אַז איך מיט אַ פּאָר פון מיינע חברים זאָלען זיך דורכפאָרען קיין איישישאָק מקבל פנים זיין די אַריבער־געקומענע ישיבה־בחורים, זיי באַרוהיגען וכדומה...

איך האָב געזאָגט דעם גאון, אַז אַזאַ רייזע קאָן חלילה פירען צו אונזער אַרעסט, האָט ער געענטפערט: „שלוחי מצוה אינן נזוקין".

איך האָב זיך געזעגענט מיט'ן גאון און בין אַוועק אין ישיבה אַריין און האָב איבערגעגעבען מיינע חברים דעם אינהאַלט פון מיין געשפּרעך מיט'ן גאון.

מיר האָבען אָפּגעהאַלטען אַ באַראַטונג און כאָטש מיר האָבען אין דער רייזע קיין איישישאָק ניט געזעהן קיין שום לאָגישע האַנדלונג, האָבען מיר, פונדעסטוועגען, באַשלאָסען ניט מורד צו זיין אין די רייד פון דעם גאון און מיר זענען טאַקע דעם זעלבען אָוונט אָפּגעפאָרען קיין איישישאָק.

* * *

מיר האָבען פאַרבראַכט אין איישישאָק גאַנצע דריי טעג. במשך פון אָט די דריי טעג האָט דער שטראָם פון פּליכטלינגען אָנגעהאַלטען. די שטאָדט איז פול געווען מיט סאָוועטיש־מיליטער און די פּאָליציי האָט די פּליכטלינגען ניט פאַרפאָלגט.

צווישען די פּליכטלינגען האָבען מיר אָנגעטראָפען אויף אַ סך פון אונזערע באַקאַנטע ישיבה־בחורים. זיי האָבען אונז דערצעהלט אַז זיי ווייסען וועגען די אַרעסטען וואָס קומען פאָר אין ווילנע, אָבער דאָס וועט זיי ניט אָפּהאַלטען פון צו פאָרען קיין ווילנע, ווייל אַרעסטירט ווערען מיינט באַזאָרגט ווערען מיט אַ דאַך איבער'ן קאָפּ און דאָס איז דער העכסטער וואונש פון יעדען פּליט.

מיר האָבען גענומען די באַן און זענען אָפּגעפאָרען קיין ווילנע.

# די ישיבות צולויפען זיך אין דער פּראָווינץ

געקומען קיין ווילנע, זיינען מיר געוואויר געוואָרען אַז די דעלעגאַציע וואָס איז געפאָהרען קיין קאָוונע איז שוין דאָ צוריק, אַז די אַרעסטעטע האַלטען נאָך אַז, כאָטש די דעלעגאַציע איז געקומען „מיט גוטע אויסזיכטען".

מיר זענען גלייך אוועק צו דר. וויגאָדסקי.

ד"ר. וויגאָדסקי האָט אונז דערצעהלט אַז ער האָט ניט געקענט צוקומען צום פּרעזידענט, מחמת דער פּרעזידענט איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט מלוכה־ענינים; ער האָט זיך, בכן, דערשלאָגען צו אַנדערע הויכע מלוכה־באַאַמטע און זיי האָבען איהם דערקלערט אַז נאַצי־דייטשלאַנד פאַרלאַנגט פון דער רעגירונג אַז זי זאָל צוריקווייזען אַלע פּליכטלינגען קיין דייטשלאַנד; די נאַציס ווילען זיך „אָפּרעכענען" מיט די פּליכטלינגען פאַר פאַרשפּרייטען גרויל־פּראָפּאַגאַנדע. . .

— און וואָס איז מכח דעם אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ פון אזיל־רעכט ? — האָב איך, אין גרויס שרעק, געפרעגט דעם דאָקטאָר.

— די זעלבע פראַגע — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט, — האָב איך געשטעלט די מלוכה־באַאַמטע, האָבען זיי מיר געענטפערט :

— „איז וואָס ווילט איהר, אַז איבער אַט דעם געזעץ זאָל ליטע פאַרלירען איהר זעלבסטשטענדיגקייט ? . . ."

עס האָט מיר אָנגעהויבען קלאַפּען אַ צאָן אין אַ צאָן, עס איז מיר דורכגעלאָפען אַ געדאַנק וועגען זעלבסטמאָרד ר"ל, און פּלוצים, האָב איך זיך דערמאָנט אַז אין שטאָט שמועסט מען וועגען דער דעלעגאַציע אַז זי האָט זיך אומגעקערט „מיט גוטע אויסזיכטען", האָב איך געפרעגט דעם דאָקטאָר פונוואַנען עס האָט זיך גענומען אָט דער ליגנערישער קלאַנג, פון „גוטע אויסזיכטען", האָט מיך דער דאָקטאָר אויפגעקלערט אַז די קלאַנגען זענען אמת'ע : די דעלעגאַציע וואָס איז געפאָרען צום פּליטים־קאָמיסאַריאַט איז געקומען מיט אַן ענטפער אַז די רעגירונג קוקט קרום אויף דעם וואָס די פּליכטלינגען האָבען פאַרפלייצט די הויפּט־שטאָט, געשאַפען אַן ענגשאַפט און, אזוי צו זאָגן, פאַראומרייניגט „פאַראומווירדיגט" די שטאָט.

— אויב אזוי — האָב איך זיך געווענדעט צום דאָקטאָר — איז דאָך עס אַ לאָקאַלער ענין, די פּליכטלינגען קאָנען אויסוואַנדערען אין דער פּראָווינץ און דאָס פּראָבלעם איז געלייזט !

— ווען עס וואָלט אזוי געווען — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט — וואָלט טאַקע גוט געווען. . .

איך און הרב הערשבערג האָבען באַשלאָסען איינצושטעלען און צוגעהן אין ועד־הישיבות און, איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אויסגעפינען דעם אמת פון דער לאַגע.

מיר האָבען זיך געלאָזט אין וועג אַריין. די גאַס איז ריין פון פּליטים, מיר געהען און עס ציטערען אונזערע טריט, אונז דוכט זיך אַז אָט אָט און מיר וועלען געכאַפּט ווערען . . . פּאָליציייאישע לאַסט־וואַגענס אָנגעפילט מיט אַרעסטירטע

פליטים פאַרען אונז פאַרביי, עס ציטערט אין אונז יעדער אבר, אָבער מיר האַלטען פאַסאַז, מאכען דעם אנשטעל פון הי־געבוירענע און אזוי דערשלאָגען מיר זיך, אין גרויס שרעק, צום ועד הישיבות.

די טירען פון „ועד הישיבות" זענען געשלאָסען און דאָס פירט אונז צו דער השערה אז דאָקטאָר וויגאָדסקי'ס ידיעה איז די ריכטיקע... עס איז שוין גאָר־ניט קיין לאָקאַלער ענין!... הרב הערשבערג „טרייסט" מיך:

— „רוסלאַנד איז ברוגז אויף די פליכטלינגען למאי זיי האָבען מיסברויכט די סאָוועטישע גאַסטפריינדליכקייט, האלט זי פריי דעם גרעניץ, בכדי די פליכט־לינגען זאָלען זיך דורכשווארצען קיין ליטע, פונוואַנען זיי וועלען אויסגעליפערט ווערען צו די נאַציס..."

זיין השערה שניידט מיך ווי מיט מעסערס, זיינע ווערטער לעכערען מיר די אויערען און איך בעט זיך ביי איהם: „אל תפתח פה לשטן!" אָבער ער האלט זיך ביי זיינעם און זאָגט מיר: „רעגירונגס פיהרער וועלען דאָך ניט מאַכען קיין פאַלשען סטייטמענט! דאָקטאָר וויגאָדסקי איז דאָך ניט קיין ליגנער!..."

מיר האָבען מורא צו בלייבען אויף דער גאַס, קלאַפען מיר אָן אין דער טיר פון אונזערען א באַקאַנטען און מיר בעטען א דערלויבניש צו נוצען דעם טעלעפאָן.

איך קלינג אָן צום מנהל פון „ועד הישיבות" הרב ר' יוסף שוב און פרעג איהם פאַרוואָס דער „ועד הישיבות" איז געשלאָסען, ענטפערט ער מיר: „בכדי קיין ישיבה־בחורים זאָלען אהין ניט קומען, וועלען זיי פאַרשפאַרען אריינצופאַלען צו דער פאָליציי..."

איך פרעג איהם אויף חדשות, ענטפערט ער: „אדוואָקאַט אלטמאַן פון קאָוונע איז דאָ ביי מיר אין הויז, ער איז געקומען מיט אינסטרוקציעס פון דער רעגירונג אז די פליטים זאָלען זיך פאַרנעמען פון שטאָט, די רעגירונג וויל אז זיי זאָלען אויסוואַנדערען אין דער פראָווינץ"

איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט און האָב א פרעג געטאָן: „אפשר קאָן מען „אונטערשמירען" און אָפּשרייען די גזירה?"

האָב איך באַקומען אָן ענטפער: „עס האָט געקאָסט גענוג שוחד צו מילדערען די אָריגינעלע גזירה"

די אָריגינעלע גזירה האָט געלויטעט אז די פליטים זאָלען אויסוואַנדערען: די פון דער סאָוועטיש־אָקופּירטער טייל — קיין סאָוועטענלאַנד און די פון דער נאַצי־אָקופּירטער טייל — קיין נאַצי־לאַנד.

* * *

די דאָזיגע פריידיקע ידיעה האָט זיך בליץ־שנעל צוטראָגען איבער דער גאַנ־צער שטאָט. ר' חיים עוזר האָט אין דער גזירה געזעהן אַן „אצבע אלקים", א זכות פאַר דער פראָווינץ וואָס שטיצט ישיבות מיט דער ברייטער האַנט און האָט ניט די זכיה צו האָבען א ישיבה ביי זיך אין קליינעם שטעטעל...

ר' חיים־עוזר האָט געהאַלטען אז אויך די דאָזיגע גזירה קאָן מען פאַר געלט אָפּשרייען", ער האָט אָבער ניט געפונען פאַר נויטיג אָפּצושרייען די גזירה וועל־כע ער האָט בשום אופן ניט באַטראַכט פאַר א גזירה. ער האָט, אדרבא, געקוקט

אויף דער גזירה ווי אויף א „סיעתא דשמיא“, ער האָט אין דער גזירה געזעהן דעם הייליגען רצון פון דער השגחה אז: „כי מווילנע תצא תורה“... און האָט זיך געריבען די הענט פאַר נחת...

קיין נייע אַרעסטען זענען ניט פאָרגעקומען און די ביז איצט אַרעסטירטע האָט מען ניט באַפרייט, די פּאָליציי האָט אָנגעגעבען אַז זי האָט ניט באַקומען קיין אינסטרוקציעס פּרייצולאָזען די אַרעסטירטע.

אונטער׳ן אויפזיכט פון „ועד הישיבות“ האָבען זיך די ישיבות אַריבערגעפּער־קעלט אין דער פּראָווינץ: די קלעצקער ישיבה איז אַריבערגעפאָהרען קיין יאַנאָווע, די קאַמענעצער ישיבה — קיין ראַסיין וכדומה.

אויך אונזער ישיבה האָט זיך באַדאַרפט אַרויסקלייבען אין דער פּראָווינץ, אָבער איך האָב באַשלאָסען אַז אונזער ישיבה זאָל בלייבען אין ווילנע און צוליב דעם צוועק האָב איך זיך געזעהן מיט אַדוואָקאַט אַלטמאַן פון קאָוונע (א פרומער איד) און ער האָט מיר געזאָגט אַז פאַר 1500 ליט (אַן ערך 300 אַמעריקאַנער דאָ־לאַר) קאָן מען דאָס פּועל׳ן.

פאַרשטענדליך אַז ווענדען זיך צו ר׳ חיים־עוזר׳ן אַז ער זאָל אונז שטיצען אין דעם פּרט — האָבען מיר ניט געקאָנט... האָבען אַלע ישיבה בחורים זיך צוזאַ־מענגעלעגט, אָוועקגעגעבען פון זיך דעם לעצטען גראָשען און צוזאַמענגעשטעלט די סומע פאַר וועלכער מיר האָבען באַקומען די דערלויבניש צו בלייבען אין ווילנע.

צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט וואָס אונזער ישיבה איז פאַרבליבען אין ווילנע, האָט זיך די ישיבה גענצליך געראַטעוועט קיין אויסלאַנד.

# מיר באַפרייען אונזערעביידע אַרעסטירטע חברים

די ישיבה־בחורים, איבער טויזענט אין צאָל, האָבען אויסגעוואַנדערט אין דער פּראָווינץ וועלכע האָט זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס.

דעם „ועד הישיבות" איז געגעצליך ארונטער א זאָרג פון קאָפּ — אויסצו־האַלטען די ישיבות, מחמת יעדער פּראָווינציעל שטעטעל האָט, אויס גרויס התּ־פּעלות פאַר דער זכיה צו האָבען ביי זיך אין שטאָט א ישיבה, אנגעוואָרפען בערג מיט געלט.

אָבער די איבעריגע פּליטים־פליכטלינגען — שיעור ניט פופצען־טויזענט אין צאָל — האָבען קיין חשק ניט געהאַט זיך צו שיידען מיט׳ן צענטער — מיט ווילנע. די אויסרעכענונג איז געווען: עמיגראַציע. פון דער גרויסער שטאָדט איז לייכטער צו עמיגרירען. אין דער גרויסער שטאָדט זענען פאַראַן כלל־טוער, שתדלנים, עסקנים, אינסטיטוציעס, קאָנסולאַטען וכדומה און די פּליטים האָבען זיך ניט געריהרט פון אָרט.

קיין נייע אַרעסטען זענען ניט פאָרגעקומען, בעת די ביז איצט אַרעסטירטע האָט מען ניט באַפרייט; די אַרעסטאַנטען האָבען זיך דאָס ניט גענומען צום האַר־צען, זיי האָבען זיך ווייניג וואָס געקימערט פאַר זייער באַפרייאונג, מחמת זיי האָ־בען געגלויבט אַז אין טאָג אַרום וועלען זיי באַפרייט ווערען דורך די סאָוועטישע אריינדרינגער.

איך און הרב אייזענשטאַדט, וויסענדיג דעם סוד אז פאַר געלט קאָן מען ביי דער ליטווישער פּאָליציי אַלץ פּועל׳ן — האָבען מיר באַשלאָסען צו באַפרייען אונ־זערע צוויי אַרעסטירטע חברים; מיר זענען אוועק צו ר׳ חיים־עוזר׳ן און מיר האָבען זיך מיט איהם מישב געווען וועגען דעם ענין.

ר׳ חיים־עוזר האָט אונז גלייך דערלאַנגט 150 ליט פּדיון־שבויים געלט און מיר זענען תכף ומיד אוועק צום פּאָליציי־שעף.

הרב אייזענשטאַדט האָט זיך פאַר איהם פאָרגעשטעלט אלס דער פיהרער פון דער ישיבה און האָט איהם געבעטען אז ער זאָל באַפרייען די צוויי אַרעסטירטע ישיבה־בחורים, באשר זיי באַדאַרפען בקרוב אויסוואַנדערען קיין ארץ ישראל.

דער געשפּרעך צווישען דעם פּאָליציי־שעף און הרב אייזענשטאַדט איז אנגע־גאַנגען אין רוסיש, און דער שעף האָט אויסגעדריקט התפעלות פאַר דעם פּרעכטי־גען רוסיש וואָס הרב אייזענשטאַדט האָט באַנוצט, עס איז געווען צו מערקען אז דער שעף האָט גרויס אַפּשיי און דרך ארץ פאַר דער פּערזענליכקייט אייזענשטאַדט.

דער שעף האָט פאַרשפּראָכען אז ער וועט זיך פאַראינטערעסירען אין דעם ענין און האָט זיך אריינגעלאָזט אין אַן אַלגעמיינעם געשפּרעך מיט הרב אייזענ־שטאַדט.

בעת הרב אייזענשטאַדט האָט געשמועסט מיט׳ן שעף, איז דעם שעף׳ס א קינד, א אינגעלע פון א יאָהר 7, צו מיר צוגעגאַנגען און האָט מיך געפרעגט צי איך האָב

מאַרקעס. דער אינגעלע האָט צו מיר גערעדט ליטוויש און זיין ווענדונג איז גע־ווען מלארחו, האָב איך זיך באַמיט איהם צו ענטפערען אויך אין דער ליטווישער שפראך, האָט ער מיר געהאַלטען אין איין קאַרעגירען די שפּראַך.

איך האָב איהם געפרעגט צו וואָס ער באַדאַרף די מאַרקעס, האָט ער מיר גע־ענטפערט אז ער קלייבט אַ קאָלעקציע פון פאַרשיידענע מאַרקעס.

איך האָב איהם פאַרשפּראָכען צו ברענגען מאַרקעס, האָט ער מיך געפרעגט: „ווען?" האָב איך געענטפערט: „מאָרגען".

דער אינגעלע האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, געוואָרפען אויף מיר אַ גנבה'שען קוק מיט זיינע שוואַרצע קלוגע, דורכגעטריבענע אויגען און האָט זיך אָנגערופען:

— זעהט נאָר איהר זאָלט האַלטען וואָרט, עס איז ניט שיין אָפּצונאַרען... איך האָב איהם געגעבען מיין עהרן־וואָרט אז מאָרגען, מיטאָג־צייט, וועל איך איהם ברענגען מאַרקעס און זיין פּנים האָט אויפגעלויכטען מיט קינדערישער פרייד.

מיר האָבען זיך געזעגענט מיט'ן שעף און האָבען פאַרלאָזט זיין קאַנצעלאַריע.

ארויסקומענדיג אינדרויסען האָט מיר הרב אייזענשטאַדט געזאָגט אַז דער „אדון" האָט זיך פאַר איהם באַקלאָגט, אַז זיין געהאַלט איז זעהר אַ קלײנלעכער... אַ רמז אויף אַ מתנת יד... און דער ענין וועט איה"ש מאָרגען דערליידיגט ווערען על צד היותר טוב...

איך האָב געהאַלטען וואָרט: איך בין אויפ'ן צווייטען טאָג, מיטאָג־צייט, געקומען צום פּאָליציי־שעף מיט אַ גרויסער קאָלעקציע פון פאַרשידענע מאַרקעס און דער שעף האָט מיר דערציילט, אַז דער אינגעל פאַרהילכט די הויז אין דער־וואַרטונג אויף דער מתנה.

דער אינגעל איז געווען אין אַ צווייטען צימער, דער שעף האָט איהם אַריינ־גערופען און איך האָב איהם דערלאַנגט די מתנה.

ער האָט געזאָגט „אַ דאַנק" און האָט, פאַר גרויס פרייד, גענומען טאַנצען אויף איין פוס מאַכענדיג דערביי פאַרשידענע פריידיגע העויות און אויסרופען.

דער פאַטער האָט איהם איינגעהאַלטען, געצוימט און דער אינגעל האָט צו מיר געזאָגט: „איך דאַנק אייך, איך וועל אייך קיינמאָהל, קיינמאָהל, קיינמאָהל ניט פאַרגעסען!".

איך האָב זיך געזעגענט מיט'ן שעף, מיט זיין חנ'עוודיגען בחור'ל און בין אַוועק אין מרחץ אַריין לכבוד שבת.

* * *

פרייטאָג פאַרנאַכט, פונקט נאָך מנחה, האָט זיך דער פּאָליציי־שעף אַריינגעיאָוועט אין ישיבה אַריין. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף הרב אייזענ־

שטאָדט, איך האָב געענטפערט אַז הרב אייזענשטאַדט איז גראד איצט ניטאָ און האָב איהם דערלאַנגט אַ שטול צום זיצען.

איך האָב ערוואַרטעט אַז ער זאָל זיך אָפזאָגען פון זיצען, אָבער ער האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטען און האָט זיך גאַנץ ברייטלאַך אַוועקגעזעצט. איך האָב פאַרשטאַנען צוליב וואָס ער איז געקומען און בכדי אונזער געשפרעך זאָל זיך ניט פאַרציהען און זאָל ניט גורם זיין קיין חלול שבת, האָב איך זיך אַנטשולדיגט פאַר איהם און בין אַריינגעלאָפען צו זיך אין צימער אַריין, האָב געכאַפּט די 150 ליט פדיון שבויים געלט וואָס ר׳ חיים־עוזר האָט אונז געגעבען און האָב זיי איהם, אָהן שום הקדמות, דערלאַנגט אין דער יד אַריין.

קאַנטיג, אַז ער האָט זיך אַליין ניט געריכט אויף אַזאַ מנה־יפה, מחמת ער איז געוואָרען מאָדנע באַגייסטערט און צוגעלאָזען, האָט גענומען אַרויסווייזען איבער־טריבענע העפליכקייט און האָט פאַרשפּראָכען מאַרגען אינדערפריה צו באַפרייעןביידע אַרעסטאַנטען. און כך הוה: שבת אינדערפריה צו קריאת התורה זענען ביידע אַרעסטאַנטען געקומען אין ישיבה אַריין און עס איז געווען „ליהודים״.

# מיר שטעהען אין דער רייה מיט פייערטעפּ אין די הענט און כאַפּען אַ טענצעל

די פּאָליציי האָט, מיט דעם גאַנג פון טעג, שטופּענווייז באַפרייט שיעור ניט אלע אַרעסטירטע פּליטים, מ'האָט פאַר יעדען באַזונדער אָפּגעצאָהלט אַ געוויסען סכום „כופר־נפש" געלט און דער פּראָצעס פון זייער באַפרייאונג איז צוגעגאַנגען אויף אַ שטילען, כמעט אומבאַמערקבאַרען אופן.

דער „דזשאָינט" האָט אויפסניי אָנגעהויבען צו פונקציאָנירען, אָבער אויף אַ שטילען, באַשיידענעם אופן, אָהן רעש, אָהן טומעל. די פּליכטלינגען האָבען זיך ניט געטאָרט אַרומשלייען גרופּעסווייז אין די גאַסען און אלץ האָט זיך געהאַלטען אין איינלאַדיען.

אָבער אין אַ שעהנעם פרימאָרגען האָבען זיך באַוויזען פּלאַקאַטען אויף די טעלעגראַף־סלופּעס וועלכע האָבען געמאָלדען אַ באַפעל אַז אלע פּליכטלינגען מוזען זיך, אין אַ משך פון דרייסיק טעג, פאַרעגיסטרירען אין די פּאָליציייִשע באַציר־קען, דערביי מוזען זיי צושטעלען פאָטאָגראַפישע בילדער און אויספילען אַ „לעגידימאַס": אַזאַ בויגען פּאַפּיר מיט פראַגעס אויף וועלכען דער פליכטלינג מוז זיך אונטערשרייבען און לעגען זיינע פינגער־צייכענס.

אין די „לעגידימאַס" זענען געווען קאָמפּליצירטע פראַגעס אויף וועלכע די פּליכטלינגען האָבען ניט געוואוסט וואָס און ווי אַזוי צו ענטפערען.

עס זענען דאָרטען געווען אַזעלכע פראַגעס ווי:

1. ווען מ'איז געקומען?
2. אויף וואָס פאַר אַ אופן אריינגעקומען אין לאַנד?
3. פונוואַנען געקומען?
4. „טינקאַ" אָדער „נעטינקאַ": פעאיק אָדער אומפעהיג אויף פי־זישער אַרבייט?

די פּליטים האָבען זיך געשראָקען פאַר'ן אמת'ען תירוץ אויף די דאָזיגע פיר קשיות.

נעהמט צום ביישפּיל, די ערשטע פראַגע: „ווען געקומען?" ענטפערען אַז מ'איז געקומען נאָכ'ן 28־טען אָקטאָבער 1939 מיינט — אַנערקענען אַז מ'איז אומלעגאַל און ווער פון די פּליכטלינגען איז דען געקומען פאַר'ן 28־טן אָקטאָבער?

די צווייטע פראַגע: „אויף וואָס פאַר אַ אופן אריינגעקומען אין לאַנד?"

— זיכער ניט אויף קיין לעגאַלען אופן.

די דריטע פראַגע: „פונוואַנען געקומען?" ענטפערען אַז מ'איז געקומען פון דער סאָוועטיש־אָקופּירטער טייל איז פאַראַן די געפאַר אַז מ'זאָל צוריקגעשיקט ווערען צו די סאָוועטען און עס איז אַ פראַגע צי די סאָוועטען וועלען אויפנעהמען אַזעלכע, וואָס האָבען זיי דעזערטירט.

ענטפערען : „פון דער נאַצי־אָקופּירטער טייל" איז דאָ די געפאַר אז מ'זאָל צוריקגעשיקט ווערען צו די נאַציס.

איבער דער לעצטער פראגע : „ארבייטספעאיג אדער ניט" האָבען זיך מענ־שען געפּלפּול'ט : געווען א יש אומרים וואָס האָבען געהאַלטען אז עס איז בעסער זיך אנצוגעבען „ארבייטספעהיג" מחמת ארבייטספעהיקע מענשען זענען געווינשען פאַר'ן לאַנד, בעת אנדערע האָבען געהאלטען אז „אומפעהיגע" וועט די רעגירונג צורוה לאָזען בעת ארבייטספעהיקע וועט מען פארשיקען אויף ארבייט „אונטער די הרי־חושך . . ."

איבער דעם תירוץ אויף די פיר קשיות האָט מען זיך געפּלפּולט א פּאָר טעג, זיך שואל עצה געווען מיט כלל טוער, מיט אדוואָקאַטען און סתם „חכמים" און קיין איינער פון זיי האָט קיין קלאָהרען ענטפער ניט געגעבען, האָבען די פליטים באַשלאָסען ארויסצוקומען מיט'ן אמת און „ווי אזוי דער אויבערשטער וועט פּיה־רען — אזוי וועט זיין, כאשר אבדתי — אבדתי און פּטור אן עסק!" . . .

אויף פיר פארשידענע פונקטען האָט מען זיך באַדאַרפט רעגיסטרירען אין א משך פון דרייסיג טעג אין דריי אזייגער נאָכמיטאָג האָבען זיך די רעגיסטראַציע־ביוראָען געשלאָסען און די ביוראָקראַטען וואָס האָבען זיך געפּאַרעט ארום דער אר־בייט האָבען זיך ניט געאיילט, אַנגעגאַנגען מיט דער ארבייט לאנגזאם, פּאַוואָליע, פויל און צוקראָכען.

האָבען זיך מענשען אויפגעכאַפּט פון שלאָף פיר אזייגער פארטאָג און זענען געלאָפען פארכאַפען „פאָזיציעס" אין די פאָדערשטע רייען.

אין איינעם אזא פרימאָרגען האָב איך זיך געשטעלט אין דער ריי : דער פראָסט איז געווען א 40 גראַדיקער און דער ווינט האָט געבושעוועט, מרעיש־עולמות געווען.

אין די שווערע הונדערטער זענען מענשען געשטאַנען אין דער ריי, דורכגע־נומענע פון דער מורא'דיקער קעלט און האָבען זיך געריבען די הענט און אונטער־געטאַנצט מיט די פיס בכדי דאָס בלוט אין זייערע אָדערען זאָל חלילה ניט איינ־גליווערען.

ניט ווייט פון מיר האָט געטאַנצט אין דער ריי דער סענאַטאָר יעקב טראַקענ־היים און לעבען איהם איז, מיט א פייערטעפּעל אין די הענט, געגאַנגען א רקוד'ל, לייבעלע מינצבערג, א מיטגליד פון פּוילישען סיים.

ארום 6 אזייגער פּאַרטאָג האָבען צוויי באַרמהערציגע פרויען געבראַכט צו־טראָגען פייערטעפּ מיט הייסע קוילען און, אויף זיי קוקענדיג, זענען מיט א פער־טעל שעה שפּעטער, געקומען פרויען אין די הונדערטער מיט פייערטעפּ וועלכע זיי האָבען אָפּגעגעבען צו די דערפרוירענע פליכטלינגען.

אַזאַ פאַטעטיש בילד פון הונדערטער פרויען וואָס טראָגען פייערטעפּ און פון הונדערטער מענשען וואָס שטעהען אין דער ריי, מיט פייערי־עפּ אין די הענט, און

טאַנצען דערביי אונטער א „רקוד'ל" לכבוד דעם קאַפּריז פון א „רעגירונג" וואָס האט געציילטע חדשים צום לעבען — אַזאַ טראַגיש בילד האט נאָך קיין שום אידי־שער מאָלער ניט געמאָלען און איך האַלט אז עס איז גוטער מאַטעריאל פאר א קינסטלער.

צו דער קאָלעקציע גלות־בילדער וואָס זענען נאָך ניט געמאָלען געוואָרען גע־הערט אויך דאָס דאָזיקע בילד.

# די מאַזשינאָ ליניע אַ קוואַל פון בטחון פאַר די פליכטלינגען

ארום 11 אזייגער אינדערפריה האָב איך זיך ענדליך דערשלאָגען צו מיין רייע. איך האָב איבערגעגעבען מיין פייערטעפעל צו א צווייטען און בין אריין אין פאַליציי־ביוראָ.

מ׳האָט מיך גענומען אויף א פארהער און נאָך א לאַנגער חקירה ודרישה האָט מען מיר געלאָזט וויסען אז איך ווער באטראַכט ווי אן אומלעגאַל אריינגעקומענער אויסלענדער און אלס אזעלכער וועל איך קריגען א ספעציעלען פּאַס אויף וואוינרעכט אין ווילנע, און אז אויף ארויסצופאָהרען אין דער פּראָווינץ מוז איך קריגען א ספעציעלע דערלויבניש פון דער פּאָליציי.

איך האָב אויסגעפילט די „לײדימאָס״, אוועקגעלעגט מיינע פינגער־צייכענס און האָב באקומען מיין פּאַס.

מיד פון שפּרינגען „קדוש״ שעה׳ן לאַנג מיט די פיס און א דורכגעפרוירענער פון דער מורא׳דיגער קעלט, בין איך אין גרויס איילעניש, אוועק אהיים — אין ישיבה אריין.

אין ישיבה האָב איך אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, געקומען צו זיך פון דער מורא׳דיגער קעלט און ביז איך האָב זיך רעכט דערוואַרימט איז געוואָרען נאַכט.

אין אָוונט האָבען מיר אָנגעשטעלט די ראַדיאָ. די ראַדיאָ האָט געמאָלדען:

„אלפרעד בירזשאַ, דער גובערנאַטאָר פון לעמבערג איז געפונען געוואָרען טויט אין זיין האָטעל צימער אין מונקאַטש, אונגאַרן. לעבען זיין קערפּער האָט מען געפונען א בריוו מיט אינסטרוקציעס פאַר דער אויסטיילונג פון די 1500 דאָלאַר וועלכע ער האָט געהאַט מיט זיך.

„אלעקסאַנד פּריסטאַר, געוועזענער פּרעמיער פון פוילען און נאָהענטסטער קאָלעגע פון מאַרשאַל פּילסודסקי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד״.

די דאָזיגע נייעס מאַכט א פיינליכען רושם אויף די פאַרזאַמעלטע ישיבה־בחורים וואָס שטעהען ביי דער ראַדיאָ און לעכצען נאָך חדשות וועגען א פראַנצויזיש־ענגלישען איבערפאַל אויף נאַצי־דייטשלאַנד; די ראַדיאָ טוט זיי צוליב, זי לאָזט וויסען:

„עדוואַרד בענעש, געוועזענער פּרעמיער פון טשעכאָ־סלאָוואַקיע, געפינט זיך אין פּאַריז אין פאַרבינדונג מיט א פּלאַן צו פאָרמירען א טשעכישען לעגיאָן וועלכער וועט קעמפען זייט ביי זייט מיט די פראַנצויזען געגען דייטשלאַנד.

„א טערקישע מיליטערישע קאָמיסיע איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן, זי איז באַגעגענט געוואָרען ביים וואָגזאַל פון א גרויסער ענגלישער דעלעגאַציע אָנגעפיהרט פון פעלדמאַרשאַל בוירדוואָוד״.

די לעצטע נייעס דערפרעהט אונז אלעמען און עס אנטוויקעלט זיך צווישען

אונז א דיסקוסיע. מיר ספעקולירען: וועלען ענגלאַנד און פראַנקרייך באַפאַלען דייטשלאַנד, אַדער וועלען זיי פאַרנאַרען די נאַצים צו דער מאַזשינא ליניע וואו די נאַצים וועלען, בלי שום ספק, קריגען א מפלה?

טייל האַלטען אז זיי וועלען אריינדרינגען קיין דייטשלאַנד און וועלען אפילו ניט דערלאָזען די נאַציס צו דער מאַזשינא ליניע, בעת אנדערע האלטען פאַרקערט: אז זיי וועלען זיי „פאַרנאַרען" צו דער מאַזשינא ליניע און ביי אַט דער כשוף־ליניע וועלען די דייטשען אזוי לאַנג קעמפען ביז די ארמיי זייערע וועט אויסגעשעפּט ווערען און דאַמאַלט? דאַמאַלט וועלען די אליאירטע אַרמייען זיך אוועקלאָזען אין א פרייען מאַרש קיין בערלין.

לויט זייער חשבון קומט אויס אז ווען ניט די מאַזשינא ליניע וואָלטען די נאַציס באַפאַלען פראַנקרייך פונקט ווי זיי זענען באַפאַלען פוילען; ווען ניט די מאַזשינא־ליניע וואָלטען די נאַציס באַהערשט די וועלט אין איין שמע ישראל!...

און ניט נאָר די ישיבה־בחורים האָבען זיך סומך געווען אויף דער מאַזשינא־ליניע, נאָר גאַנץ ווילנע האָט געהאַלטען אז פראַנקרייך וועט ראַטעווען די וועלט פון נאַציזם, פראַנקרייך מיט איר צויבער־ליניע וועט לייזען דאָס מלחמה־פּראָבלעם.

די מאַזשינא ליניע איז צו יענער צייט געווען שטאַרק פּאָפּולער אין ווילנע, כמעט אין אלע קינאָ־הייזער האָט מען געוויזען די וואונדער פון דער מאַזשינא־ליניע. די קינאָס זענען געווען געפּאַקט סיי פון היגע איינוואוינער, סיי פון פליכטלינגען וועלכע זענען געשטאַנען אין לאַנג־שורה׳דיגע רייען ארום די קינאָ־הייזער.

אין מאָמענטען פון טרויער און פאַרצווייפלונג פלעגען זיך פליכטלינגען אריינכאַפּען אין קינאָ און מיט פאַרכאַפּטען אָטעם באַטראַכטען דעם לייוועגט אויף וועלכען מ׳האָט דעמאָנסטרירט די וואונדער פון דער צויבער־ליניע... „זאת נחמתי בעניי!" האָט מיר א פליט געזאָגט קומענדיג פון קינאָ און האָט אויסגעלאָזט: „דער אויבערשטער שיקט די רפואה פאַר דער מכה... לעבען זאָל פראַנקרייך!... ווען ניט פראַנקרייך!..."

* * *

חדשים לאַנג האָט די מאַזשינא ליניע געשפּייזט מיט בטחון די פליכטלינגען. צוליב דער אילוזיע אליין וואָס די מאַזשינא ליניע האָט געגעבען די געפּלאָגטע אין ליטע האָט זי זיך פאַרדינט איהר זכות הקיום... זי האָט די פליכטלינגען פשוט דערהאַלטען ביים לעבען; די מאַזשינא ליניע האָט פאַרענטפערט אלע קשיות, זי האָט געלייזט אלע פּראָבלעמען, זי האָט אפילו פאַרטונקעלט די ראַדיאָ־נייעס.

אין איין שעהנעם טאָג האָט די ראַדיאָ געמאָלדען אז סאָוועט־רוסלאַנד איבט אויס א דרוק אויף ליטע אז זי זאָל ארויסטרייבען אלע פליכטלינגען וועמענס אַנוועזענהייט אין לאַנד זי באַטראַכט פאַר שעדליך פאַר די סאָוועטישע אינטערעסען. און קלאַנגען האָבען זיך געטראַגען אינדערלופטען אז א ספּעציעלע סאָוועטישע קאָמיסיע איז פאַר דעם צוועק אנגעקומען קיין קאָוונע.

דעם זעלבען טאָג האָט די סאָוועטישע ראַדיאָ געמאָלדען אז ליטווישע סאָלדאַטען האָבען ארעסטירט א סאָוועטישען סאָלדאַט וואָס האָט פּאַטרולירט ביים גרעניץ און האָבען איהם צו׳מזיק׳ט אַהן א פאַרוואָס, אַהן א פאַרוועס און אין מינר־

טען ארום האט די ליטווישע ראַדיאָ זיך אנטשולדיגט פאר דער סאָוועטען־רעגירונג און האט פאַרשפּראָכען אויסצופאַרשען דעם ענין און באשטראָפען די שולדיגע.

איןביידע מעלדונגען האבען מענשען געזעהן אן ערנסטען סכסוך צווישען די סאָוועטען און ליטע, א סכסוך וואס קאן פיהרען צו דער אָקופּאַציע פון ליטע מצד די סאָוועטען.

פליטים וואס האבען געהאט בדעה אויסצואוואַנדערען פון ליטע קיין ארץ ישראל אדער אַמעריקע זענען געווען באַזאָרגט, מחמת פון די סאָוועטען איז אוממעגליך אויסצוואַנדערען קיין אויסלאַנד.

די זעלבע פליטים האבען זיך אָבער בארוהיגט מיט׳ן בטחון אז ווען די נאַציס וועלען אריינכאַפּען „א פאַרציע״ ביי דער מאזשינא ליניע, וועט די רוסען אַפּנעהמען דער חשק צו קריכען קיין ליטע און דאַמאָלט וועט מען במילא פאַרשפּאַרען צו פאַהרען קיין אמעריקע אדער ארץ ישראל, מחמת ענגלאַנד און פראַנקרייך וועלען איינשטעלען א דעמאָקראַטישע ארדנונג אין פוילען. . .

בקיצור: די מאַזשינא ליניע האט פאַרענטפערט אלע קשיות און האט פאַרהיילט אלע וואונדען.

* * *

דער „דזשאָינט״ האט מעהר וועניגער באַזאָרגט די פליכטלינגען מיט א דאַך איבער׳ן קאָפּ, מיט הלבשה און מיט חיונה, אַלץ האט זיך סטאַביליזירט און די פליכטלינגען האבען אין ווילנע געפונען א מקום־מנוחה.

די חדשים זענען זיך געלאָפען. א סך פליכטלינגען האבען באקומען דורכ׳ן „דזשאָינט״ בריוו פון זייערע קרובים אין אויסלאַנד, פון דייטשען אָקופּירטע געביט, אויך איך האָב באקומען א בריוו פון מיינע עלטערען פון דוקלא. איך האָב זיך גע׳חדוש׳ט, ניט פאַרשטאַנען ווי אזוי מיינע עלטערען זענען צוריק מגולגל געווארען קיין דוקלאַ נאָכ׳ן גירוש.

די ראַדיאָ האט דערווייל געבראַכט א ידיעה אז די סאָוועטען פאַרלאַנגען פון ליטע נייע קאָנצעסיעס און אז דער ליטווישער אויסערן־מיניסטער איז אָפּגעפלויגען קיין מאָסקווע פאַרהאַנדלען מיט די סאָוועטען. . .

טאָג־איין, טאָג־אויס האט די ראַדיאָ געבראַכט אזוינע ידיעות פון וועלכע איך האָב געדרונגען אז סוף כל סוף וועלען די סאָוועטען מאַכען א סוף צו ליטעס זעלבסטשטענדיגקייט און איך האָב באשלאָסען אויסציאוואַנדערען פון ליטע אויף א לעגאַלען אדער אומלעגאַלען אופן.

בין איך אוועק צום גאון ר׳ חיים עוזר און האָב איהם געבעטען אז ער זאָל זיך משתדל זיין הן לטובת מיר, הן לטובת די בערך 50 תלמידים פון אונזער ישיבה: אז ער זאָל פאַר אונז אויסווירקען וויזעס קיין אמעריקע אָדער סערטיפיקאַטען קיין ארץ ישראל.

דער גאון האט מיך בארוהיגט און האט מיר געוויזען קאָפּיעס פון בריוו וואס ער האט געשריבען קיין ארץ ישראל און קיין אמעריקע. וועגען וויזעס און סערטיפיקאַטען.

פון דעם גאַון בין איך אוועק צו דער פּאָליציי און האָב אויסגעווירקט א דער־לויבניש צו פאָהרען קיין קאָוונע.

אין קאָוונע האָב איך זיך געזעהן מיט'ן פּוילישען קאָנסול און ער האָט מיך פאַרזיכערט אַז גאָר בקרוב וועלען די פּוילישע לעגיאָנען וואָס געפינען זיך אין פראַנקרייך אריין קיין דייטשלאַנד צוזאַמען מיט דער פראַנצויזישער אַרמיי, אַזוי אַז עס האָט ניט קיין זין צו עמיגרירען.

איך האָב זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע. פון ווילנע האָב איך זיך שריפטליך געווענדעט קיין ניו יאָרק צו הרב מרדכי בוימעהל און קיין קאָלומבוס אָהייאָ צו מיינעם א קרוב הרב מרדכי הירשפּרונג. איך האָב זיי געבעטען אַז זיי זאָלען מיך באַזאָרגען מיט א פּערמיט און אין וואָכען אַרום האָב איך פון זיי באַקומען א נעגאַטיווען ענטפער: אַז עס באַדאַרף נעהמען חדשים לאַנגע אויף צו קריגען א דער־לויבעניש פאַר א וויזע קיין אַמעריקע.

אין דעם איז קיין ווילנע אַראָפּגעקומען הרב שלום יצחק לעוויטאַן פון שוועק־שנאַ, (ליטע) וועלכער האָט מיט יאָהרען צוריק אָנגעהאַלטען א רבנות־שטעלע אין אָסלאָ, נאָרוועגיע.

הרב לעוויטאַן האָט מיר פאָרגעשלאָגען אַז איך זאָל זיך, אויף זיין רעקאָמענ־דאַציע, ווענדען צו דער דאָרטיגער קהילה „עדת ישראל" אַז זיי זאָלען מיך ארויס־פאָדערען אַלס רב.

איך האָב זיך גלייך געווענדעט אַהין און אין וואָכען אַרום האָב איך באַקומען א ענטפער אַז זיי האָבען דערלאַנגט אַן אַפּליקאַציע און זיי האָפען אַז אין טעג אַרום וועלען זיי מיר ארויסשיקען די נויטיגע פּאַפּירען.

די דאָזיגע ידיעה האָט מיך שטאַרק דערמוטיגט און איך האָב מיט גרויס אומגעדולד ארויסגעקוקט אויף די פּאַפּירען.

אַנשטאָט די פּאַפּירען איז אין טעג אַרום געקומען א ראַדיאָ־באַריכט וואָס האָט געלויטעט אַז היטלער האָט געוואָרענט נאָרוועגיע אַז זי שטעלט אין געפאַהר איהר צוקונפט דורכדעם וואָס זי ערלויבט אַז ענגלאַנד זאָל שיקען קריגס־מאַטעריי־אַלען צו פינלאַנד דורך איהר טעריטאָריע און אין געצעהלטע טעג אַרום איז געקו־מען א פרישע ידיעה: אַז דייטשלאַנד איז איבערגעפאַלען נאָרוועגיע.

פון מיין רייזע קיין נאָרוועגיע האָט זיך אויסגעלאָזט א בוידעם.

# די פליכטלינגען קוויקען זיך מיט חלשות

די ישיבה בחורים זיצען איבער די גמרא׳ס און לערנען. דער קאפ איז אבער נישט ביים לערנען, קוקען זיי מיט די אויגען אין דער גמרא און מיט די אויערען — צו דער ראדיא.

פון דער ראדיא הערט זיך דאס קול פון דעם נארוועגישען קעניג. מיר פארשטעהען נישט זיין לשון, אבער זיין קול קלינגט הארציג און בא׳טעמ׳ט און מיר הערען זיך צו מיט פארכאפטען אטעם צו די אומפארשטענדליכע רייד וואס קומען פון א קעניגס מויל, וועמענס לאנד איז אטאקירט געווארען פון א ווילדען שונא.

שפעטער ווערט דעם קעניגס רעדע איבערגעזעצט פון א קאמענטאטאר און מיר ווערען געוואויר אז דער נארוועגישער קעניג חדוש׳ט זיך אויף די נאצים, ער פארשטעהט נישט פארוואס די נאצים זיינען באפאלען זיין לאנד.

דער קעניג באקלאגט זיך אויף די נאצים אז זיי זיינען כפוי־טובה׳ניקעס, אז זיי זיינען משלם רעה תחת טובה: אז אין דער לעצטער וועלט מלחמה האט נארוועגיע אדאפטירט עטליכע טויזענט דייטשישע יתומים וועמענס עלטערן זיינען געפאלען אין שלאכט.

די יתומים וועלכע געפינען זיך נאך איצט אין לאנד — באקלאגט זיך דער קעניג — זיינען אויפגעכאוועט און דערצויגען געווארען אין נארוועגיע אויפ׳ן חשבון פון נארוועגישע בירגער וועלכע האבען זיי אדאפטירט.

,,די יתומים — דאס איז דער פינפטער קאלום וועלכער וועט פארלייכטערען די נאצים דאס דעראבערען פון נארוועגיע'' באמערקט איינער פון די ישיבה בחורים און די איבעריגע בחורים זיינען מיט איהם מסכים.

די ידיעות פון דעם נארוועגישען פראנט זיינען נישט קיין פריילאכע, די נאצים האלטען אפ נצחונות.

עס איז קרוב צו פסח. די ישיבה בחורים טרייסטען זיך אז דער יום טוב פסח, דער זמן חרותנו, איז מסוגל צו נצחונות איבער אידישע שונאים.

דער פסח איז שוין אריבער, כמעט גאנץ ווילנע דוכנ׳ט ביי דער ראדיא; אלע ערווארטען פון דער ראדיא די גליקליכע מעלדונג וועגען אן ענגליש־פראנצויזישער אינוואזיע אויף דייטשלאנד, אבער די ראדיא פראוועט לצנות און טוט אפ שפיצלאך: זי מעלדעט וועגען אן איבערפאל פון די נאצים אויף האלאנד און בעלגיע...

די דאזיגע ידיעה טרעפט אונז ווי א דינער אין מיטן העלען טאג. פאר גרויס שרעק און איבעראשונג פארמאכען אייניגע ישיבה בחורים די גמרות און לאזען זיך אוועק אין קינא אויפסניי באטראכטען די מאזשינא ליניע...

די מאזשינא ליניע ווירקט ווי א גוטער טאניק און פיל ישיבה בחורים און סתם פליכטלינגען נעהמען דרייען מיטן גראבען פינגער, אויסברייען אז דער איבערפאל אויף בעלגיע איז... אדרבא ואדרבא!... דער איבערפאל אויף בעלגיע איז א נייער באווייז אויף דער אויסגעהאלטענקייט פון דער השערה, אז די אליאירטע

סטראַטעגיע איז — צו דערנעענטערען די נאַצי אַרמייען צו דער מאַזשינאָ ליניע...

אין געציילטע טעג אַרום האָט די ראַדיאָ געמאָלדען אַז די בעלגישע אַרמיי האָט קאַפּיטולירט, אַז דער בעלגישער קעניג איז געפאַנגען געוואָרען, אַז די האָלענדישע קעניגין ווילהעלמינאַ איז אַנטלאָפען קיין אויסלאַנד און די דייטשע אַרמיי איז אַריין קיין פראַנקרייך.

שרעק, אומעט און פאַרצווייפלונג האָבען גענומען אַריינברייגען אומאָרדנינג אין די רייען פון די מאַזשינאָ־אָפּטימיסטען. די ראַדיאָ האָט בייגעטראָגען איהר חלק אויף צו פאַנאַנדערטראָגען די שרעק; זי האָט געמאָלדען וועגען אַ ריזיגער צאָל פראַנצויזישע גענעראַלען, אָפיצערען און אַרמייער וואָס זיינען אַריינגעפאַלען אין געפאַנגענשאַפט צו די נאַציס. די מאַזשינאָ־אָפּטימיסטען האָבען אָפּגעלאָזט הענט און פיס, אייניגע פון זיי האָבען אַפילו געזוכט זיך צו טרייסטען דערמיט, וואָס „די מאַזשינאָ ליניע וועט נאָך באַווייזען איהר כוח” אָבער די ראַדיאָ האָט זיך אַריינגעמישט מיט אַ נייער ידיעה: אַז דורך בעלגיע קאָן די נאַצי־אַרמיי אויסמיידען די מאַזשינאָ־ליניע.

די שרעק האָט זיך גענומען פאַנאַנדערטראָגען מיט אַ מורא׳דיגען אימפּעט, מיט יעדען פרישען ראַדיאָ באַריכט האָט זיך די שרעק פאַרגרעסערט, יעדער באַריכט האָט אַנגעיאָגט אַ פחד און אַ מורא. איין טרייסט איז געווען — אַז די סאָוועטען וועלן אויס מורא פאַר די צו גרויסע נאַצי־נצחונות, אָפּברעכן די באַציאונגען מיט די נאַציס, אָבער אויך די דאָזיגע טרייסט איז אויסגערונען: די ראַדיאָ, ימח שמה, האָט זיך אַריינגעמישט און האָט צונישט געמאַכט די השערה וועגען אַ סאָוועטישען קאָנפליקט מיט די נאַציס, זי האָט געמאָלדען אַז דער סאָוועטישער טענקער „סאַכאַלין” איז אָנגעקומען קיין קאָנסטאַנצאַ מיט אַ קאַרגאָ פון צעהן טויזענט טאָן ראַפּינירטע אויל פאַר די נאַציס און אין טעג אַרום האָט אַ צווייטער באַריכט געמאָלדען אַז פאַריז איז געפאַלען!

די מאַזשינאָ־ליניע — דער מקור פון אַלע גוטע האָפענונגען — האָט באַנקראָטירט!...

מיט׳ן פאַלען פון פאַריז איז ביי די פליכטלינגען אויסגעלאָשען געוואָרען יעדער פונק פון האָפענונג. פאַרביטערטע, אַנטוישטע, אָהן אויסזיכטען אויף אַן אויסוועג צו דער לאַגע, האָבען זיך די פליכטלינגען, באַהערשט פון אַ מורא׳דיגען יאוש, אַרומגעשאַרט איבער די ווילנער גאַסען.

פאַר גרויס צער און פאַרצווייפלונג זיינען אייניגע פליטים אַרונטער פון זינען און זיינען אָפּגעפירט געוואָרען אין שטאָטישען משוגעים אַנשטאַלט.

# די מורא פאַר דער אָקופּאַציע פון ליטע „פאַרשווינדט"

נאָכ'ן פאַלען פון פאַריז, האָט זיך די סאָוועטישע ראַדיאָ צולאָזט אין טאָג־טעגליכע אַטאַקעס אויף דער ליטווישער רעגירונג.

איין טאָג האָט זי פּראָטעסטירט קעגען דער פאַרשווינדונג פון אַ צאָל רויטע אַרמייער אין ליטע; אַ צווייטען טאָג — אויף געוויסע פיינטליכע שריט געגען די רויטע גאַרניזאָנען און אַזוי טאָג איין, טאָג אויס.

די סאָוועטישע אַטאַקעס אויפ'ן אַדרעס פון דער ליטווישער רעגירונג, האָבען נאָך מעהר פאַרשטאַרקט די מורא ביי די פליכטלינגען אַז די סאָוועטען וועלען אָקו־פּירען ליטע, אָבער די דאָזיגע מורא, די זאָרג פאַר דער אָקופּאַציע פון ליטע מצד די סאָוועטען איז, אין טעג אַרום, פאַרשוואונדען.

פּלאַקאַטען האָבען אָוועקגענומען די דאָזיגע זאָרג.

ריזיגע פּלאַקאַטען אויסגעקלעפּט אויף די ווענט פון ציי‏טונגס קיאָסקען און טעלעגראַף סלופּעס האָבען, אין אַ שעהנעם כאור הבקר, אנגעזאָגט די בירגער פון שטאָט אַ בשורה טובה: אַז דער ליטווישער פּרעזידענט סטעטאָנאַ, וועט דעם 15־טען יוני אָראָפּקומען קיין ווילנע מיט אַ באַזוך און די בירגער פון שטאָט ווערען אויפגעפאָדערט צו פאַרפּוצען און צו פאַרשענערען די גאַסען, די סקווע־רען און ראָגען און אויך דעם אויסערליכען אויסזעהן פון די הייזער.

אין שטאָט האָט זיך אָנגעהויבען צו רודערען מיט הכנות לכבוד דעם גרויסען גאַסט: מ'האָט געשייערט, געראַמט, געפאַרבט, געשמירט, געפּוצט, געקערט און געוואַשען די גאַסען און די הייזער, פאַריכט די טראָטואַרען וכדומה.

אַ פרישע ליטווישע אַרמיי האָט אַריינגעמאַרשירט אין שטאָט אַריין. נאַצי־אָנאַלע פענער האָבען אַראָפּגעפלאַטערט פון באַלקאָנען און פון דעכער פון רע־גירונגס אינסטיטוציעס, און מיליטערישע אָרקעסטרעס האָבען אויסגעשאַלט און אויסגעטרומייטערט גלאָריע לכבוד דעם פּרעזידענט'ס באַזוך.

אויך די פליכטלינגען זיינען מיטגעריסען געוואָרען מיט'ן אַלגעמיינעם גע־רודער; די אַלגעמיינע יום־טוב'דיגע שטימונג האָט אויך אויף זיי משפיע געווען און האָט אויפגעלעבט דאָס געפאַלענע געמיט זייערס.

אין דעם פּרעזידענט'ס באַזוך האָבן אַלע געזעהן אַ פרישן באַווייז אַז אַ סאָוועט־טישע אָקופּאַציע איז אַ מעשה שלא היה ולא נברא... לא דובים ולא יער!...

מיט אַ טאָג פריהער איידער דער פּרעזידענט האָט באַדאַרפט אָנקומען אין שטאָט אַריין — דאָס איז געווען אין אַ שבת אַרום דריי אזייגער ביי‏טאָג — האָט זיך די סאָוועטישע ראַדיאָ צעלאָזט אין אַ סעריע זידלערייען אויפ'ן חשבון פון ליטע: זי האָט באַשולדיגט די ליטווישע רעגירונג אין פאַרלעצען דעם אַפּמאַך

דורך שליסען אַ מיליטערישען אַליאַנץ מיט עסטאַניע און לאַטוויע געצילט קעגען דעם סאָוועטען פאַרבאַנד.

אין מינוטען אַרום האָט די סאָוועטישע ראַדיאָ געמאָלדען אַז די קאָוונער רעגירונג האָט נאָכגעגעבען די סאָוועטישע פאָדערונג פאַר דער רעזיגנאַציע פון דעם ליטווישען פרעמיער מעקסיס, און פאַר דער פאַרגרעסערונג פון דעם סאָ־וועטישען גאַרניזאָן.

שפּעטער האָט די זעלבע ראַדיאָ געמאָלדען אַז די רויטע ארמיי וועט האָבען די פאָלשטענדיגע פרייהייט פון באַוועגונג איבער גאַנץ ליטע.

מיט געציילטע מינוטען שפּעטער האָט די ליטווישע ראַדיאָ געמאָלדען אַז דער פרעמיער און דער קאַבינעט האָבען רעזיגנירט און פּרעזידענט סמעטאָנאַ האָט באַאויפטראָגט דעם גענעראל סטאַסיס צו פאַרמירען אַ נייע רעגירונג.

מיר זיינען שטאַרק איבעראַשט געוואָרען פון דער דאָזיגער נייעס און נאָך איידער מיר האָבען פאַספּייעט צו קומען צו זיך פון איבעראַשונג, האָט אונז די ראַדיאָ מכבד געווען מיט אַ נייער מעלדונג:

„אינערן מיניסטער גענעראַל סקוקאַס און דער קאָוונער פּאָליציי שעף פּאָ־וויליאַטיס וועלען, אויף דער פאָדערונג פון מאָסקווע, געמשפּט ווערען פאַר געוויסע פיינטליכע שריט געגען די רויטע גאַרניזאָנען״.

מיר זיינען צומישט געוואָרען פון די נייעס, קיינער האָט ניט געקאָנט תופס זיין דעם צוועק פון דעם פרעזידענט׳ס באַזוך און די יום־טוב׳דיגע שטימונג האָט זיך פון אונז אָפּגעטאָן.

איך מיט אַ פּאָר פון מיינע חברים האָבען פאַרלאָזען די ישיבה און מיר זיינען אַרויס אין גאַס. די הכנות לכבוד דעם פרעזידענט׳ס באַזוך האָבען אָנגעהאַלטען ווי פריהער, אָבער צווישען די פליכטלינגען האָט זיך געררודערט, ספּעציעל האָט זיך געקאָכט צווישען די פּליטים וואָס זיינען געקומען קיין ווילנע פון דער סאָוועטישער זייט מיט׳ן ציל אויסצעוואַנדערען.

די ראַדיאָ טוט זיך איהרס, זי ברענגט אַ שלל מיט נייעס:

„די נאַציס האָבען עטאַבלירט באַזעס אין האָלאַנד פאַר אַן אָנפאַל אויף ענגלאַנד״.

מיר ווערען פאַרציטערט פון דער דאָזיגער נייעס און איידער מיר קומען צו זיך פון איבעראַשונג, לאָזט אונז די ראַדיאָ וויסען אַז: „ריזיגע קאָלאָנעס פון רויטע אַרמייער מאַרשירען קיין עסטאַניע, קיין לעטלאַנד און קיין... ליטע!״

מיר ווערען געפּלעפּט פון דער דאָזיגער ידיעה, אָבער „אח לצרה יולד״: עס יאָוועט זיך אַרויס איינער אַ פּליכטלינג, אַ „פּאָליטישער עקספּערט״ און מאַכט צונישט אונזער מורא:

— בהמות! — רופט ער זיך אפּ — וואס האָט איהר אפּגעלאָזט הענט און פיס? כל רעה לטובה!... עס וועט נאָך פון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע אַרויסקומען אַ גרויסע טובה!

אַלע וועגדען זייערע בליקען צום „פּאָליטישען עקספּערט״ און דער „עקס־פּערט״ לערענט פּשט:

— די רויטע אַרמיי מאַרשירט קיין ליטע אויפ׳ן פּרעזידענט׳ס איינלאַדונג. ליטע בלייבט ליטע, נישט מעהר מיט אַ סאָוועטישער אַרמיי אין לאַנד איז ליטע געזיכערט פאַר אַן איבערפאַל מצד דייטשלאַנד.

„זאָלען נאָר אַנקומען וויזעס און מיר וועלען זיין ביכולת אויסצעוואַנדערען״. טרייסט אונז דער „עקספּערט״ און מיר אָטעמען לייכטער אָפּ.

# גאַנץ ווילנע קוקט אויס די אויגען אויפ'ן פּרעזידענט און דער פּרעזידענט איז ניטאָ

זונטאָג אינדערפריה, דעם 15־טען יוני.

די רויטע אַרמיי שטראָמט אין שטאָדט אַריין אויסגעשטאָט מיט אַלע מאָדערנע הכּסיסי מלחמה, מיט טאַנקען קליינע, גרעסערע און גאַר גרויסע, מיט געפּאַנצערטע אויטאָס, טראַקס און לייכטע שנעל באַוועגליכע מאָטאָרציקלעטען.

דער שטראָם איז אַן אומאויפהערליכער און די באַפעלקערונג פון שטאָדט נעמט אויף די רויטע אַרמיי אַהן דעמאָנסטראַציעס, מ'שמועסט אַז אַרום 12 אַזייגער וועט דער פּרעזידענט אַנקומען; די דעמאָנסטראַציעס מצד דער שטאָדטישער באַפעלקערונג זענען, הייסט עס, רעזערווירט פאַר'ן פּרעזידענט אויף וועמענס איינלאַדונג די רויטע אַרמייער זענען אַריינגעקומען.

צווישען דעם ריזיגען המון צושויער וואָס באַטראַכטען מיט שטוין די ריזיגע צאָהל סאָוועטישע טאַנקען וואָס ציהען זיך איבער די גאַסען פון שטאָדט, זעהט מען אויך בירגער וואָס זענען אויסגעפּוצט אין שוואַרצע פראַקען, מיט צילינדערס אויף די קעפּ, לאַקירטע שיך און ווייסע העמדער מיט שטייפע קעלנער וואָס שימע־רירען. דאָס זענען הפּנים די פּאַטריאָטישע פּני פון שטאָדט וואָס האָבען זיך ספּע־ציעל אויסגעפּוצט לכבוד דער געלעגענהייט און פון דעם אויסדרוק אויף זייערע פּנימער איז שווער צו דערגעהן אַ טאָלק צי זענען זיי צופרידען אָדער אומצופרידען מיט די סאָוועטישע געסט.

מיר שטעהען אַ גרופּע פּליכטלינגען און קהל'ן זיך, כאַפּט זיך איינער פון אונז אַרויס מיט אַ באַמערקונג:

— שיין וועט זיין, אַז דער פּרעזידענט וועט אַלעמען אַנפּייפען און פון זיין באַזוך וועט זיך אויסלאָזען אַ בוידעם! . . .

די אַרומיגע נעמען אויף גוטמוטיג דעם שפּאַס אויפ'ן פּרעזידענט'ס אַדרעס און מ'לאַכט.

— ניטאָ וואָס צו לאַכען! — רופט זיך אָפּ איינער פון עולם און ער ווייזט אַ בריוו וואָס ער האָט ערשט נעכטען באַקומען „פון דאָרטען". אין דעם בריוו שרייבט מען אַז „דער סטאַלינער רבי קאָן מעניש זיין אַ חסיד וואָס וויל פון איהם אָוועקפאָרען . . ."

דער עולם פאַרשטייט דעם רמז אַז סטאַלין קאָן באַשטראָפען אַזוינעם וואָס וויל פאַרלאָזען רוסלאַנד, אָבער אויך דערפון לאַכט מען זיך אויס, מחמת „ליטע בלייבט ליטע", די אָרדענונג אין לאַנד בלייבט נישט געענדערט, מיט דער בפירוש'ער הסכּמה פון רוסלאַנד, וועלכע האָט אַריינגעשיקט אַ ספּעציעלע אַרמיי אויף צו באַ־שיצען די אָרדענונג . . .

דער עולם איז אומגעדולדיג וואַרטענדיג, די מינוטען קוקען אויס ווי אייביג־

קייטען. די צייט ציהט זיך מורא׳דיג לאנגזאם, אַלע זענען געשפּאַנט וואַרטענדיג „אויף דער גרויסער שעה״ און ענדליך דערציהען מיר צו דער געגאַרטער שטונדע — 12.

דער עולם הערט זיך אויף צו שושקען, די גערעדערייען שטילען זיך איין און אַלע שטעלען אַן זייערע בליקען צו דער גאַס וואו דער פּרעזידענט וועט מסתמא אין מינוטען אַרום פאַרבייפאָרען.

דער מאַרש פון דער רויטער אַרמיי האַלט אַז. די צייט רוקט זיך פאַראויס, דער זייגער איז שוין קרוב צו איינס און דעם פּרעזידענט זעהט מען נאָך אַלץ ניט אַן פאַר די אויגען.

דער עולם ווערט אומגעדולדיג. מיר הויבען זיך ווידעראמאַהל אַן צו קהל׳ן:

איינער זאָגט: „ווילנע איז גרויס, דער פּרעזידענט איז איצט אויף איינער פון די ווילנער גאַסען און עס וועט נעמען צייט ביז ער וועט פאַרבייפאָרען אונזער גאַס״.

א צווייטער פרעגט צי די ברכה „ברוך שחלק מכבודו לבשר ודם״ איז חל אויך אויף אַ ליטווישען פּרעזידענט . . . אָדער בלויז אויף מלכים, און אַ דריטער ברענגט אַרויס די השערה אַ „קודם וועט די רויטע אַרמיי דורכמאַרשירען און ערשט נאָכ־דעם וועט זיך דער פּרעזידענט באַווייזען״.

דער זייגער האָט געשלאָגען צוויי און איך האָב באַשלאָסען אַהיימצוגעהן.

דורך דער ריזיגער מענשען מאַסע וואָס פאַרפלייצט די טראָטואַרען שלאָג איך זיך דורך אַ וועג אַהיים. וואָס ווייטער איך גיה אַלץ שיטערער און שיטערער ווערט דער עולם. דער עולם צוגעהט זיך, די ראַדיא האָט געבראַכט אַ באַריכט אַז דער פּרעזידענט איז נאָך נעכטען, דורך מעמעל, אַנטלאָפען קיין דייטשלאַנד. . .

# דער האָלענדישער קאָנסול שלאָגט פאַר וויזעס און די פליכטלינגען האָבען מורא צו נעהמען

דעם פּרעזידענט׳ס פּלוצימדיגער „ויברח״ האט געמאַכט אַ געוואַלדיגען רושם אין שטאָדט. די פליכטלינגען האָבען זיך אַרומגעזעהן אַז זייער גורל איז פאַרזי־געלט, אַז אויסוואַנדערען פון די סאָוועטען קיין אַמעריקע אָדער ארץ ישראל וועלען זיי ניט קאָנען.

דער מאַרש פון דעם סאָוועטישען מיליטער האט אָנגעהאַלטען דריי טעג מיט דריי נעכט כסדר. אויפ׳ן צווייטען טאָג פון זייער אַריינקומען איז שוין געוואָרען אַ בהלה אין שטאָדט: סוחרים האָבען אָנגעהויבען צו באַהאַלטען זייערע סחורות, דער ליטווישער ליט — כאָטש אָפיציעל אָנערקענט פון די נייע מאַכטהאָבער אַלס גוטגעהענדיגע וואַליוטע — האָט, פונדעסטוועגען, לחלוטין פאַרלוירען זיין ווערט.

פליכטלינגען וואָס האָבען אויסערן ליט קיין אַנדער וואַליוטע ניט פאַרמאָגט זענען איבערנאַכט געוואָרען מחוסרי לחם, ניט געהאַט אַפילו „על מזון סעודה אחת״ און קלאַנגען זענען אַרומגעגאַנגען אַז דער „דזשאַינט״ וועט זיך אויפלייזן אויף דער פאַראָרדנונג פון די „רויטע״.

די סאָוועטישע סאָלדאַטען האָבען זיך אַ לאָז געטאָן איבער די געשעפטען און האָבען איינגעהאַנדעלט אַלץ וואָס איז זיי געקומען צו דער האַנט, באַזונדערס האָ־בען זיי זיך צוגעכאַפּט צו זייגערס; פאַר זייגערס האָבען זיי געצאָהלט וואָס נאָר פאַר אַ פּרייז מ׳האָט פון זיי פאַרלאַנגט; מיט אַ „טשאַסיק״ האָבען זיי זיך אַרומ־געצאַצקעט ווי מיט אַ זעלטענעם אַנטיק וואָס קומט פון מרחקים, זיך געשפּיגעלט אין איהם, געהאַליובעט, אויסגעדריקט פרייד און באַוואונדערונג ווי צו אַ לעבעדיגען וועזען, אַ פריינד מיט וועלכען מ׳האָט — נאָך יאָהרען לאַנגע פון צושיידונג — זיך אומגעריכט באַגעגענט.

אויפ׳ן דריטען טאָג פון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע האָט מען שוין געזעהן אויף די גאַסען לאַנג־שורה׳דיגע געשלענגעלטע רייהען פון מענשען וואָס זענען גע־שטאַנען אין „אָטשערעד״ נאָך ברויט און אין שטאָדט האָט געהערשט אַ געדריקטע שטימונג: די סאָוועטען האָבען אָנגעהויבען מאַכען „פאַריאַדעק״, איינשטעלען אָרדנונג מיט׳ן גאַנצען חומר הדין, מיט רעקוויזיציעס, אַבלאַוועס, קאָנפיסקאַציעס וכדומה.

די ראַדיאָ האָט, ווי איהר שטייגער איז, געשאָטען זאַלץ אויף די וואונדען: זי האָט אונז אַלעמאָהל איבעראַשט מיט נייע נאַצי־נצחונות.

צו דער פאַרצווייפלונג פון די פליכטלינגען איז ניט געווען קיין שיעור און קיין ערך.

די ראַדיאָ האָט באַריכטעט אַז לאַטוויע און עסטאָניע האָבען בעסער אָפּגעשני־

טען ווי ליטע: אין לאטוויע און אין עסטאניע האבען די סאוועטען בלויז עטאב־לירט באזעס...

איז מיר איינגעפאלען א געדאנק אז איך זאל שווארצען דעם גרעניץ קיין לאט־וויע, פון לאטוויע קיין עסטאניע, פון עסטאניע קיין פינלאנד, פון פינלאנד קיין ענג־לאנד און פון דארטען — קיין אמעריקע אדער ארץ ישראל... אזא מין „ויסעו ויחנו" האט זיך געפלאנטערט אין מיינע צוחושטע געדאנקען...

האב איך א שמועס געטאן מיט די תלמידים פון דער ישיבה וועגען מיין פלאן, האבען זיי אויסגע׳בטל׳ט חלומות: איינער האט געזאגט: „קרייצען אזויפיל גרעניצען איז ניט קיין געדאנק!" האט איהם א צווייטער געענטפערט: „ס׳איז בפירוש יא א געדאנק, נאר — פון א משוגענעם!"... און א דריטער האט ארויס־געבראכט א סברא אז איך לייד פון א „גרעניץ קאמפלעקס" רחמנא לצלן, און א פערטער — א פארברענטער חסיד מיט אן אויסערגוויינליכער שנאה צו מתנגדים — האט פארגעשלאגען א מ׳זאל געהן צום גאון ר׳ חיים־עוזר נאך אן עצה און ווי אזוי דער גאון וועט הייסען, זאל מען טאן פונקט דעם היפוך — פארקערט!...

— פארוואס עפעס פארקערט? האבען אלע בחורים אויסגעשטעלט מויל און אויערען צום חסידישען יונגענמאן.

— ווייל וואס א מתנגד זאגט, באדארף מען טאן להיפוך! — האט דער חסיד געענטפערט מיט שנאה און פארביטערונג.

מיך האט אנגעכאפט א חשק צו ר׳ חיים־עוזר׳ן און איך בין ניט געווען קיין יחיד, א סך בחורים האבען באשלאסען צו געהן צום גאון, ניט אזוי נאך אן עצה ווי נאך אביסעל התחזקות. מיר האבען געפילט אז מיר ווערען באהערשט פון א מורא׳דיגען יאוש און מיר נויטיגען זיך אין ווערטער פון טרייסט און „התרוממות המוחין" און מיר האבען זיך אוועקגעלאזט צום גאון.

אויפ׳ן וועג צום גאון זענען אונז אנטקעגענגעקומען א גרופע פליכטלינגען, נאר וואס פון קאוונע געקומענע, זיי האבען דערציילט אז דער האלענדישער קאנסול איז וויליג צו געבען וויזעס קיין קוראסא, האלענדיש אינדיע, וכפי קיין האלענדיש אינדיע מוז מען דורכפארען דורך יאפאן, שלאגט פאר דער יאפאנישער קאנסול טראנזיט וויזעס קיין יאפאן און דערביי עצה׳ט ער אז מ׳זאל ווי אמגיכסטען ארויס־קריגען די וויזעס, ווייל דער קאנסולאט וועט זיך אינגיכען אויפלייזען.

מיר האבען אויסגעדריקט צווייפעל אין דעם אמת פון דער ידיעה.

— בעיני ראיתי! — האט איינער פון דער קאוונער גרופע אונז פארזיכערט בהן שלו, אז ער האט אליין געזעהן ווי דער יאפאנישער קאנסול האט אפגעשטעלט מענשען פון גאס און האט זיי פארגעשלאגען טראנזיט וויזעס פאר׳ן פרייז פון בלויז דריי ליטווישע ליט, און די איבעריקע האבען מעיד געווען אויפ׳ן אמת פון דער זאך.

דאס האט נאך מעהר פארשטארקט אונזער חשק זיך צו זעהן מיט׳ן גאון און מיר האבען זיך געלאזט אין וועג אריין.

* * *

איך האב דעם גאון ר׳ חיים עוזר ניט דערקאנט. ער האט זיך, אין געציילטע טעג, געעלטערט אויף יארען גאנצע. ער איז כמעט ווי איבערנאכט פון גרוי — ווייס

געוואָרען, דער לעבענס־פונק איז אויסגעלאָשען געוואָרען פון זיינע אויגען און זיין קול איז שטאַרק אַפּגעשוואַכט געוואָרען, ער איז געזעסען א פאַר׳מח׳טער אויף זיין שטוהל און האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגעלאָזט פון מויל.

איך האָב א שמועס געטאָן מיטן סעקרעטאַר, האָט ער מיר געזאָגט אז דער גאון האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצען דאָס אריינקומען פון די ״רויטע״, אז ער איז זיך שטאַרק מצער אויס זאָרג אז די נייע אריינדרינגער זאָלען חלילה ניט שליסען די ישיבות.

האָב איך געפרעגט דעם סעקרעטאַר צי עס איז כדאי אז מיר זאָלען מטריח זיין דעם גאון מיט פראַגעס אין אַ צייט ווען ער איז ניט בקו הבריאה, האָט דער סעקרעטאַר געענטפערט אז אדרבא, גראָד דערפאַר ווייל דער גאון איז אין מרה שחורה איז כדאי מיט איהם צו פאַרפירען א געשפּרעך וואָס זאָל איהם אביסעל צושטרייען.

מיר האָבען זיך מיט שטילע טריט צוגעשאַרט צום גאון. ער האָט זיך אויפגעהויבען פון דער שטול, האָט זיך גלייך צוריקגעזעצט און האָט אויך אונז געהייסען זיצען. מיר האָבען זיך אַוועקגעזעצט.

איך בין אַרויסגעטראָטען אלס דער ראש המדברים און האָב דערציילט דעם גאון מכח דער נייעס וועגען די וויזעס וואָס דער האָלענדישער קאָנסול שלאָגט פאַר.

דער גאון האָט געצויגען מיט די אַקסלען, האָט א זיפץ געטאָן און האָט זיך אַנגערופען:

— איך אליין וואָלט אויך א בעלן געווען צו נעמען א וויזע פונ׳ם כול יכול כאָטש אויף נאָך א פּאָר יאָר צו בלייבען אויף אָט דעם עולם...

איינצעלנע טרערען האָבען זיך אַראָפּגעלאָזט פון זיינע מידע אויגען איבערן בלייכען פנים.

א טויטע שטילקייט האָט געהערשט איבערן זאַל. אין יענעם מאָמענט האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם גאון ר׳ מאיר שאַפּיראַ׳ס פטירה און טרערען האָבען זיך מיר געשטעלט אין די אויגען, מיט אַלע כוחות האָב איך קאָנטראָלירט מיינע עמאָציעס וועלכע האָבען זיך געריסען צום אויסדרוק. איך האָב זיך געשטאַרקט מיט אַלע מיינע כוחות און האָב מבטיח געווען דעם גאון אז דער זכות התורה וועט אויף איהם מגין זיין און ער וועט נאָך איה״ש מאריך ימים ושנים זיין אויף וואָס אַלע האָבען געענטפערט ״אמן!״

דעם גאון׳ס פּנים האָט אויפגעלויכטען, עס האָט געשטראַלט מיט פאַרטראַכטער חכמה, מיט בינה און דעת דקדושה.

איך האָב איהם אויפסניי געפרעגט צי עס איז כדאי זיך צו באַזאָרגען מיט האָלענדישע וויזעס.

דער גאון האָט זיך פאַרטראַכט פאַר א ווײַלע און האָט זיך אָפּגערופען:

— ״שב, ואל תעשה עדיף! . . .״ איז דער פּשט: שב — זיץ, ואל תעשה עדיף — און מאַך זיך ניט בעסער!״ ער האָט געשוויגען א ווײַלע און האָט זיך ווידעראַמאָל אָפּגערופען: ״אויב עס איז באַשערט מן השמים צו עמיגרירען, וועט מען אויך פון ווילנע קאָנען פאָרען״ און ער האָט אויסגעדריקט דעם גלויבען אז ער וועט נאָך איה״ש באַקומען פאַר אונז וויזעס קיין ארץ ישראל אדער אַמעריקע, און

ווען די וויזעס וועלען זיין אויף דער האַנט, וועלען די סאָוועטען געוויס דערלויבען אַרויסצופאָרען.

נאָכדעם האָט ער פאַר אונז געזאָגט אַ „דבר בשם אמרו'':

„. . . ר' חיים בריסקער זצ''ל האָט געזאָגט: די חז''ל זאָגען אין מסכת ראש השנה: „עשר גליות גלתה שכינה'', זענען די עשר גליות אויך חל אויף דער תורה וועלכע איז בבחינת שכינה און מ'קאָן זאָגען „עשר גליות גלתה תורה'' און דער לעצטער גלות פון דער תורה וועט זיין גלות־אמעריקא, וכפי די חז''ל זאָגען אַז ביים צענטען גלות פון „גלתה שכינה'' איז „משם עתידה ליגאל'', גייט דער „משם'' אויף אמעריקא.

„משם'' — פון אמעריקא, וואָס איז דער לעצטער גלות „עתידה ליגאל'' — וועט די תורה אויסגעלייזט ווערען און מיט איר וועט אויך דער כלל ישראל, די תומכי אוריתא, אויסגעלייזט ווערען''.

מיר האָבען זיך געזעגענט מיטן גאון און האָבען פאַרלאָזט זיין הויז.

* * *

ווי נאָר מיר זענען אַרויס פון יענער זייט טיר, האָבען מיר זיך אנגעהויבען ישוב'ן וועגען די וויזעס. דער חסידישער יונגערמאַן מיט זיין כאַראַקטעריסטישער שנאה צו מתנגדישע גדולים האָט געביטערט: — „גראָד דערפאַר וואָס דער גאון איז קעגען די וויזעס — גראָד דערפאַר באַדאַרף מען יאָ נעמען די וויזעס . . .''

פאַרשטענדליך אַז מיר האָבען מיט איהם ניט איינגעשטימט און מיר האָבען זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער שטאָט אויסצוגעפינען מעהר איינצעלהייטען וועגען דעם ממשות'דיגען ווערט פון אַזוינע וויזעס. די מעהרסטע פליכטלינגען האָבען זיך באַצויגען מיט צווייפעל צום ווערט פון אַזעלכע וויזעס, זיי באַטראַכט פאַר „לצנות'', פאַר „אשר יצר פאפיר'', בעת אַנדערע האָבען געהאַלטען אַז „ווער ווייסט ? אפשר איז כדאי זיך צו באַזאָרגען מיט אַזעלכע וויזעס?''

מיר זענען אַוועק זיך שואל עצה זיין מיט אייניגע ראשי ישיבות. האָבען זיי אונז געזאָגט אַז די ווילנער מנהיגי העיר זענען געגען דעם אַז מ'זאָל נעמען טראַנזיט־וויזעס צו אַ מלוכה וואָס איז ניט אין קיין צו פריינטליכע באַציאונגען מיט די סאָוועטען, מחמת דערמיט קאָן מען נאָך אויף זיך אַרויסרופען דעם צאָרן פון די „רויטע'' . . .

דער חסידישער יונגערמאַן האָט זיך אויפסנייִ גענומען קאָכען אַז די געגנער־שאַפט פון די מתנגדים צו די טראַנזיט־וויזעס איז אַ „רמז מן השמים'' אַז מען דאַרף כאַפּען די וויזעס מיטביידע הענט . . .

מיר האָבען אָפּגעהאַלטען אַן אסיפה אין ישיבה און עס איז בהסכם כלם באַשלאָסען געוואָרען אַז הגם די וויזעס שטעהען אונטער אַ פראַגע צייכען איז, פונדעסטוועגען, כדאי ליתר בטחון, זיך צו באַזאָרגען מיט וויזעס.

אַ סך פון אונזערע תלמידים האָבען קיין פוילישע פּעסער ניט געהאַט. האָבען מיר דעלעגירט הרב ר' משה ראָטענבערג קיין קאָוונע אַז ער זאָל אַויסווירקען פּעסער ביים פוילישען קאָנסול, וכפי דאָס האָט באַדאַרפט קאָסטען געלט און קיין געלט האָבען מיר אין ווילנע, צוליב דער געגנערשאַפט פון די שטאָטישע פני, ניט

געקאַנט זאַמלען פאַר אַזאַ צוועק, בין איך אויך אָפּגעפּאַרען קיין קאָוונע מיט דער דעה דאָרטען צו מאַכען אַן אַפּיל פאַר „פדיון שבויים״.

די קאָוונער אידען האָבען זיך וואַרים אָפּגערופען. מיר האָבען געשאַפען די נויטיגע סומע געלט און האָבען זיך באַזאָרגט מיט פּעסער.

מיט די פּעסער אין די הענט זענען מיר אַוועק צום האָלענדישען קאָנסול און מיר האָבען, אָהן שוועריגקייטען, אַרויסגעקראַגען וויזעס פאַר אַלע תלמידים פון אונזער ישיבה.

פון דעם האָלענדישען קאָנסולאַט זענען מיר אַוועק צום יאַפּאַנישען קאָנסולאַט.

פאַר דער געביידע פון קאָנסולאַט זענען פליכטלינגען, אין די שווערע הונדערטער, געשטאַנען אין געפּאַקטע רייען. מיר האָבען זיך אָנגעשלאָסען אין דער ריזיגער מענשען־מאַסע וועלכע האָט זיך מיט יעדער מינוט, געהאַלטען אין איין פאַרגרעסערען.

באַאַמטע פון יאַפּאַנישען קאָנסולאַט האָבען פון פאַרשידענע ריכטונגען, אָנגעצילט פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטען אויף דעם ריזיגען המון.

די פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטען האָבען אָנגעפילט די פליכטלינגען מיט שרעק און זאָרג און איינע די אַנדערע האָבען זיי זיך געשטעלט די פראַגע: צו וואָס די פאָטאָגראַפיעס? און זיי האָבען גלייך געפונען דעם ענטפער אויף דער פראַגע: צוליב גרויל פּראָפּאַגאַנדע! בכדי צו אילוסטרירען אין דער יאַפּאַנישער פּרעסע ווי אַזוי נאַצי קרבנות וואָס האָבען זיך געראַטעוועט צו די סאָוועטען, זענען אַנטוישט אין דעם סאָוועטען־רעזשים און שלאָגען אָפּ די טירען פון אויסלענדישע קאָנסולאַטען פאַר אויסוואַנדערונג־וויזעס.

די פליכטלינגען זענען באַהערשט געוואָרען פון אַ פרישער מורא — די מורא אַז די סאָוועטען זאָלען זיי חלילה ניט באַשטראָפען מיט סיביר פאַר לאָזען זיך אויסנוצען פאַר אַנטי־סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע.

* * *

איך האָב זיך אָנגעהויבען ישוב׳ן צו זאָל איך נעמען אַ וויזע בלויז פאַר מיר, אָדער איך זאָל אויך אַרויסנעמען וויזעס פאַר די איבעריגע ישיבה בחורים פאַר וועלכע הרב ראַטענבערג האָט אויסגעווירקט פּעסער ביים פּוילישען קאָנסול.

דערווייל בין איך, שטעהענדיג אין דער ריי, געוואויר געוואָרען חדשות:

1) אַז פון ווילנע האַלטען אין איין אָנקומען קיין קאָוונע פליכטלינגען נאָך וויזעס און זיי שרעקען זיך כלל ניט אָפּ פאַר דער געפאַר באַשטראָפט צו ווערען מיט סיביר.

2) אַז אַסך ישיבה־בחורים פון דער פּראָווינץ קערען זיך אום קיין ווילנע.

3) אַז דער ועד הישיבות האָט אָפּגעשטעלט די סובסידיע פאַר אונזער ישיבה, אויס מאַנגעל אין געלט.

4) אַז דעם גאון ר׳ חיים עוזר׳ס טעג זענען געציילטע און דער „דזשאָינט״ האָט זיך אָפיציעל געשלאָסען.

די דאָזיגע נייעס האָבען מיר קלאָר געמאַכט פאַרוואָס די פליכטלינגען שטראָמען קיין קאָוונע נאָך וויזעס און איך האָב אַרויסגענומען טראַנזיט־וויזעס פאַר אַלע תלמידים פון אונזער ישיבה.

# סאָוועטישע רעגירונג עפּענט אין ווילנע און קאָוונע קאָמיסאַריאַטען פאַר אויסוואַנדערונג

ווען איך בין צוריקגעקומען קיין ווילנע מיט די וויזעס אין די הענט, האָב איך געטראָפען די שטאָט איינגעהילט אין טרויער. דער גאון ר׳ חיים עוזר איז נפטר געוואָרען. אידען פון דער פּראָווינץ, שיעור ניט פון גאַנץ ליטע, זענען זיך אָנגעלאָפען קיין ווילנע צו דער לויה פון דעם גרויסען נפטר, דעם פאר הדור, און די אידישע געשעפטען זענען געווען געשלאָסען.

נאָך ר׳ חיים עוזר׳ן האָט געטרויערט ניט בלויז דאָס אָרטאָדאָקסישע אידענטום, נאָר אפילו די אזוי גערופענע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ און סתם אידען פון אַ גאַנץ יאָהר. א סך טרויער דעפּעשען זיינען אָנגעקומען פון אויסלאַנד. ער איז נפטר געוואָרען אין דעם טרויעריגען חודש אב, דער חודש אין וועלכען אידען טרויערן אויפ׳ן חורבן בית המקדש.

זיין טויט האָט זיך שווער אָפּגערופען אויף די איבער 1000 ישיבה בחורים וואָס האָבען זיך דאַמאָלט געפינען אין ווילנע, זיי האָבען פאַרלוירען אַן אוצר, אַ גייסטיגען מדריך, א גרויסען בעל רחמים וועלכער האָט געזאָרגט ניט נאָר פאַר זייער גייסטיגען וואוילזיין, נאָר אויך פאַר דעם מאַטעריעלען.

די איבער 1000 ישיבה בחורים האָבען זיך דערשפּירט ווי יתומים, און זיי האָבען זיך אוועקגעזעצט לערנען משניות בצבור נאָך דער גרויסער אבידה שאינה חוזרת.

דער גאון איז נפטר געוואָרען ערב שבת און די לויה איז, מפּני כבוד המת, אָפּגעלעגט געוואָרען אויף זונטאָג.

צעהן מספידים האָבען איהם מספּיד געווען, איבער 1000 ישיבה בחורים האָבען נאָך איהם געלערענט משניות און איבער צעהן טויזענט מענשען האָבען איהם באַגלייט צו זיין אייביגער רוה.

די סאָוועטישע צייטונג „דער ווילנער עמעס״ האָט קאָמענטירט וועגען דער לויה נישט באַרירענדיג דעם כבוד פון דעם נפטר . . . אין דערזעלבער צייטונג איז, אין פאַרבינדונג מיט דער סאָוועטישער אָקופּאַציע פון בעסאַראַביע, געמאַכט געוואָרען אַן אַטאַקע אויף הרב צירעלסאָן. דער שרייבער האָט געשילדערט דעם רב צירעלסאָן ווי א „פּאַרדאַמטען קלעריקאַל, א שוואַרץ־מאה׳ניק וועלכער האָט געטריי געדינט די אינטערעסען פון דער צאַרישער אָכראַנקע״.

אויך האָט דער שרייבער אַטאַקירט דעם קוידענאַווער רבין וועלכער האָט „געלעבט אויפ׳ן חשבון פון די אָרימע, פאַרפירטע פאָלקס מאַסען, די רעליגיעזע פאַנאַטישע פינסטערלינגען״ און ער האָט דערציילט א מעשה נורא: אַז דער רבי האָט געטראָגען גאָלדענע שטעקשיך . . .

קיין ווילנע זענען אויך אָנגעקומען דער מאָסקווער „עמעס״, דער כאַרקאָ־

ווער „שטערן“, די „איזוועסטיא“, די „פּראוודא“ און „קאָמסאָמאָלסקאַיאַ פּראוודא“.

אין קיין איינער פון די דאָזיגע צייטונגען איז קיין וואָרט ניט דערמאָנט געוואָרן וועגען די רציחות וואָס די נאַציס באַגייען קעגען אידען. הרב ראַטענבערג האָט מיר דערציילט אַז אַ מאָסקווער איד וועלכער האָט געאַרבעט אין ווילנער „אינטוריסט“ האָט איהם געפרעגט צי עס איז טאַקע אמת אַז די היטלעריסטען באַגעהן גרוילטאַטען קעגען אידען.

די סאָוועטישע צייטונגען האָבען געשריבען וועגען אַ קולטורעלער דערנעהענטערונג צווישען די פעלקער וואָס באַוואוינען דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און די פעלקער וואָס ווערען באַהערשט פון דריטען רייך.

די צייטונגען האָבען פיל געשריבען וועגען די פליכטלינגען וועלכע זיינען באַגייסטערט פאַר דער גאַסטפריינטליכקייט וואָס די סאָוועטען האָבען זיי אַרויסגעוויזען, דערביי האָבען זיי געראַטען די פליכטלינגען אַז זיי זאָלען אָננעמען סאָוועטישע בירגערשאַפט און פאַרזיכערט אַז די סאָוועטען וועלען אַלעמען באַזאָרגען מיט אַרבעט.

די סאָוועטישע ראַדיאָ האָט דערציילט אַז איבער 600,000 בירגער פון דעם סאָוועטיש־אָקופּירטען טייל פּוילען האָבען זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען סאָוועטישע בירגערשאַפט, זיי האָבען זיך דערקלעהרט אַלס „פּאָליטישע פליכטלינגען“ און האָבען אַפּעלירט פאַר אַזיל רעכט און די סאָוועטען האָבען זיי אין ספּעציעלע וואַגאָנען אָפּגעשיקט קיין סיביר . . .

די דאָזיגע ידיעה האָט נאָך מעהר צורודערט די מחות פון די געפּלאָגטע וואַנדערער. די אָרימע פּליטים זענען באַהערשט געוואָרען פון אַ נייער מורא: אַז די יאַפּאַנישע וויזעס וועלען זיי גאָר דערפירען קיין סיביר אַנשטאָט יאַפּאַן . . .

שרעק האָט גרויסע אויגען: דער גאון איז נפטר געוואָרען, דער דזשאָינט האָט זיך געשלאָסען, די קאַסע פון ועד הישיבות איז אויסגעליידיגט געוואָרען, די ישיבה בחורים האָבען געשפּירט אַז זיי ווערען באַטראַכט פון די נייע מאַכטהאָבער ווי אַ ניט געוואונשטער („ווערעדני“) עלעמענט. די ווילנער „פּני“ האָבען געקוקט קרום אויף די פליכטלינגען וואָס האָבען אַזוי אָפען דעמאָנסטרירט זייער חשק צו פאַרלאָזען די סאָוועטען און אויסוואַנדערען באַדאַי צו אַ מלוכה וואָס וועט אפשר גאָר בקרוב דערקלעהרען מלחמה צום סאָוועטען פאַרבאַנד — האָבען זיך די פּליטים, מידע און צובראָכענע, עלענדע כצאן נדח ואין מקבץ, געפּייניגטע פון אומבאַשטימטקייט, אַרומגעשאַרט איבער די ווילנער גאַסען ניט וויסענדיג וואָס צו טאָן מיט זיך, וואוהין זיך אהינצוטאָן.

אין איין שיינעם אלול טאָג האָבען די צייטונגען געמאָלדען אַז אויף ווילענסקאַ גאַס אין ווילנאַ האָט זיך געעפענט אַ ספּעציעלער אויסוואַנדערונגס קאָמיסאַריאַט וואוהין די אַלע וואָס ווילען פאַרלאָזען די סאָוועטען קאָנען זיך ווענדען נאָך אַרויספאַר־וויזעס.

איך האָב זיך מיט קיינעם ניט שואל עצה געווען, ניט לאַנג געטראַכט און האָב זיך מיט לאַנגזאַמע אומזיכערע טריט אָוועקגעלאָזט צום קאָמיסאַריאַט. אויף מיין וועג צום קאָמיסאַריאַט האָב איך אָנגעטראָפען אויף פליכטלינגען מיט צו־

שראַקענע פנים׳ער וועלכע האָבען אויסגעדריקט דעם חשד אַז דער אויסוואַנדע־רונגס קאָמיסאַריאַט איז אַ פאַסטקע . . . אַ פאַסטקע אויף צו פאַרנאַרען די אומ־גליקליכע קיין סיביר „צו די ווייסע בערען אין מדבר אַריין״.

איך בין פאַרבייגעגאַנגען די פליכטלינגען, ניט אַריינגעלאָזט זיך מיט קיינעם פון זיי אין קיין געשפּרעכען און האָב געטראַכט: יאָ גייען אין קאָמיסאַריאַט ? ניט גייען ? און עס איז מיר געקומען אויפ׳ן געדאַנק אַ מאמר:

„כל הדרכים שאדם הולך בהן, הכל מהשם יתברך, והן רצון ד׳, אבל אין לך אדם שיבין את דרכו אלא מי שהוא עניו״.

איך האָב גענומען אַריינטראַכטען זיך אין דעם טיפערען זין פון דעם דאָזי־גען מאמר, אָבער פרישע געזעמלען פליכטלינגען זענען מיר אַנטקעגענגעקומען און האָבען מיך ניט געלאָזט ממשיך זיין די געדאַנקען.

בכדי ניט געשטערט צו ווערען פון די אַלץ פרישע גרופּעס פליכטלינגען וואָס האָבען מיר געהאַלטען אין איין אַנטקעגענקומען, האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אין נאָהענטסטען בית המדרש.

אין בית המדרש האָב איך געטראָפען עטליכע ישיבה־בחורים וועלכע זענען געזעסען איבער גמרות און האָבען שטיל אין זיך געלערענט ביחידות. איך האָב זיך אוועקגעזעצט ביי אַ סטענדער און האָב גענומען „אַנאַליזירען״ דעם מאמר: „אין לך אדם שיבין את דרכו אלא מי שהוא עניו״; נאָר דורך עניוות קאָן מען משיג זיין דעם מענשענס דרכים וועלכע זענען באַשטימט פון כביכול אַליין. און איך האָב געטראַכט: צי דען זענען מיר פליכטלינגען ניט גענוג שפל ביי זיך? ווער פון אונז פליטים איז ניט בתכלית השפלות והענוה ?

מיין פאַרוואַלקענט געמיט האָט זיך גענומען אויסלייטערען און די „מדבר״ סיביר האָט מיך מעהר ניט אָפּגעשראָקען. ווילנע — האָב איך געטראַכט — איז פאַר די פליכטלינגען פונקט אַזאַ מדבר ווי סיביר און איך האָב זיך גענומען מיט טרערען אין די אויגען מתבודד זיין פאַר השי״ת.

— רבש״ע ! — האָב איך מתפלל געווען — הורינו את הדרך אשר נלך בה ואת המעשה אשר נעשה, וכשם שהיית עם ישראל במדבר, אַט פונקט ווי דו ביזט געווען מיט די אידען אין דער מדבר און אַלע זייערע נסיעות זענען געווען על פיך ברצונך, ווי עס שטייט געשריבען: „על פי ד׳ יחנו ועל פי ד׳ יסעו״ — אַט פונקט אַזוי זאָלסטו זיך, פאָטער אין הימעל, מרחם זיין אויף אונז פליטים און זאָלסט באַשטימען אונזער יעדען שריט און טריט לחיים ולשלום.

און עס האָבען מיר גענומען אַנטקעגענקומען פסוקים אין שייכות צו „דרך״:

אתה ידעת נתיבתי, באורח זו אהלך טמנו פח לי.
הורני ד׳ דרכיך ונחני באורח מישור.
טוב וישר ד׳, על כן יורה חטאים בדרך.
ידרך ענוים במשפט וילמד ענוים דרכו.
כל ארחות ד׳ חסד ואמת וכדומה . . .

מיט זיכערע טריט בין איך פון בית המדרש אוועק אין קאָמיסאַריאַט אַריין און האָב אויסגעפילט אַן אַנקעטע פאַר אַן אַרויספאַר וויזע.

אין קאָמיסאַריאַט האָב איך אויסגעפונען דעם פרייז פון דער וויזא: 155

אַמעריקאַנער דאָלאַר און קיין אַנדער וואַליוטע אויסער אַמעריקאַנער דאָלארען אַנערקענט ניט דער קאָמיסאַריאַט . . .

איך האָב זיך געווענדעט צום הויפּט פּאַרוואַלטער פון קאָמיסאַריאַט (אַ איד) מיט דער דעליקאַטער פראַגע: וואו קריגט מען אַמעריקאַנער דאָלאַרען?

דער פּאַרוואַלטער האָט אַ שמייכעל געטאָן און האָט געענטפערט:

— אַמעריקאַנער דאָלאַרען קריגט מען אויף רודניצקע גאַס, אויף דער שוואַרצער בירזשע . . . איבעריגענס גייט אונז ניט אָן וואו און אויף וועלכען אופן איר באַקומט די דאָלאַרען . . .

אַזאַ סומע געלט האָט קיינער פון די פליכטלינגען ניט פאַרמאָגט, האָבען פילע פון זיי טעלעגראַפירט צו קרובים קיין אַמעריקע. אויך איך האָב טעלעגראַפירט צו הרב מרדכי בוימהעל קיין ניו יאָרק און צו מיינעם אַ קרוב, הרב מרדכי הירשפרונג פון קאָלומבוס, אָהייאָ, אָבער אויף מיין מזל האָבען זיי טעלעגראַפירט דאָס געלט צום אינטוריסט קיין מאָסקווע אַנשטאָט ווילנע און איך בין אַזוי אַרום געבליבען אָהן געלט אויף הוצאות.

צווישען די תלמידים פון אונזער ישיבה איז געוואָרען אַ בהלה: ישיבה בחורים מיט טראַנזיט־וויזעס אין די הענט זענען צוגעשטאַנען צו מיר, צו הרב הערשבערג און צו הרב ראָטענבערג אַז מיר זאָלען זיך אַרויסלאָזען אויף דער פּראָווינץ מיט אַן אַקציע פאַר הצלת נפשות און כך הוה: מיר האָבען זיך זאַלבעדריט אַרויסגעלאָזט איבער דער פּראָווינץ. צוערשט זיינען מיר אַוועק קיין שקודוויל, אַ שטעטעל ניט ווייט פון קאָוונע, וואו מיר האָבען געשאַפען אַ באַדייטענדע סומע געלט. וועגען דעם זעהר פרומען שטעטעל שקודוויל איז כדאי זיך עטוואָס לענגער אָפּצושטעלען:

כמעט די גאַנצע שקודווילער יוגענט האָט זיך איינגעשריבען אין „קאָמסאָמאָל", אַפילו דער גבאי פון שוהל, אַ יונגערמאַן וועלכער האָט אונז אַרויסגעהאָלפען אין דער אַקציע, האָט זיך אויך איינגעשריבען פאַר אַ מיטגליד פון „קאָמסאָמאָל".

און אַ מעשה שהיה וואָס איז זיך פאַרלאָפען אין שקודוויל איז כדאי צו פאַרצייכענען:

צו דער שקודווילער פּאָליציי האָט מען אונטערגעטראָגען אַ מסירה'לע אַז אידען האַלטען אָפּ אַן אומלעגאַלע אסיפה אויפ'ן בית הקברות. די פּאָליציי האָט אינסטרואירט 2 מיליציאַנערען זיי זאָלען אַרויפגעהן אויפ'ן בית הקברות „ליקווידירען" דעם מיטינג.

ווען די מיליציאַנערען — איינער אַ ליטווישער און דער צווייטער אַ אידישער — ביידע באַגלויבטע קאָמסאָמאָלען, זיינען צוגעקומען צום בית עולם, האָט דער אידישער מיליציאַנער פאָרגעשלאָגען זיין ליטווישען קאָלעגע אַז ער זאָל אַליין אַרויפגעהן אויפ'ן בית החיים, ווייל אַיין מיליציאַנער איז גענוג אַז די פאַרזאַמעלטע זאָלען זיך צולויפען.

— אויב איינער איז גענוג — האָט דער ליטווישער מיליציאַנער געענטפערט — טאָ געה, זיי מוחל, דו אַרויף אויפן בית־הקברות.

— איך קאָן ניט ארויפגעהן — האָט דער אידישער מיליציאָנער זיך געבעטען — מחמת איך בין א כהן.

— און איך טאָר ניט ארויפגעהן אויפ'ן אידישען בית עולם — האָט דער ליט־ווישער מיליציאָנער גע'טענה'ט — מחמת איך בין ניט פון אידישען גלויבען.

בקיצור, קיינער פון זיי האָט ניט באטראָטען די ערד פון בית הקברות און די אסיפה איז בשלום אָפגעהאלטען געוואָרען.

איך ווייס ניט ווי אזוי די מעשה איז דערגאנגען צום פאָליציי קאָמיסאַריאַט. נאָר דער פאַקט איז, אַז מ'האָט ביידע מיליציאַנטען אַרעסטירט און גאַנץ שקוד־וויל האָט געקאָכט מיט דער מעשה.

פון שקודוויל האָבען מיר זיך אוועקגעלאָזט אין אנדערע מקומות. מיר האָבען פאָר א משך פון עטליכע וואָכען באַרייזט שיעור ניט גאַנץ ליטע און אומעטום האָט מען אונז אַרויסגעוויזען מיטגעפיהל און פאַרשטענדעניש און הגם די עקאָנאָמישע לאַגע איז דעמאָלט געווען א געדריקטע, האָבען מיר פונדעסטוועגען געשאַפען היבשע סומען געלט.

איך אליין האָב זיך אפילו אריינגעכאַפּט קיין לעטלאַנד וואו הרב זאַק און זיין איידעם הרב קיסיליעוו האָבען מיר זעהר ענערגיש ארויסגעהאָלפען אין שאפ־פאַנדען לטובת די תלמידים פון אונזער ישיבה.

זעהר פיעל ארויסגעהאָלפען האָט מיר אין לעטלאַנד ר' מרדכי דובין, א איד א למדן מופלג, א ליובאַוויטשער חסיד און געוועזענער סענאַטאָר פון לעטלאַנד וועלכער האָט זיך קונה שם געווען דערמיט וואָס ער האָט, צוליב זיין איינפלוס אין רעגירונגס קרייזען, געראַטעוועט טויזענטער אידען פון די נאַציס ובתוכם דעם ליובאַוויטשער רבי'ן, שליט"א.

דורך זיין השפעה האָב איך אין לעטלאַנד געשאַפען א ריזיגע סומע געלט.

פון לעטלאַנד בין איך געפאָרען קיין קאָוונע. אין קאָוונע האָב איך זיך געווענ־דעט נאָך הילף צו הרב ר' דוב שאַפּיראָ וועלכער האָט מיט דער מיטהילף פון זיין זוהן פריוואַט־דאָצענט, דאָקטאָר חיים נחמן שאַפּיראָ פאָר מיר געשאַפען די קאָמ־פּליטע סומע געלט וואָס האָט מיר אויסגעפעלט אויף צו באַזאָרגען מיט ארויס־פאַר־וויזעס די תלמידים פון אונזער ישיבה.

א באַרוישטער פון דער וואַרימקייט וואָס אחינו בני ישראל האָבען מיר או־מעטום ארויסגעוויזען האָב איך זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע און בין גלייך פון וואָקזאַל אוועק צום קאָמיסאַריאַט אויף ווילענסקאָ גאַס וואו איך האָב געטראָפען א סך פליטים וועלכע האָבען געהאַלטען אין באַקומען זייערע וויזעס.

איך האָב אָפּגעוואַרט מיין ריי, האָב איינגעצאָלט די געפאָדערטע סומע — 155 אַמעריקאַנער דאָלאַרען און האָב בשעה טובה ומוצלחת, באַקומען מיין ארויס־פאַר וויזע.

צו מיין שמחה איז ניט געווען קיין שיעור, קיין ערד און קיין ברעג.

* * *

צוויי וואָכען פאַר פורים האָבען מיר זיך אויפגעזעצט אויף דער אינטוריסט־

באַן וועלכע האָט אונז געפירט פון ווילנע קיין מאָסקווע וואו מיר האָבען פאַר־בראַכט בלויז איין טאָג.

אין מאָסקווע האָב איך געהאַט די געלעגענהייט צו באַטראַכטען די וואונ־דערליך שיינע מאָסקווער מעטרא (סאָבוויי).

קיין פערד האָב איך אין מאָסקווע ניט געזעהן. טראַמווייען, אויטאָבוסען אויף שינעס און טראָלאָבוסען מיט אויטאָמאָבילען פאַרפּלייצען די שטאָט, בייטאָג מאַכט מאָסקווע אַן אויסערגעוויינליכען איינדרוק, בעת אין די אָוונטען איז די שטאָט אָרים באַלויכטען.

פון מאָסקווע האָט אונז גענומען 17 טעג רייזע מיט דער באַן קיין וולאַדי־וואָסטאָק, מיר זיינען פאַרבייגעפאָהרען אירקוטסק, בירא בידזשאַן, די אוראַל־בערג, נאָוואָיאַ־סימבירסק און נאָך פיל ישובים.

דער ניי געבויעטער וואָקזאַל אין נאָוואָיאַ סימבירסק האָט אויף אַלעמען גע־מאַכט אַן אויסערגעוויינליכען רושם.

אויף דעם גאַנצען וועג פון דער באַן ליניע האָבען מיר געזעהן ישובים און פון יעדען ישוב האָבען זיך געוואָרפען אין די אויגען גרינע קירכען־קופּאָלען מיט צלמים.

אויף פיל באַן סטאַנציעס אין בירא־בידזשאַנער געגענט האָבען מיר אָנגע־טראָפען אויף שילדען מיט אידישע אויפשריפטען וואָס האָבען באַצייכענט דעם נאָמען פון דער סטאַנציע.

אויף קיין איינער פון די באַן סטאַנציעס איז אין די בופעטען ניט געווען קיין ברויט צו קויפען.

פאָרענדיג איבער סיביר האָב איך זיך דערמאָנט אין א בוך „סיביר אהן טרע־רען‟, געשריבען פון דעם פוילישען אָפיצער לעפּעצקי, דער דאָזיגער אָפיצער איז, אויב איך האָב קיין טעות ניט, געווען פּילסודסקים פּערזענליכער אַדיוטאַנט און האָט אין די לעצטע יאָרען פאַר דער מלחמה באַזוכט סיביר. אין יענעם בוך באַ־שרייבט ער די ריזיגע קולטורעלע און אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פון סיביר פאַר די לעצטע פאַר צענדלינג יאָר אונטער סאָוועטישער הערשאַפט.

וויסענדיג אַז מיטן נאָמען סיביר איז פאַרבונדען די געשיכטע פון רוסישער מאַרטירלאָגיע אונטערן צאַר — איז געווען אַנגענעם צו זעהן אידישע אויפ־שריפטען אויף די באַן סטאַנציעס, דאָס האַרץ האָט אָנגעקוואָלען באַטראַכטענדיג די עלעקטריפיקאַציע און די ריזיגע צאָל קוימענס פון פאַבריקען וואָס האָבען גע־רויכערט איבער דער גאָרער לענג פון דער באַן ליניע.

פון וולאַדיוואָסטאָק זענען מיר געפאָרען מיט דער שיף קיין יאַפּאַן. מיר זענען אין א שבת נאָכמיטאָג אָנגעקומען צום יאַפּאַנעזישען פּאָרט צירוגאַ וואו פאַר־שטייער פון דעם פּליטים קאָמיטעט אין קאָבאַ האָבען אונז אָפּגעוואַרט און זעהר וואַרים אויפגענומען.

מיין האַרץ האָט אויפגעצאַפּעלט פון שמחה און טרערען האָבען זיך מיר געשטעלט אין די אויגען קוקענדיג אויף די פאַרשטעהער פון דעם פּליטים קאָמיטעט און דאָס ערשטע וואָס מיר איז געקומען אויפ'ן געדאַנק איז: „מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ?‟

אומעטום איבער אלע עקען וועלט איז פאראן א שארית הפליטה פון דעם עם ישראל וואס איז מפוזר ומפורד בין העמים, ווייל אזוי איז דער הייליגער רצון פון דער השגחה עליונה: אויך דא אין אזיאטישען יאפאן איז דא א קליינער אידישער קבוץ פון אייראפעאישע און ספרדישע אידען וואס די השגחה האט איהם אהער פארווארפען בכדי ער זאל, אין אן „עת צרה ליעקב" אויסשטרעקען א ברודערליכע האנט פון הילף און רעטונג, פון חסד און רחמים צו זיינע געיאגטע און געפלאגטע ברידער־אידען.

אויך אהער קיין יאפאן האט די השגחה צוגעשטעלט א אידישען קיבוץ וואס האט אפגעראטעוועט איבער 2000 אידען פון נאצישע העגט, אויך דא זענען פאראן אידען וואס זיינען מקדש דאס לאנד בקדושת ישראל!

צוליב שבת זיינען מיר געבליבעןביים פארט און מיר האבען די שטאט צי־רוגא כמעט ניט אנגעזעהען אין די אויגען. וואס עס האט זיך אונז יא שטארק געווארפען אין די אויגען איז — געזעמלען יאפאנעזער, מענער און פרויען אנגע־טאן אין קימאנאס מיט האנדטוכער פארווארפען איבער די אקסלען.

איך האב זיך נאכגעפרעגט ביי איינעם פון די פארשטעהער פון פליטים קאמי־טעט וואוהין זיי שפאנען דאס אזוי „דעמאנסטראטיוו", האט ער מיר געענטפערט: „אין באד אריין".

מוצאי שבת האבען מיר, אין דער באגלייטונג פון די פארשטייער פון קאבע'ר הילפס־קאמיטעט, זיך אויפגעזעצט אויף דער באן וועלכע האט אונז בשלום גע־בראכט קיין קאבע וואו מיר האבען זיך אויפגעהאלטען פאר א משך פון ניין חדשים.

נאך 9 חדשים וואס מיר האבען פארבראכט אין קאבע האט אונז די יאפאנע־זישע רעגירונג אויסגעוויזען קיין שאנכאי פונוואנען מיר זענען, מיט דער הילף פון דער „פעדעראציע פון פוילישע אידען" אין מאנטרעאל, געקומען קיין קאנאדע.

# דער יאַפּאַנישער פּראָפעסאָר אברם קוצווו

רעדענדיג וועגען יאַפּאַן קאָן איך זיך נישט אָפּהאַלטען פון שרייבען אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם יאַפּאַנישען פּראָפעסאָר קוצווו.

ווען מיר זיינען אַנגעקומען קיין יאַפּאַן, אין אַ פרעמד לאַנד, מיט אַ פרעמדער שפּראַך און אַ פרעמדען לעבענס־שטייגער האָבען מיר דאָרטען אַנגעטראָפען אויף אַ וואַרימען פריינד, אַ פריינד פון אידען און אַ פריינד פון תורה.

ער האָט אונז אַרויסגעוויזען גרויס ליבע און פאַרעהרונג, געטאָהן אַלץ וואָס אין זיינע מעגליכקייטען אונז צו העלפען, און איהם צו פאַרדאַנקען איז יאַפּאַן פאַר אונז געוואָרען פיל היימישער ווי מיר האָבען זיך עס פריהער געקאָנט פאָרשטעלען.

אברם קוצווו, פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אין דעם אוניווערזיטעט פון טאָקיאָ, האָט ביי דער יאַפּאַנישער רעגירונג אויסגעווירקט אַ דערלויבעניש צייטווייליג צו דערעפענען אַ ישיבה פאַר די לומדים פליטים.

צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון יאַפּאַן האָבען אין קאָבע און אין שאַנכאַי פונקציאָנירט ישיבות.

מיין חבר, הרב ר' אברהם־מרדכי הערשבערג, איז פערזענליך זעהר נאָהענט באַפריינדעט געוואָרען מיט'ן חשוב'ען וויסענשאַפטסמאַן קוצווו, און איידער מיר האָבען פאַרלאָזט יאַפּאַן, האָט דער פּראָפעסאָר איהם אונטערגעטראָגען אַ זעהר ווערטהפולע מתנה — אַ ספר וואָס איז אַ מין העברעאישער לערן־בוך, פאַרפאַסט פון פּראָפעסאָר קוצווו.

דאָס ספר איז געדרוקט אין העברעאיש און יאַפּאַנעזיש אין דער איינציגער העברעאישער דרוקעריי אין יאַפּאַן וועלכע געהער טאַקע צום אוניווערזיטעט פון טאָקיאָ, צום טעאָלאָגישען דעפּאַרטמענט פון פּראָפעסאָר קוצווו. עס איז אַ טעקסט בוך פאַר יאַפּאַנעזישע סטודענטען.

פּראָפעסאָר קוצווו איז אַזוי געווען פאַרליבט אין דער העברעאישער שפּראַך אַז ער האָט געגרינדעט אַ „תרבות עברית" ספּעציעל פאַר יאַפּאַנעזער, זיי זאָלען שטודירען און פאַרשטעהן די העברעאישע שפּראַך.

פאַר אַט דעם צוועק האָט ער אויך געהאַט זיין אייגענעם ספּעציעלען אינס־טיטוט אין קאַמאַקורא וואו ער האָט געלערנט מיט יאַפּאַנעזער טעאָלאָגיע אין העב־רעאיש, די ביבל אין אָריגינאַל.

„...איהר, לומדים־פליטים האָט פאַר זיך אַ גרויסע שליחות, איהר דאַרפט ראַטעווען די תורה פון פייער און זי טראָגען וואו עס זאָל נישט זיין. עס מאַכט נישט אויס אין וועלכען פאַרוואָרפענעם ווינקעל דער פליטים־וועג וועט אייך ברענגען: אויף אַ פאַרוואָרפענעם אינזעל אין אַזיע, אַפריקע, אָדער ערגעץ אין אַ קאָלאָניע פון זיד־אַמעריקע — אַהין וועט איהר ברענגען די תורה און איינפלאַנצען אַ אידיש לעבען".

אַזוי האָט דער פּראָפעסאָר געזאָגט צו די תלמידים פון די ישיבות, בעת מיר



פראפעסאר קוצוזו פאטאגראפירט מיט הרב הערשבערג

האבען איהם באעהרט מיט א באנקעט, אויס אנערקענונג פאר זיינע לייסטונגען צו די אידישע פליטים בכלל און באזונדערס פאר זיין ווארימען אינטערעס אין די לומדים.

פּראָפעסאָר קוצווז האָט ווירקליך געהאָלפען מיט זיין איינפלוס אויף די יאַפּאַ־נישע אויטאָריטעטען אַז זיי זאָלען זיין ליבעראַל מיט טראַנזיט־וויזעס צו די פּליטים און נישט זיין שטרענג צו די פּליטים וועלכע מוזען פאַרבלייבען לענגער אין לאַנד.

אין קאָבע האָבען מיר געהאַט צו טאָהן מיט'ן אידישען קאָמיטעט „יעווקאָם", דאָס איז אַ קאָמיטעט געגרינדעט פון קאָבע'ר בעלי־בתים מיט דעם ציל צו שטיצען די דורכפאָהרענדיגע פּליטים. טאַקע דאָרטען אין „יעווקאָם" איז פאָרגעקומען אונ־זער ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דעם פּראָפעסאָר קוצווז. מיט הרב הערשבערג איז ער אַזוי אינטים באַפריינדעט געוואָרען אַז ער האָט איהם געלאַדען צו זיך אַהיים, האָט מיט איהם געמאַכט לאַנגע שפּאַצירען און האָט זיך מיט איהם פאָטאָגראַפירט אויף איין בילד.

אין „יעווקאָם" זיינען מיר געוואויר געוואָרען אַז נאָך איידער מיר זיינען גע־קומען קיין יאַפּאַן האָט פּראָפעסאָר קוצווז, אויף דער איניציאַטיווע פון די קאָבע'ר בעלי־בתים, זיך משתדל געווען ביי די יאַפּאַנעזישע אויטאָריטעטען אַז זיי זאָלען דערלויבען טראַנזיט־וויזעס פאַר די פּליטים, די טראַנזיט־וויזעס זיינען געווען פאַר אַ קורצען טערמין — 10 טעג. די פּליטים האָבען געמוזט פאַרבלייבען לענגער און פּראָפעסאָר קוצווז האָט אַנגעווענדעט זיין איינפלוס אויף די יאַפּאַנעזישע אויטאָרי־טעטען אַז זיי זאָלען פאַרלענגערען דעם טערמין.

אויף אונזער שיף האָבען זיך געפונען 72 פּליטים וואָס האָבען נישט געהאַט קיין וויזעס קיין קוראַסאַ, האָלענדיש אינדיע, און די יאַפּאַנעזישע אויטאָריטעטען האָבען זיי דערפאַר צוריקגעשיקט קיין וולאַדיוואָסטאָק. דער „יעווקאָם" האָט זיך געווענדעט צו פּראָפעסאָר קוצווז און ער האָט רעאַגירט אויף דער בקשה פון „יעווו־קאָם": ער האָט זיך משתדל געווען לטובת די פּליטים און האָט אויסגע'פּועל'ט אַ דערלויבעניש פאַר זייער אַריינקום אין לאַנד.

אַפילו די דייטשע ראַדיאָ האָט רעאַגירט אויף דעם וואָס די פליכטלינגען זיינען צוריקגעשיקט געוואָרען פון צירוגאַ קיין וולאַדיוואָסטאָק, זי האָט געמאָלדען אַז נישט רוסלאַנד און נישט יאַפּאַן זיינען גערן צו האָבען ביי זיך אין לאַנד אַזוינע עלעמענטען וואָס דאָס דריטע רייך האָט „עראויסגעשמיסען".

פּראָפעסער קוצווז האָט מיט זיין האַנדלונג דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים דעם דריטען רייך.

די ישיבות האָבען איינגעלאַדען פּראָפעסאָר קוצווז פאַר אַ באַזוך, ער האָט אויסגעדריקט אַנערקענונג פאַר דעם אופן פון לערנען, אָבער איין זאַך, — האָט ער געזאָגט, איז איהם אומפאַרשטענדליך — דאָס שאָקלען מיט דעם קאָפּ ביים לערנען.

— איך פאַרשטיי נישט — האָט ער גע'טענה'ט — ווי אַזוי מען קאָן קאָנ־צענטרירען די געדאַנקען שאָקלענדיג מיט דעם קאָפּ.

הרב הערשבערג האָט מיר איבערגעגעבען דעם אינהאַלט פון זיינעם אַ גע־שפּרעך מיט דעם פּראָפעסאָר. הרב הערשבערג האָט איהם געפרעגט וואָס איז זיין מיינונג וועגען דער השערה אַז די יאַפּאַנעזער שטאַמען פון די עשרת השבטים, זיין ענטפער איז געווען:

— „וויסענשאַפטליך איז עס נישט באַגרינדעט, אָבער עס איז מעגליך אַז מיט הונדערטער יאָהרען האָבען קיין יאַפּאַן איינגעוואַנדערט אָריענטאַלישע אידען

§ 11. 41

退けるのは强喉音であるから. § 14. 1. b. ㈩ שׁ の點は, Šin の符と省略長母音と, 兩方を兼ねてゐる. ㈠ 語尾 ך には空點（默音）を附けるのが常である. ㈡ ׃ は סוֹף פָּסוּק ֽ は皇帝級アクセント, סִלּוּק.

意譯 1[4] 而して, 神, 光を善しと見給へり（し給へり. 是認し給へり.）. 而して, 神は光と闇との間に限堺を置き給へり.

譯 אֱלֹהִים 神(主語) אֶת־הָאוֹר 光を כִּי־טוֹב 善しと וַיַּרְא 見給へり. ו׳…אֱלֹהִים 而して神 בֵּין הָאוֹר וּבֵין הַחֹשֶׁךְ 光と闇とを וַיַּבְדֵּל 分ち給へり.

創 世 記 1[5]

וַיִּקְרָא אֱלֹהִים לָאוֹר יוֹם וְלַחֹשֶׁךְ קָרָא לָיְלָה וַיְהִי־עֶרֶב
וַיְהִי־בֹקֶר יוֹם אֶחָד׃

詞に於ては, 語尾の音を整へる爲に附けられるものであつて, 意味に變りはなく, 特に, 詩に於て屢々用ひられる. アクセントは原形によつて定める.

延長 Hē 名詞のアクセント

| 原 形 | 延 長 Hē | 誤 | |
|---|---|---|---|
| אֵל 是等 | אֵלֶּה | אֵלֶּה, אֵלֶּה* | 創 2[4] |
| לַיִל 夜 | לַיְלָה | לַיְלָה | 創 1[5] |
| יְשׁוּעָה 救 | יְשׁוּעָתָה | יְשׁוּעָתָה | 詩 3[3] 詩 80[3] |
| עֶזְרָה 助 | עֶזְרָתָה | עֶזְרָתָה | 詩 44[27] |

* § 10. 4.

注意 動詞の延長 Hē は別な定則に從ふ.

א בלעטעל פון פראפעסאר קוצווז׳ס העברעאישען בוך מיט דערקלערונגען אין יאפאנעזיש

פון פערסיע, אינדיע און אַנדערע לענדער און זיי האבען זיך אַסימילירט צווישען די יאפאנער.

„די רעליגיע פון די העברעער שיכטען אין יאַפּאַן — האָט דער פּראָפעסאָר גע־זאָגט — איז געקנופּט און געבונדען מיט אַ פילאָזאָפישען מיסטיציזם וואָס איז ענליך צו דער אידישער רעליגיעזער פילאָזאָפיע“.

אויף דעם העברעאיש־יאַפּאַנעזישען בוך וואָס פּראָפעסאָר קוצווו האָט געגעבען אַ מתנה צו הרב הערשבערג האָט ער זיך אונטערגעשריבען „אברם קוצווו“.

הרב הערשבערג האָט איהם געפרעגט פאַרוואָס ער שרייבט זיך אונטער „אברם“ אנשטאט „אברהם“, דער פּראָפעסאָר האָט געענטפערט:

— אונזער עלטער זיידע האָט זיך אנגעהויבען רופען „אברהם“ ערשט נאָכ־דעם ווי ער האָט זיך מל געווען.

הרב הערשבערג האָט איהם געשטעלט די אינטימע פראַגע פאַרוואָס ער איז זיך נישט מגייר.

— איך קאַן מעהר אויפטאָהן פאַר אידען פיגורירענדיג אַלס עכטער יאַפּאַנער ווי ווען איך וואָלט אָפיציעל אַנגענומען אידישקייט — האָט דער פּראָפעסאָר גע־ענטפערט.

* * *

ווען איך בין געקומען קיין קאַנאַדע בין איך פון די היגע צייטונגען געוואויר געוואָרען אַז פּראָפעסאָר קוצווו איז דערמאָרדעט געוואָרען.

מיין השערה איז, אַז אדער נאַצי־אַגענטען, אדער יאַפּאַנעזישע מיליטאַריסטען האָבען איהם אָפּגעראַמט פון וועג.

ת׳׳נ׳׳צ׳׳ב׳׳ה.

(סוף)

מאָנטרעאַל, קאַנאַדע 1944.

# ואלה יעמדו על הברכה

פאָלגענדע מנדבים האָבען בּייגעשטייערט לטובת דער אויסגאַבּע פון דעם דאָזיגען בּוך און עס ווערט זיי אויסגעדריקט אַ גרויסער יישר כח:

אלכסנדר סנדר גרינפעלד
אברהם וויינטרויב
אברהם ראַבּינאָוויטש
אברהם-יצחק ראָסס
אהרן וואָלאָפּסקי
א. שטיין
אפרים סמיט
נחום-אַנשעל פּעיר
בּרוך-מאיר גאָלדשטיין
בּרוך טענענבּוים
גדלי׳ סאָלאָמאָן
דוד-הירש וויינבּערג
דוד ליפּער
דניאל סעראַט
דוד מינדלין
ה. אַקסעלראָד
ה. טייטעלמאַן
זאב שעכטער
זאב מאַנדעלזים
זאב ליטוואַק
חיים בּער
יהודא-ליב גערווירץ
יצחק דאָלפּען
יצחק קראַמינער
יהודא וויזענפעלד
יעקב-שמחה ריטשלער
יהושע ראָשקעס
ישעי׳ גאָלדבּערג

יוסף זימאַן
יוסף ציטרענבּוים
יחזקאל שוגאַר
יעקב שעכטער
ליפּה בּערסאַן
ל. שיף
ל. גאָלדפּיין
ל. קאָהן
משה אַמסעל
משה ראָטמאַן, אָטאַווא
מרדכי ראָטמאַן, אָטאַווא
מאיר עדעלשטיין
מאיר-ליב קאַפּלאַן
משה קופּערבּערג
מענדעל מינץ
מרדכי-ניסן הערצאָג
נתן אַמסעל
ס. ראָהליק
פּסח רייכער
פּ. ארלין
פּירלעס קלאָדהינג
צבי העלער
שלמה אַמסעל
שלמה וויזער
שלמה שיפּף
שמואל הארטשטיין
שמואל סילווער

אַ בּאַזונדערען דאַנק דריק איך אוים צו מר. אברהם וויינטרויב פון דער פירמע „האַנטינגדאָן וואולען מילס״ סיי פאַר דער פינאַנציעלער, סיי פאַר דער מאָראַלישער שטיצע, וואָס ער האָט אויף אַ זעהר בּכבוד׳יגען אופן בּייגעטראָגען לטובת דער דאָזיגער אויסגאַבּע.

**דער מחבר**

# אינהאַלט

# דרוקפעלערן

| זייט | שורה | אפגעדרוקט | באדארף זיין |
|---|---|---|---|
| 1 | 8 | ער | על |
| 21 | 20 | אויסגערעכענט | אויסרעכענען |
| 23 | לעצטע שורה | פוירים | פויערים |
| 26 | 19 | נרנה" | נרננה" |
| 27 | 21 | נערוועז" | „נערוועז" |
| 28 | 1 | „יעקב | „יעקע |
| 36 | 19 | הא | האָט |
| 36 | 19 | טמען | מען |
| 40 | 12 | ווג | וועג |
| 41 | 7 | דער | דעם |
| 41 | 38 | געפרגט | געפרעגט |
| 45 | 5 | אונטערשרטאַכן | אונטערשטראַכן |
| 48 | 1 | אריימנמארש | ארייננמארש |
| 53 | 15 | צדוק | צידוק |
| 95 | 38 | געטאָן | טאָן |
| 100 | 30 | מארדע | מאָרדע" |
| 157 | 13 | לויפט | לופט |
| 158 | 37 | אהר | אָהן |
| 174 | 2 | אהיר | איהר |
| 186 | 8 | מיד | מיר |
| 196 | 27 | וו | ווי |
| 203 | 12 | אך | איך |
| 226 | 29 | דינער | דונער |
| 247 | לעצטע שורה | יאָהרען האָבען | יאָהרען צוריק האָבען |